ערנסט געאָרגי.

# פריילײַן מוטער

## ראָמאַן

איבערזעצט אויס דעם דײַטשען.



ווארשא. פערלאג „פראגרעס". נוי־יאָרק.

ФРЕЙЛЕЙНЪ-МУТЭРЪ. Романъ Э. Георгій.
Тип. Б. Турша, Св. Георгія 34.

ערנסט געארגי.

# פְרַײלַײן מוּטֶער.

רָאמַאן, אִיבֶּערזֶעצט פוּן דַײטשישעו.

---

## 1־טעס קאפיטעל.

אָ ט ט אָ ־ פ אָ ן ־ ק אַ נ ט ה אַ ג עֶ ן אִיז גֶעזֶעסֶען בַּײם שרַײבּטִיש אוּן גֶעשרִיבֶּען. זַײן פֶעדֶער אִיז גֶעפלוֹיגֶען אִיבֶּער'ן פַּאפִּיר. אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען מִיט דער גַאנצֶער אוֹיפמֶערקזַאמקַײט דער אַרבַּײט, האָט עֶר נִישט בֶּעמֶערקט ווִי זַײן צִיגַאר ווערט אוֹיסגֶעבּרֶענט אוּן פֶערשפרַײט אַן אוּנאַנגֶענֶעהמֶען גֶערוּך. עֶר האָט אוֹיך גאָר נִישט גֶעקוּקט אוֹיף זַײן פרַײנד, ווֶעלכֶער האָט זִיך בֶּעקוועֶהם גֶעמַאכט אוֹיפ'ן דִיוואַן. א ו י ג ע ן ־ פ אָ ן ־ ר אָ ד עֶ ק האָט צוּערשט גֶעלֶעזֶען אִין „בּ־לִינֶען זשוּרנַאל", דערנאָך האָט עֶר אַדוּרכגֶעבּלֶעטֶערט אֵײן בַּאנד פוּן דִי מִילִיטֶערִישֶע הוּמאָרֶעסקֶען אוּן צוּלֶעצט האָט עֶר לִיגֶענדִיג פראָבִּירט צוּ מַאכֶען רֶעדֶער מִיט'ן רוֹיך פוּן זַײן צִיגַאר. ווען דאָס אִיז אִיהם נִישט גֶעלוּנגֶען, האָט עֶר זִיך פֶערדרִיסלִיך אוֹיפגֶעזֶעצט, אוֹיפגֶענוּמֶען דִי אַלֶע ווַײכֶע קִישֶענס וואָס זֶענֶען אַרוּם אִיהם גֶעלֶעגֶען, גֶעפַּאקט זֵײ אִין אֵײן קוּפֶּע, אָנשפַּארֶענדִיג זִיך מִיט'ן רוּקֶען אָן דער וואַנד אוּן מִיט'ן לִינקֶען עֶלֶענבּוֹיגֶען אוֹיפ'ן דִיוואַן, אוּן אוֹיסגֶעלֶעגט זֵײ אִין אַזאַ אַרט, אַז עֶר האָט זִיך שוֹין גֶעקֶענט אָנשפַּארֶען אָן זֵײ אוּן האָבֶּען אַ בֶּעקוועֶהמֶע, האַלבּ־זִיצֶענדִיגֶע לַאגֶע. בַּאלד האָט עֶר זִיך ווִידֶער גֶענוּמֶען צוּ זַײן פּראָבֶּע, אוּן שוֹין מִיט מֶעהר עֶרפאָלג. גַאנץ גֶעשווִינד אָבֶּער האָבֶּען זִיך דִי קוּנסטשטִיקלֶעך צוּגֶעגֶעסֶען. עֶר האָט אָנגֶעהוֹיבֶּען מִיט אִינטֶערֶעס בֶּעקוּקֶען אוֹיף דער וואַנד דִי בִּילדֶער, ווֶעלכֶע עֶר האָט שוֹין הוּנדֶערט מאָל אָנגֶעקוּקט אוּן גֶעזֶעהֶן, אוּן פֶערווַײלט זִיך דֶערמִיט אַ פּאָר מִינוּטֶען.

— „בִּיזט דוּ שוֹין אֵײגֶענטלִיך אִין פִּיזַא גֶעווֶען, אָטטאָ?" — האָט עֶר גֶעפרֶעגט הוֹיך דעם שרַײבֶּענדֶען. — „יאָ!" — האָט אָבּגֶעקוּרצט דער ענטפֶער; אָבֶּער דער „יאָ" אִיז גֶעווֶען אַזוֹי צוּשטרַײט גֶעזאָגט, אַז עֶר האָט גֶעצווַײפֶעלט צִי דאָס אִיז אֶמת. — „ווען בִּיזט דוּ אֵײגֶענטלִיך גֶעווֶען אִין פִּיזַא?" — האָט עֶר אִיהם גֶעפרֶעגט נאָך אַ מאָל. יעֶצט האָט דער אַנדֶערֶער

אויפגעהויבען די אויגען און האָט געקוקט, אַ שטייגער ווי ער וואָלט זיך געוואָלט צוריק אין דער געגענוואַרט אַריינברענגען. ער האָט גענומען די ציגאַר, האָט אַ פּאָר ציה געטהון און געזאָגט לאַנגזאַם, נישט אומדרעהענדיג זיך: „אין פּיזאַ? פּיזאַ? —, אַזוי, די בילדער! איך בין דאָרט געווען מיט מיינע פּענסיאָנס־עלטערן צוזאַמען מיט אַנדערע פּענסיאָנערען, נאָך אין די נידריגערע שול־קלאַסען. — „דעמאָלט האָט דיין פאָטער נאָך געלד געהאַט?" — „יאָ, עס איז געווען פאַר דעם גרויסען קראַך!" — „האָסט דו פיעל רייזען געמאַכט?" — „ליעבער אויגען, איך בין אין צעהן מינוטען פערטיג! ענטשולדיג מיר, איך בעט דיך, נאָך די קורצע צייט! דאָ ליגען ביכער, צייטונגען" — „גוט, אַלטער פריינד, איך ווער שטום; אָבער היט זיך, ווען דאָס זאָל לענגער ווי צעהן מינוטען דויערן! שוין איבער אַ שעה ווי איך זיץ דאָ. אָדער, זאָג אָפען, איז דיר ליעבער, איך זאָל אַן אַנדערש מאָל אַריינקומען?" — „ניין, איך בין דאָך שוין באַלד פאַרטיג, זיי נישט אַזוי אונגעדולדיג".

דער אַנטשוויגענער האָט זיך ווידער אין דער לענג אויסגעצויגען, מיט אַרונטערגעלעגטע הענד אונטערן קאָפּ און האָט געקוקט אין דער לופט. ענדליך איז דער פריינד פערטיג געוואָרען. גענוי דורכגעליינט דעם גרויסען בויגען, האָט ער איהם צוזאַמענגעלעגט און אַריינגערוקט אין אַן אַקטען־קאָנווערט. שנעל האָט ער אָנגעשריבען דעם אַדרעס און אָנגעקלונגען. נאָך אַ שוואַך אָנקלאַפּען אָן דער טהיר איז אין צימער אַריינגעקומען דער דינער געקליידעט אין אַ טאַבאַק־פאַרביגע ליוועריע: „דער הערר באַראָן בעפעהלט?" — האָט ער געזאָגט מיט עניוות, האַלטענדיג די הענד ביי דער הויזען־נאָט און דעם נאַקען אונטערטעניג און אויפמערקזאַם אָן אַ זייט, צום טיש צו, פערבויגען. „דאָס זאָלסטו זאָפאָרט אָבטראָגען אַהין; אָבער דו וועסט נור זיין עקסעלענץ פערזענליך איבערגעבען; פערשטאַנען? זאָג מיין נאָמען, הייס דיך מעלדען, און מען וועט דיך אַריינלאָזען! ווי באַלד דו קומסט צוריק מעלדסט דו זיך דאָ ביי מיר! און יעצט געגאַנגען!" — „זעהר גוט, הערר באַראָן!" ער האָט שוין געוואָלט אַרויסגעהן האָט ער זיך נאָך אומגעדרעהט אין דער טהיר: „דרויסען איז אַ בריעף פאַר'ן הערר באַראָן אָנגעקומען. זאָל איך איהם נאָך פריהער אַריינברענגען?" — „געוויס! איז די פּאָסט שוין דאָ געווען?" — „ניין, הערר באַראָן נור אַ משרת פון האָטעל איז דאָ געווען?" — „אַזוי? נו, אַלזאָ ברענג איהם!" —

„ברר! פון האָטעל, דאָס הייסט אַ בעזוך פון דער פרעמד! פיעלייכט מיינע טייערע אָנגעהעריגע, זעהר אונגעשיקט!" — האָט געזאָגט אָטטאָ

לאַבענדיג און זיך געוואָרפען אין שאָקעל־שטוהל, וועלכער איז בײַם רויכטיש פאַר'ן גרויסען דיוואַן געשטאַנען. ער האָט אַ וואָרף געטהון דאָס געבליבענע שטיקעל ציגאַר אין אַש־בעכער, אָנגעצונדען זיך אַן אַנדערע ציגאַר און זיך גענומען געמיטליך וויגען אויפ'ן שטוהל. דער דיענער האָט אַרײַנגעטראָגען אויף אַ טאַץ דעם בריעף, דערלאַנגט איהם זײַן הערר און פערשוואונדען אָהן לשון, אָהן אַ קלאַנג פון אַ וואָרט צו לאָזען הערען.

קאַנטהאַגען האָט געדרעהט די קאָנווערט אַהין און אַהער. זײַן פרײַנד האָט זיך אויפגעזעצט אָנגעקוקט נײַגיריג: „אויס דער „שטאָדט לאָנדאָן“! — פראָסט און רעגען, ווער קאָן דאָס זײַן? דײַנע מענשען וואהנען דאָך שטענדיג בײַם קעניג פון פרײַסען!“ — „נײן, די זענען זײ טאַקי נישט! אָבער די שריפט קען איך, זי קומט מיר אַזוי בעקאַנט פאָר!“ האָט געזאָגט אָטטאָ אײַנגעהאַלטען און טראַכטענדיג.

— „מאַך־אויף און די רעטעניש וועט זיך לעזען“ — האָט געזאָגט ראָדעק לאַבענדיג. קאַנטהאַגען האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען פון שרײַבטיש אַ בריעף־מעסער. „מענש, ביזט דו אָרענטליך, איך וואָלט שוין דאָס לאַנג געהאַט אויפגעריסען. ביזט דו נישט אַן עקשן?“ — „נײן, גראָד אומגעקעהרט! ווען דאָס האַרץ זאָגט עפּיס, ווי איך לעב, מיר קומט פאָר ווי דער בריעף וואָלט מיר נישט עפּיס גוטעס געבראַכט!“ — און ער האָט נאָך אַלץ געוואַרט און נישט געעפענט דעם בריעף. „האָסט דו אַלזאָ שלעכטעס אויפ'ן געוויסען!“ — „איך ווייס נישט! איך — אַ חתן? פע, דאָס קינד — קײן מלאך איז נישט אַזוי רײן!“ — „געוויס, עס וואָלט ערשט געמוזט האָבען געוואַקסען! אַללאָנס, לאַנגער, דײַן געוועהלטער שפּרוך איז דאָך שטענדיג געווען: געגאַנגען און אַרײַן!“

אָטטאָ האָט דערווײַל דעם בריעף געעפענט און דורך־געלאָפען איהם מיט בליקען: „גרויסער הימעל!“ — האָט ער אויסגעשריגען קלעגליך און געפאַלען אויף אַ שטוהל. טויט־בלאַס איז ער געוואָרען. אויגען־פאָן־ראָדעק איז אויפגעשפּרונגען און שנעל צו איהם צוגעלאָפען — „אָטטאָ, אָטטאָ, וואָס איז דאָס?“ — אָבער ער האָט זײַנע ליפען פעסט צוזאַמען־געביסען. זײַנע אויגען האָבען געקוקט וויסט אין די לופט. „וואָס איז דיר? ליעבער פרײַנד, וואָס האָסט דו? דו האָסט דאָך קײנעם נישט טויט־געשלאָגען! האָסט דו שולדען?“ — דער געפרעגטער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף נײן. „איז דאָס עפּיס אַזוי אַ בייזער גײַסט פון דער פערגאַנגענהײט? זאָג מיר עס, אָטטאָ, דו ווייסט, אַז איך בין דײַן טרײַעסטער, דײַן בעסטער פרײַנד!“ — האָט אויגען פערקלעמט געבעטען און געשטויסען

איהם פאַר'ן אַקסעל. אָטטאָ האָט איהם פאָרשענדיג און צודרינגליך אָנגעקוקט און דערנאָך האָט ער איהם געגעבען דעם בריעף: „נאַ, לייען אַליין!"

אויגען נעמט דעם בויגען, וועלכער האָט מאַקי פון האָטעל געשטאַמט, ווי די געדרוקטע אויפשריפט האָט עס בעצייכענט. „אַ דאַמען־האַנדשריפט!" — האָט ער געזאָגט און געלייענט הויך: „אויף דער דורכרייזע בין איך געצוואונגען אין דער שטאָדט אַ פּאָר טעג צו פערבלייבען. איך בין דאָ מיט מיין קינד. אויב דיך פעראינטערעסירט צו זעהן דאָס יונגעל, דיין זוהן, וועגען דער געבורט פון וועלכען איך האָב דיר מיט אַ יאָהר צוריק מיטגעטיילט, וויל איך דיר נישט קיין זאַך אין וועג שטעלען. פון דריי דעם זייגער איז די ווערטערין מיט'ן קליינעם אָטטאָ אין האָטעל, צימער 40, ערשטער שטאָק. זי האָט שוין אַ בעפעהל און וועט דיר דאָס קינד ווייזען. פון מיין זייט האָסט דו גאָר נישט צו שרעקען, נישט קיין דרינגענדע פערלאַנגען און זיכער קיינע אַטענטאַטען. אויך יעדע פאָדערונג אויף דיין פערזאָן אָדער אויף דיין קאַסע איז אויסגעשלאָסען. דאָס קינד געהער נור מיר, נור ווייל איך האַלט דאָס פאַר מיין חוב, אַז זיין פאָטער זאָל עס זעהן, דאַריבער בעקומסט דו דעם בריעף. אַננאַ זאַנדערס".

„עלענדער שווינדעל! אויספרעסונג!" — האָט ראָדעק אויסגעשריגען.

„ניין!" — „אַך וואָס? קענסט דו דען איבערהויפט די פערזאָן, איך האָב דאָך קיינמאָל איהר נאָמען נישט געהערט, קיינמאָל זי נישט געזעהן?!" „זי איז דאָ געווען! יאָ דאָ אין דער וואָהנונג!" — „אַך וואָס! ווען דען?" — „וואַרט — — — עס איז דעמאָלט אַ מיאוסער שלעכטער וועטער געווען. איך האָב שוין געראָזט הייצען, דען האַלט, איך ווייס עס, קורץ נאָך דעם האָט פרעדי חתונה געהאַט, יעצט ווייס איך אפילו די דאַטע! פאַר־אַ יאָהרען נאָוועמבער!" „אין לעצטען נאָוועמבער אַלזאָ?" — „ניין, דעם נאָוועמבער איז געוואָרען אַ יאָהר!" אויגען האָט געקוקט אין בריעף און געציילט נאָך אויף די פינגער: „שרעכט! דאָס קאָן שטימען!"

„עס שטימט!" — האָט געזאָגט קאַנטהאַגען שווער.

ראָדעקען האָט עס אויפגערעגט: „אַזוי? דו ווייסט אַלזאָ גענוי? זאַ דאָך נישט נאַריש, אָטטאָ, פאָטערשאַפט קאָן מען נישט בעווייזען! ווען מען זאָל באַלד אַלץ גלויבען, ווי גדליהו דער מאמין, צום טייוועל, קאָן מען קיינמאָל צו קיין רוה נישט קומען! דו ביזט דאָך אַזוי קיין בטלן נישט; לעכערליך! ווען יעדעס אַנגעלאָפענע פרויענצימער זאָל קומען און אונז איהרע יאַטעלעך אָנהענגען, דאָס וואָלט גאָר שען געווען! בעווייזט אַהער;

דו ווײסט דאָך נישט באַלד דאָס געוועהר אַוועקלעגען? דאָס גאַנצע איז אַן אויסגעצײַכענטער שווינדעל, דאָס איז אַ קלוג־אײַנגעפּעדעמטע דרוקעניש. לייען דאָך דאָס פּאַפּירעל נאָך אַ מאָל דורך!" — צאָרנדיג האָט ער געוואָרפען דעם בריעף אויפ'ן טיש און גענומען געהן איבערן צימער אַהין און אַהער.

אָטטאָ איז געבליבען זיצען ווי פריהער. אינגאַנצען האָט ער אויסגעוויזען ווי דערשלאָגען. ביי די ווערטער פון זײַן פרײַנד האָט ער נור געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ: „דאָ איז נישט קיין רעדע פון אַן אָנגעלאָפּען פרויענצימער!" — האָט ער געזאָגט ענערגיש. — „די אורטײַלס'ט אַזוי, נור וויל דו קאָנסט זי נישט!" — „לערן דו מיך נור ווײַבער קענען!" — „אָבער זי געהערט טאַקי נישט צו יענע ווײַבער!" — „פון וואַנען קאָנסט דו זי?" — „פון מײַן קינדהײַט אָן קאָן איך זי, זי איז מיט מיר צוזאַמען אויפגעצויגען, אַ שטרענג ערצויגענעס, הויך־געבילדעטעס, ערנסט מײַדעל!" — „אַזוי?" — ראָדעק האָט אויפגערעגט געלאַכט — „אָטטאָ, דו ביזט אײַנפאַך נאַאיוו! אײַזעל דו, אַ מײַדער מיט אַ זעלכע מעלות קומט טאַקי צו אַ מאַנספּערזאָן, צו אַן אָפיציר אין דער בודע!? די האָאר שטעלען זיך אויפ'ן קאָפּ! אַזוי נאַריש צו זײַן!" אָטטאָ האָט געענטפערט האַסטיג און איבערצײַגענדיג: „דאָט פּערשטעהסט דו נישט! משפּט נישט איבער זאַכען, וועלכע דו קאָנסט נישט דורכקוקען. זי האָט מיך געליעבט, דאָס דערצעהלט שוין אַלץ! זי האָט מיר אָנגעטרויט. דעם הימעל און די העלע האָב איך איבערגעקעהרט, ביז איך האָב זי צו דעם שריט געבראַכט!" — „און זי איז אַזוי גוט געוועזען און געוואָלט!" — האָט ראָדעק זיך שפּאָטיש געוויצעלט. — „יאָ!" — „האָסט דו דען זי געליעבט? איז זי געוועזען שען, רייצענד?" — „מיט איהר איז אַזוי פיעל פערקניפּט געוועזען. אויגען! איך האָב זי זעהר גערן געוואָלט, חאָטש זי איז נישט נאָך מײַן געשמאַק געוועזען, דורך איהר אויסערעס אויסזעהן. זי איז געוועזען לאַנג, שלאַנק, פערטיעפט אין זיך, אמת־פײַנע געזיכטס־ציגע, דאָס שמאָלע מויל — דער גלאַט־פּערקעמטער קאָפּ. אויפ'ן נאַקען אַ דיקער צאָפּ — עטוואָס געצײַכענטעס, אַלט־יונגעס! אָבער איך האָב זי געוואָלט — זי — איך האָב זי געאַכט — פיעלייכט — האָב איך זי אויך געליעבט, בעזונדער דערמאָלט ווען איך האָב אויף איהר פּערביסענעם ווידערשטאַנד געטראָפען! עס האָט מיך גערייצט, איך, וועלכער האָט איבעראַל געזיגט" —

„האָסט דו זי אַלזאָ געהאַט. זי האָט זיך געלאָזט איבערבעטען, האַהאַהאַ!" — „הער אויף צו לאַכען, עס מאַכט מיך פּערריקט! — דרײַ מאָל

איז זי דאָ געווען! איך האָב איהר אַ גי־הנם געמאַכט, אַלע מיטעל און קונצען צו הילף גענומען. בײַם דריטען מאָל האָט זי זיך מיר איבערגעגעבען, פול האַס און פערצווייפלונג. זי האָט נישט מעהר געקאָנט זעהן ווי איך האָב געליטען! מעהר האָב איך זי שוין נישט געזעהן, מיט צוויי וואָכען שפּעטער האָב איך זי שוין פּוסט געהאַט פערגעסען. דו ווייסט דאָך ווי ברודיג מיר מענער זענען אין די בעציהונגען! באַלד דאַרויף האָב איך זי פון מײַנע אויגען פערלוירען און נישט מעהר פון איהר געהערט! — — — יעצט שטעהט זי, שטעהען ווידער די דרײַ טעג מיר קלאָר פאַר די אויגען! איך לומפּ! — — וואָס האָט זי שוין געמוזט לײַדען! — — אָרעמע אַננאַ!" מיט בײדע הענד האָט ער פערשטעלט זיך דאָס געזיכט און געקלאָגט אין זיך.

„געה צום טײַוועל!" האָט אויסגערופען דער פרײַנד אומגעהעַנדיג — „איך האָב שוין דאָס לאַנג געזאָגט, מיט אַנשטענדיגע מײדלעך דאַרף מען זיך נישט אַרײַנלאָזען! עס זענען דאָך פאַרהאַן גענוג אַנדערע, בײַ וועלכע עס שלעפט זיך נישט נאָך קײן געפאַהר! דו ביזט נישט פאָרזיכטיג געווען, שרעקליך אונפאָרזיכטיג!" — אָטטאָ איז געבויגען געוואָרען. אין ראָרעק'ן האָט זיך אַ הײסע מיטלײַד דערוועקט: „נאָ!" — האָט ער געזאָגט טרײסטענדיג איהם — „אַ גליק וואָס אַזעלכע געשעפטען לאָזען זיך צורעכט מאַכען מיטגעלד! דײַן זעליגער שוויגערפאָטער..." — „זי נעמט קײן אײן פעניג נישט, דו קאָנסט זי נישט!" — „ווען עס דרעהט זיך אָבער דאָ אינצווישען אַ קינד? זי איז מוטער!" אָטטאָ בויגט זיך ווידער, ווי געטראָפען פון אַ שמיץ מיט אַ בײַטש.

„אַ פײַנער אָבשלום פון מײַנע יונגע יאָהרען! איך בין אײביג אַזוי זיכער געווען אין זיעג — און יעצט לויפט אין דער וועלט אַרום אַלעבענדיגעם אַנדענקען פון די ריטערמײַסטער יאָהרען. ווען רענאַ די כלה, זאָל דאָס וויסען!" — „צום גליק אָבער שפּירט זי דאָס יעצט נישט און וועט דאָס נישט דערפיהלען, ווען דו זאָלסט זיך נור יעצט צוזאַמענעמען! האַלט זיך. מײַן יונג, האַלט זיך! עס שטעקט צופיעל שטימונגס־מענש אין דיר; מיט דײַן גוט האַרץ און סענטימענטאַלער נײגונג וועסט דו נישט געהן ווײַטער, דאָס האָבען מיר דיר נאָך מיט יאָהרען צוריק בײַם שטאַמטיש געפרעדיגט! איבריגענס ווי קאָן דיך די אונגליקליכע געשיכטע אַזוי אויפרעגען, אָטטאָ? דו האָסט דאָך געוואוסט פון דעם קינד'ס געבורט?" — „איך? ווי פאַלט דיר דאָס אײַן?" — „זי שרײַבט עס דאָך דאָ, לײען!" —

(פאָרטזעצונג קומט)

עֶר האָט דערלאַנגט אָטטאָ דעם בריעף, וועלכען ער האָט נאָך־אַמאָל דורכגעלייענט און האָט זיך פערטראַכט: „יאָ, דעם שטאָך האָב איך גאָר איינגאַנצען דורכגעלאָזט! זי שרייבט, אַז זי האָט מיר וועגען דעם קינד'ס געבורט צו וויסען געטהון. איך האָב אַזאַ ידיעה קיינמאָל ניִשט דער־האַלטען! יענעם זומער בין איך נאָך אַזויפיעל אונטערוועגס געווען, די יאַגרען, געשעפטליכע דרעהענישען מיט קליינוואַלדבערג, דאָס מאַנעווער! —— אַ גאַנצע מענגע בריעף האָב איך דעמאָלט ניִשט דערהאַלטען. מיין שוועסטער האָט אויך אויף מיר געקלאָגט, אַז איך האָב איהר דעמאָלט אויף וויכטיגע בריעף ניִשט געענטפערט! מיין בעדיענטער, געדענקסט איהם נאָך, דער איז דאָס געווען אַ שטיק צרה'דיגער איזעל, ער האָט מיר געניג צרות אָנגעמאַכט!" —— ער איז אויפגעשפרונגען ווי אָהן אַ עצה, ניִשט ענטשלאָסען.

——„אויגען, רעד, וואָס זאָל איך טהון?" ——

דער געפרעגטער האָט זיך בעטראַכט. „יאָ, ליעבער אָטטאָ, מיר איז שווער דיר אַנ'עצה צו געבען! איך קען דאָך די זאַגדערם ניִשט! דו קאָנסט זי אַליין אורטיילען! איך וואָלט דיר דאָך געזאָגט, איגנאָריר איינגאַנצען דעם בריעף, גערה ניִשט אַהין און ענטפער גאָר ניִשט! —— —— —— אָבער פיעלייכט איז זי אַ פּראָוויענציִמער און קאָן דורך דעם צו ווילדע מעשים געטריבען ווערען און דו מוזט יעצט זעהן, דאָס אויסמיידען! סוף כל סוף ביזט דו פערלאָבט און זיצסט, ווי מען זאָגט, אין אַ גלעזערן־הויז! —— דאָס בעסטע וועט זיין, דו זאָלסט זיך מיט איהר דורכשמועסען און געפינען איהר שוואַכע זייט. מאַפ נור אָן איהרע פאָדערונגען וואָס זי האָט דיר צו שטעלען דען אַ זעלבע האָט זי דאָך גאַנץ זיכער, און דאַן פאַרטיגסט דו זי אָב! —— ווען דו ווילסט, גערה איך מיט דיר מיט אהין און—— —— ——"

„ניין, ניין, אויגען, דאָס איז גאַנץ אויסגעשלאָסען! זי איז אַ דאַמע, ביי איהר שטאַנד, איהר טיליקאַט" —— דער אַנדערער איז ענגאַנצען אָרנגט צו קאַנטהאַגען און האָט געקוקט איהם אין די אויפגערעגטע, אונרוהיגע אויגען־העֶר צו. מיר דאַכט זיך, אַז אין דיר קאָכט עפּיס צופיעל, צו וויט, סעהר ווי עס פאַסט און ווי עס איז ערלויבט רעגנאַ'ס אַ חתן? אָטטאָ, אָטטאָ! אָבצופאַרטיגען אַזאַ זאַך מוז זיין געלאַסענקייט, אָביעקטיוויטעט! האָסט דו אַ זעלבע? —— „וויים דער טייוועל!" —— האָט געזאָגט דער געפרעגטער. —— „איך האָב זי אינגאַנצען פערגעסען, קאָן איך מיר דאָך קיין ליעבע ניִשט איינרעדען? העֶר דאָך אויס, דאָס שפּיעל־קינד די חבר'טע פון מיינע יונגע יאָהרען, די געשעצטע, געמאַכטע פריינדין, די ערשטע ליעבע פון

מײַן אויפגעוואַכטעס מענגער־בעוואוסטזײַן — לויפט דאָרט ערגיץ אַרום אין דער וועלט און איז די מוטער פון אַ — פון מײַן זוהן, וועלכער טראָגט מײַן נאָמען! — חאַפּט דאָס דער גײַער; אָבער אַזאַ פּלוצלינגע פּאָטערשאַפט קאָן איינעם צו אוים מענש מאַכען!"

„און איך גלויב נישט אין דעם! וואָס דו זאָגסט אַלץ, די זאַך שײַנט מיר אַ — — — איך קאָן מיר נישט העלפען, — אַ בעטרוג! מען האָט שוין גאַנץ אַנדערע מענער ווי דיך אַרײַנגעפיהרט! וואָס, געדענק נור רעם אַלטען מיט זײַנע יורשים. די גאַנץ־שטרענגע האָט איהם אַזוי לאַנג אײַנגערעדט ביז ער האָט אַלײן אָנגעהויבען דרינגען צו גלויבען!"

— שפּאָטיש לאַכענד האָט אויגען געוואָרפען זיך אין אַ שטוהל. אָטטאָ האָט אַרײַנגעשטעקט די האַנד אין טאַש. דאָס זײַגער־קײַטעל צוטײַלט זיך אויף צוויי העלפטען. אויף איינער הענגט דאָס זײַגערל און אויף דער צווייטער די שליסלען. ער האָט אַ נידער געקניעט פאַר דעם שרײַבטיש און האָט אויפגעשלאָסען אַ טירעל פון איין זײַטענשענקעל. צוזאַמענגעבונדען בריעף־פּעק, קאַרטען, באַלל־אָרדען, איין דאַמענפּעכער, איין לאַנגע האַנדשוה! דאָס אַלץ האָט ער צוּוואָרפען און אויפגענומען אין איין קופּע, שאַרענדיג אין די פעכער פון שענקעלע. ראָדעק האָט געלאַכט: „אַהאַ, זיסע זכרונות פון אַ געגאָסענער יוגענד! אַ שאָד וואָס אַזויפיעל שענע זאַכען ליגען אין שטיקער פערוויסט! לײַדער אָבער מוז מען שטענדיג. איידער מען פאָהרט אַרײַן אין דעם סאָלידען הײַראַטס־האַפען, אַן אויטאָדאַפע מאַכען! איך נעם מיר דאָס אַזוי אָפּט פאַר; אָבער אַ דאַנק גאָט, וואָס איך האָב נאָך צײַט און קאָן דאָס נאָך בעצײַטענס אויסרוימען!"

אָטטאָ האָט שוין דעם לעצטען בריעף־פּאַק אַרויסגענומען. יעצט האָט ער גענומען יעדען בעזונדער אין האַנד און האָט בעטראַכט די שריפט און דעם פּאָסט־סטעמפּעל. אַ אַכט שטיק האָט ער ווידער דורכגעוואָרפען, ביז ער האָט דעם ריכטיגען געפונען, „דאָ, די אָ זענען איהרע לעצטע בריעף געוועזען, ווען עס האָט זיך אַלץ געהאַנדעלט וועגען דעם בעזוך ביי מיר. אַלע פריהעריגע האָב איך שוין מיט יאָהרען צוריק פערברענט. אָבער ביי דעם מוז נאָך זײַן איהר פאָטאָגראַפיע!" — ער האָט אויפגעבונדען דעם פּאַק און געפונען די קלײַנע וויזיט־פאָטאָגראַפיע. — לאַנגזאַם האָט ער זי געהויבען אין די הענד און איז פערזונקען אין בעטראַכטונג. אויף זײַן גאַנצען קערפּער האָט זיך געלאָזט בעמערקען אַ שוידער אין איז געפאַלען דערשלאָגען אין דעם גרויסען „לוטהערשטוהל", וועלכער איז געשטאַנען פאַר זײַן שרײַב טיש. — ראָדעק איז צו איהם צוגעגאַנגען נאָהנט: „דו

ערלויבסט ? — האָט ער געפרעגט, און ווען דער פרײַנד האָט געשאָקלט מיט'ן קאָפּ, האָט ער גענומען דאָס בילדעל.

„זעה נור, גאָר נישט אונאינטערעסאַנט !" — האָט ער ערנסט געזאָגט —, א גוווערנאַנט־טיפּ, אָבער עס ליגט עפּיס אין דעם שמאָלען געזיכט. אַרום דעם שטערען און די אויגען — אַ ווייכקײַט, און דאָ — — די נאָז. די באַקען, דאָס ברעגענדע, שען־געפּאַסטע מויל, דאָס אַלץ זאָגט עדות אויף כאַראַקטער, ענערגיע! אַ שאָד וואָס זי איז אַזוי מאָגער, ברר, און די האָאָר־פריזור ! גלחיש !" — — „זעהט זי אַלזאָ יעצט אויס צו קענען אַזאַ אונערהערטען בעטרוג אויף דער סצענע אויפפיהרען ?" — „אָפען געזאָגט — ניין ! „אַלזאָ, וואָס ווילסט דו טהון ?" — — אָטטאָ האָט געקוקט אויף דעם גרויסען, אַלט־דײַטשען שטענדער־זייגער. מיט לאַנגזאַמען, שווער בעטראַכטען בעשלוס האָט ער געזאָגט אומווילינג : „איך וועל אַהינגעהן ! — — — — טהו מיר דאָס צוליעב און קום מיט מיר מיט, זי קאָן דאָך דײַן נאָמען. דו ביזט מײַן פרײַנד, דאָס מאָטיווירט שוין אַלץ !" — אויגען האָט איהם געקלאַפּט אויף די פּלייצע. „ניין, מײַן ליעבער, דאָס קאָנסט דו נישט פערלאַנגען ! איך האָב קיין לוסט נישט שטרענג פון די דאָזיגע אויגען אָנגעקוקט צו ווערען אָדער דערוואַרטען זיך זי זאָל מיך הינטער דער טהיר אַרויסוואַרפען ! — מענשעלע, דו מאַכסט יעצט אַ שווערען גאַנג א. ז. וו., דו ווייסט דאָך די בעריהמטע פראַזע. בוש דער פּאָעט זינגט : „פּאָטער ווערען איז נישט שווער. פּאָטער זײַן — דאַגעגען זעהר !" — האַלט די אויגען אָפען, כאָרש, קעמפף, און לאָז דיר נישט פּתם אַזוי, מיר נישט דיר נישט, אַ זוהן אָנהענגען ! דאָס זאָג איך דיר, בײַ דעם אַלעם אַלס גוטער פרײַנד ! — — — אָבער, אָטטאָ, ווילסט דו נישט צוערשט עסען ?" — —

„געוויס, וואַרט אויף מיר אין קלוב ! איך קום באַלד נאָך, איך וואַרט נור דאָ דערווײַל נאָר אויף פראַנצ'ן און וויל דאָ אָרדנונג מאַכען !" — ער ווײַזט אויף דעם שרײַב־טיש. ראָדעק האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און די שווערט זיך אַרומגעדרעהט. דערנאָך אָנגעטהון דעם הוט : „גוט, אָטטאָ. לאָז מיך נישט צולאַנג וואַרטען. איבער־מאָרגען ווערסטו לאַכען, ווערסט זעהן דײַן כּלה רענאַ און פערגעסען דאָס גאַנצע שפּיעל, אַדיע !" — „אויף ווידערזעהן" ! — האָט געענטפערט קאָנטהאַגען מעכאַניש. ער וואַרפט די פּעק מיט די שאַכטעל צוריק אין שרײַב טיש, פערשליסט און הויבט זיך אויף פערטראַכט. ער שאָקעלט מיט'ן קאָפּ פון פערוואונדערונג און צודריקעניש, דען צום ערשטען מאָל אין זײַן לעבען ציטערן איהם די קניען און עס

קלאַפּט איהם דאָס האַרץ. ער קאָן נישט פון זיך אַליין דאָס פערבאָרגען, אַז דאָס איז געוועזען אַ גרויסע שרעק, וועלכע האָט איהם געמאַכט ציטערן. זיין בליק גליהט איבער דעם גרויסען איילבילד און איבער די גרויסע פאָטאָגראַפיע פון זיין וואונדער שענע, שטאָלצע כלה, רענאַטע, איהר רייכטום, אַלץ שטעהט אין קאָהן — — — זיין עקזיסטענץ! דאָס רייצענדע מיידעל האָט זיך אין איהם פערליעבט. און זי האָט איהם געדעטעט! ער האָט זי ליעב! — — די שולדען זענען בעצאָהלט געוואָרען. ער האָט אָבגעטעטעט. די נעשעפטלעך מיט גראָשענס האָבען אויפגעהערט, די שרעק, די איבינגע זאָרג, די אָבהענגיגקייט פון דעם רייכען פעטער. ענדליך קאָן ער ערשט זיין אַ מענש ווי די אַנדערע קאַמראַדען. פערד, אַ שפּילעכעל אַ קליינס, אַ שענע היים, טעאַטער — — אויף אַלעם קאָן ער זיך יעצט ערלויבען! עס וואָלט דאָך שרעקליך געוועזען, אַז ער זאָל אין דעם פאָרגעהמען רעגימענט שטענדיג מוזען זיין דער איינגעהאַלטענסטער. אַלע האָבען איהם דאָס מיט'ן גרעסטען טאַקט פערלייכטערט, אָבער אין האַרץ! אָבער אינערליך דאַגעגען האָט ער זיך ווי איבעריג געפיהלט. שרעקליך ווי ער האָט זיך געקווּעלט און געליטען! —

מיט פינסטערע צייכען אויפ'ן געזיכט האָט אָטטאָ געקוקט פאַר זיך אַהין אין די לופט אַריין. און יעצט דאָס? ער דריקט די פעסטע צום צונג-ריטען צוגעוואָהנטע האַנד. וואָס קאָן דערפון זיין? דאָס האָט געמוזט טרעפען איהם, וועלכער איז שטענדיג אַזוי זיכער געוועזען אין זיין זאַך! — איהם, וועלכער האָט הונדערט מאָל אָהן שפּור געזינדיגט! — און גראָד ביי איהר, ביי אַננאַ! די יוגענד האָט אויפגעפּאַקערט פאַר זיינע אויגען אין זיין גייסט. ער זעהט פאַר זיך דאָס קראַפט-שטאָלצע יוננעל, דעם רייפען יונגען מאַן, און ער זעהט זי, דאָס בלאַסע ווענען — דאָס פראָפעסאָרען-טעכטער'ל. גוט ערצויגען, שטיל, קאָרעקט. שטרענג צוריקגעהאַלטען פון אַ בעשרענקטע כיטער און פון די פערהעלטניסע, וואָס האָט איהם אין דעם ווינטער נעריצט? פאַר וואָס האָט ער זי פערפאָלגט מיט פּאַרלענונגע, צוערשט אונשולדיג און ערנליך מיט רעספּעקט? — — אָטטאָ זיצט ביי די ערינערונגען פון דער פערגאַנגענהייט. — ווי איהר האַרבקייט, איהר שטרענגקייט, איז צושמאָלצען געוואָרען פאַר זיין הייסקייט! ווי דאָס ברוסט-אָרעמע שוועסטעל האָט איהם געקושט, איהם אַרומגענומען און זיך צו איהם צוגעדריקט, ווען ער האָט זי שוין געהאַט געבראַכט איבער דעם מיטען פונקט! — אַזוי איז דאָס געוועזען! די סעקונדען, אין וועלכע דער רעמאַן וועט אין אַננאַ דורכברעכען די מיט מיה איינגעהאַלטענע, פון דער

ערציהונג איינגעדרעמפּטע, פיהלענדיגע, פערלאַנגענדע קראַפט, די סעקונדען האָבען איהם געריִיצט. וועגען די סעקונדען האָט ער זיך געיאָגט נאָך איהר. ער האָט זיך אַזויפיעל פאָרגעשטעלט, וואָס זי האָט אין זיך פערבאָרגען! —— ——

יאָהרען זענען אַוועק. ער איז פון איהר אינגאַנצען געשײדט געוועזען. דאָס פרייליכע לעבען האָט איהם דעם שוימענדיגען בעכער דערלאַנגט. דורשטיג האָט ער פון איהם געטרונקען. וועגען דעם שענעם יונגען אָפיציר האָבען אַלע פרויען געחלומט! איהם איז נור געבליבען די רויזען צו פליקען, וועלכע, אויפהויבענדיג שטאַרקע פעסטע ריחות, האָבען איהם אַ קעגען געבליהט. אַננאַ זאַנדערס איז געוואָרען פערגעסען און דאָ איז געקומען דער קראַך פון זײן פאָטער, זײן אייגען פערמעגען איז דערבײ פערלוירען געוואָרען, די אָבהענגיגקײט און די זאָרגפולע טעג זענען אָנגעקומען אויף דעם יונגען לייטנאַנט. —— פאַר צוויי יאָהר האָט ער אַננאַ ווידער געזעהן, דעמאָלט האָט זי אויסגעזעהן ווי דאָרט אויפ'ן בילד. ——
זי האָט שוין נישט קיין פאָטער געהאַט און איז געוועזען רעפרעזענטאַנטין אין אַ פאָטאָגראַפישען אַטעליע. איהר קורצען זומער־אורלויב האָט זי פערברענגט ביים ברעג פון אָסטזעע. אָטטאָ איז געוועזען אַ פרויען־קענער. און בלינד וואָלט ער געמוזט זײן, ער זאָל דאָס נישט בעמערקען אַז ער איז נאָך אַלץ איהר אָבגאָט געוועזען! פאַר דעם ווייב בילדעט דער געליבטער מאַן נישט אַ פאַזע, נור אַ גאַנץ לעבען. —— איהם האָט איהר ווידערשטאַנד, איהרע האַרבע אָבזאַגונג, אונטער וועלכער עס האָט זיך אַזאַ הייס געפיהל פערבאָרגען, געמאַכט נור שפּאַס. און ווידער איז ער צו איהר געקומען! אַ פּאָר בריעף זענען געגאַנגען אַהין און צוריק. ער איז קלוג געוועזען, ער האָט פערשטאַנען זי צו נעמען! אויף דריי טעג איז זי אין זײן גאַרניזאָנסשטאָדט געקומען. זי איז געקומען צו איהם! ——

ווי איז איהר אַרבייטספּולעס לעבען אַוועקגעלאָפען, אָהן פרייד, שטענדיג גלייך, אָהן עפּיס אַ זאַך, וואָס זאָל אָן עפּיס אָנשלאָגען. זי האָט קיינמאָל נישט געקלאָגט; אָבער ער האָט עס געהערט דורכלויפענדיג אין איהרע געשפּרעכען. דאָ זענען פינסטערע קרעפטען געוועזען אין דעם שטילען ווייב! דאָ האָבען אין אַ ווילדען קאַמפּף זיך געשלאָגען און געשטיקט. נייגיריגקייט און הונגער צום־לעבען, שרעק און דורשט נאָך ליעבע. די שיינענדע יוגענד, די פון דער ערציהונג איינגעפּלאָסענע זיטען האָבען זיך געשלאָגען מיט דער רעזיגנאַציאָן פון דעם מאָדערנעם, עלטערן אַרבייטס־מיידעל! —— קיין הויכגעבוירענע שענהייט, קיין ווייב, האָט איהם נישט אַזאַ ווידערשטאַנד געשטעלט ווי דאָס שוואַכליכע בירגערקינד. דריי

טאָג האָט ער זי, אין וואָס־אַ מאָל־מעהר־בלינדע, ווילדע לײַדענשאַפט, ליעבענדיג זי ווי מיט פערריקטען זינען, געשטורמט. דאָ אין דעם. יעצט אַזוי שטילען רוים. דאָ אָ, דאָרט, — — איבעראַל — — בײַ אַלעם זענען זײַ געוועזען! ער זעהט דאָס פאַר זיך, זעהט זי, זעהט זיך אַליין! איז ער אַזוי שלעכט אָדער וואַהנזיניג געוועזען? ווי ער האָט דאָס מיט איהר געקעמפפט! ווי ער האָט נישט מעהר שלאָפען און עסען געקענט און זײַן טיערישע ווילדקייט: ער האָט געליטען! — און אַלץ ווײַטער האָט די אָרעמע פליעג אין זײַן ליכט געפלאַטערט! געצאַפּעלט! די אויגען האָבען געזעהן; אָבער דאָך, ווי פון אַ בעהאַלטענע היפּנאָזאַ בעהערשט, איז זי בײַ דעם אַלעם דאָך דעם דריטען טאָג ווידער צו איהם אַהײַם געקומען! —

אָטאָ איז אויפגעשפּרונגען אַרומגעלאָפען איבערן צימער אַהין און צוריק און געוואָרפען זיך אויפ'ן דיוואַן, אײַנגעטוליעט דעם קאָפּ אין די קישענס וואָס ראָדעק האָט דאָרט אָנגעפּאַקט, אום נישט הויך צו קלאָגען. דאָ אויף דעם דיוואַן איז דאָס געשעהן! — אויס רײַנע מיטלײַד צו זײַנע לײַדען זײַן בעטען, פול האַס, האָט זי זיך איהם צום ערשטען מאָל איבערגעגעבען. — און דעמאָלט איז זײַן געפיהל פערלאָשען געוואָרן, נאָך שנעלער ווי עס איז געקומען. ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען, ווי עס איז נור טונקעל געוואָרען און די קאַמעראַדען זענען אַוועק, איז זי שוין איהם פאַסט גלײַכגילטיג געוועזען. און דערנאָך האָט ער זי פערגעסען! — ער איז איהר רויבער געוואָרען! —

זײַן גוט האַרץ פּײַניגט איהם יעצט. זײַן פאַנטאַזיע שטעלט איהם יעצט פאָר דאָס מײַדעל מיט איהר גאַנצע גוטסקייט, ווייכקייט און די קוואַל פון איהר נשמה, אַלס אַ רעזולטאַט פון איהר לאַגע. זי האָט אַ קינד! — זײַן קינד! — עס איז צום לאַכען! עס איז נישט שלעכט! אָבער אונטער פאָטערגעפיהל האָט ער זיך אַבסאָלוט גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלען, גאָר נישט! קלײַנע קינדער, שפּיעלעכלעך — — — ער קאָן זײַ פון דער פאַמיליע און בײַ פרײַנד, — און זײַ זענען איהם שרעקליך געוועזען! שטענדיג שרײַען זײַ און שטערען! די נאַרישע פערוויילונג פון פאָטער'ס מיט זײַערע קלײַנע קינדער דאָס האָט ער קײנמאָל נישט פערשטאַנען! יאָ, די מוטערס האָבען אַ רעכט אויף די קינדער! אָבער די מענער? יאָ, געוויס, שפּעטער: ווען מען קאָן שוין מיט זײַ רעדען, ווען מען דאַרף שוין פאַר זײַ זאָרגען, דעמאָלט קומט פיליכט פאָטער־געפיהל; אָבער אַזוי לאַנג ווי זײַ זענען קלײַן??? — און דאָך! עס איז גאַנץ אײגענאַרטיג געוועזען ווי איהם האָט אויפגערעגט דער געדאַנק, אַז אין דער וועלט עקזיסטירט פון איהם

אַ קינד, דאָס הייסט איינס, פון וועלכען ער ווייסט. אַ אונבעקוועם איז דאָס געוועזען! —

און יעצט זאָל ער עס נאָך זעהן! צו וואָס האָט זי איהם ווירקליך געררופען? זאָל אויזשען רעכט האָבען, זי ברויכט פּיליאַכט געלד? ער האָט אָבגעזיפצט און זיך אויפגעזעצט. אין דרויסען איז די איינגאַנגס טהיר אויפגעשלאָסען געוואָרען. זיין דיענער איז צוריקגעקומען. צוויי מינוטען שפּעטער האָט ער זיך אָנגעמאָלדען. אויף דעם יונג'ס געזיכט, ווען ער האָט זיין העך אָנגעקוקט, איז געלעגען אַן נאַאיווע שרעק, פערוואונדערונג און מיטלייד. איינגעהאַלטען איז ער ענדליך אַרויסגעגאַנגען פון צימער. אָטטאָ איז צוגעגאַנגען צום שפּיעגעל. יעצט האָט ער פראַנצען פערשטאַנען. ווי אַ געשפּענסט האָט ער זיך אין שפּיגעל געזעהן, אין גאַנצען פערוויסט. געשווינד איז ער צום שאַנק געגאַנגען און אַריינגעגאָסען זיך ווייַן אין אַ גלאָז, אָבער דריי גלעזער האָט ער געמוזט אויסטרינקען ביז ער האָט ערשט ווידער בלוט אין געזיכט בעקומען. פאַר'ן טואַלעט-טיש האָט ער זיך דעם אַנצוג אין אָרדנונג געבראַכט, צוגעקנעפּעלט דעם אוניפאָרם, גלאַט-פערקעמט די צופלאָסענע האָר און געקיהלט די ברענענדיגע אויגען. — און ווידער האָט ער געקוקט אין שפּיגעל. יעצט איז ער שוין מיט זיך צופריעדען געוועזען. פראַנץ האָט איהם נאָך צוגעהאָלפען ענדיגען זיין טואַלעט. שטאָלץ אַרויפגעהויבען דעם קאָפּ, אונפערענדערט, האָט ער געאיילט געשווינד צום קלוב. קיין פרעמדער האָט נישט געקאָנט דערקענען ווי עס קאָכט אין איהם, ווי זיינע געדאַנקען שטורמען און ווי עס רייסט איהם אינוועניג! — אין עס-זאַל, האָט ער שוין דאָרט זיינע קאַמעראַדען רוהיג און פרעהליך, ווי געוועהנליך בעגריסט! —



## צווייטעס קאפיטעל.

עֶס אִיז גֶעוועֶן אַ הַייסֶער זוּמעֶרדִיגֶער־אָקטאָבֶּער־טאָג. דִי זוּן האָט אִיבֶּער דעֶר שטאָדט געֶשוועֶבּט אוּן הַייסעֶ שטראַהלעֶן געֶוואָרפעֶן, וועֶן ראָדעֶק מִיט אָטטאָ זעֶנעֶן פוּן קלוּבּ אַרוֹיס.

„ווִי לאַנג נאָךְ, דוּ גלִיקלִיכֶער מעֶנש, אוּן דוּ וועֶסט שוֹין נִישט מעֶהר בּרוֹיכעֶן פוּן דעֶם פרעֶסעֶן צוּ געֶנִיסעֶן אוּן מוּזעֶן אוֹיסהעֶרעֶן דִי נאַרִישעֶ שמוּעֶסעֶן בּיַים טִיש! מִיר קרִיכט אוֹיךְ שוֹין בּאַלד פוּן האַלז אַרוֹיס דִי בּאַנאַלעֶ פראַזעֶן פוּן דִי העֶררעֶן עֶלטסטעֶ מִיט דרךְ אֶרץ אוֹיסצוּהעֶרעֶן אוּן פוּן אִיהרעֶ שטוּמפִּיגעֶ קאַצעֶן־ווִיצעֶן געֶצוואוּנגעֶן מִיטצוּלאַכעֶן!“ — האָט אוֹיזשעֶן געֶזאָגט זִיפצעֶנדִיג. קאַנטהאַגעֶן האָט געֶשאָקעֶלט מִיט'ן קאָפּ: „בּיַי דעֶם אַלעֶם אִיז מִיר זעֶהר שווער זִיךְ מִיט'ן געֶוועֶהר צוּ שיַידעֶן. מִיר וואָלט לִיעבּעֶר געֶוועֶן, ווען רעֶנאַ וואָלט נאָךְ אִיהר פאָטעֶר געֶהאַט, וועֶלכעֶר זאָל דִי ווִירטהשאַפט פוּן זעֶעֶבּעֶרג בּעֶזאָרגעֶן. אִיךְ קאָן מִיר נאָךְ קיֵין בִּילד דעֶרפוּן אוֹיסמאָלעֶן, ווִי אִיךְ ווֶעל לאַנדווִירט ווערעֶן!“ — — „גוּט, וואָס דוּ וועֶסט ווִי אַ הַייס־הוּנגרִיגעֶר אִין דִי שוּל פוּן אַייעֶר אַדמִינִיסטראַטאָר לוֹיפעֶן אוּן בּיַי דיַין געֶווִיסעֶנהאַפטִיגקיַיט נִישט פרִיהעֶר רוּהעֶן, בּיז דוּ וועֶסט אִיהם זיַין חכמה אוֹיסנאָגעֶן! אִיךְ שטעֶל מִיר דאָס אַבּסאָלוּט נִישט אוּנאַנגעֶנעֶהם פאָר, דעֶר העֶר פוּן דעֶם פּראַכטפאָלעֶן זעֶעֶבּעֶרג צוּ זיַין, אוֹיף וועֶלכעֶן עֶס לִיגעֶן נִיט קיֵינעֶ לאַסטעֶן! אוּן נאָךְ בּאַלד אַזאַ גרוֹיס פעֶרמעֶגעֶן צוּ אוֹיסנוּצוּנג אוּנטעֶר דעֶר האַנד

צו האָבען! די שענע רענאַטע איז די גלענצענדסטע פּאַרטיע אין גאַנצען לאַנד געוועזען, ווי אַ שעיר לעזאזל ברויך איך דיך נישט צו בעדויערן!" „דאָס וויל איך אויך נישט! דערצו איז גאָר קיין גרונד נישט פערהאַן; עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס איך ברענג אין דער הייראַט גאָר נישט אַריין, וואָס איך ווער אַזוי אינגאַנצען דער מאַן פון מיין פרוי!" — „דו ברענגסט אַריין מיט דיר די פערזאָן, אין וועלכע די קאַלטע גרעפין פון זעעבערג האָט זיך מיט האַלז און נאַקען פערליעבט — דאָס איז גענוג! נור זיי נישט קיין ענו, אָטטאָ! זיי בעוואוסט און שטאָלץ מיט זיך! יעדענפאַלס פערלאָזסטו דו דאָך אַ בערוף אָן וועלכען דו הענגסט און וועלכער זאָגט דיר צו די גלענצענדסטע אויסזיכטען! דו ביזט געוועזען, דערמאַהן זיך, דער ליעבלינג פון אַלע „עלטסטע" און בעזונדער דער פּראָטעזשירטער פון זיין מאַיעסטעט!" — —

נאָכטראַכטענדיג האָבען זיי געטרעטען איבער דעם פּלאַץ — „ווי גוט וואָס איהר וועט דעם ווינטער נישט אין זעעבערג אָבטרויערן! עס איז גאָר נישט איבעל איהם ביי דער ריוויערא און אין פּאַריז צו פערלעבען!" — „דאָס איז רענאַ'ס פערגניגען, אויזשען, איך וואָלט איהם זיכער ליעבער בענוצט, זיך מיט דער לאַנדווירטשאַפט אַביסעל צו בעקענען!" — „יאָ! דו?!" — ראָדעק האָט געלאַכט. ביים עק־גאַס איז ער שטעהן געבליבען. — „אַזוי מיין קינד, דיר איז בעסער צו געהן דורך דער וועראַטהער גאַס צום „שטאַדט־לאָנדאָן". הימעל, דו ביזט ווידער בלאַס, ווי אַ טוך! נעם די געשיכטע איינפאַך קאַלט בלוט, רוהע און ענערגיע צו דער דאַמע! אין איהר זיך אויפ'ס ניי פערליעבען וועסט דו דאָך שוין זיכער נישט; פאַר דעם שיצט דיך רענאַ! זעה, איך בעט דיך, געדענק נור גוט! נו, און דיך זאָל ווידער עפּעס דאָס פּאָטערגעפיהל איבערנעמען?" — קאָנסטאַנטין קוקט אונגעדולדיג אויפ'ן באָדען. „לעכערליך, מיר איז קיין זאַך נישט איבלער ווי קליינע ים־קעצעלעך און יונגע הינדטלעך! די ערשטע ווערען איבערהויפּט נור אין בעטראַכט גענומען ווען זיי זענען נייטיג צו דערהאַלטען דעם שטאַם!" — „זעהר קלוג געזאָגט! — האָט איהם אונטער נעכאַפּט ראָדעק — „אַזוי ווייט האָב איך דיך טאַקי געוואָלט האָבען, — לאָז דיר נישט צופיעל אָבקנעפּלען! — — „פון דעם איז קיין רעדע נישט!" — אָבער, זיי נישט נאַאיוו, דו! צו וואָס רופט זי דיך? צו וואָס איז זי דאָ? וועלכע געשעפטען קאָן זי דאָ אין דעם פערזונקענעם נעסט האָבען? — די זאָנדערס שיינט מיר, איך האָב מיר דאָס אַזוי איבער־

געלעגט, איז אַ זעהר קלוגע קאָמעדיאַנטין. און דאַריבער זיי נאָר פאָרזיכטיג, דיפּלאָמאַטיש און נישט קיין צוטרוי, דו! — — ווען זעהען מיר זיך ווידער? אין אָבענד אין דער האַרמאָניע, אין שטאָדט־גאָרטען, אָדער האָסט דו דיענסט?" — — „ניין, איך בין היינט פריי! — „איך מיין דיין דיענסט ביי דער דאַמע רעגאַ!" — — „אַך אַזוי! ניין, מיין כלה איז מיט די פּרינצעסין אין דער זומער־רעזידענץ. זיי קומען ערשט מאָרגען אַהיים!" — „זעהר גוט! זעהר שען, גראָד היינט! איך קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטען, ווי דער ראַנדעוואו וועט דאָ אָבלויפען. איך וועל דאַריבער נישט געהן אין האַרמאָניע נאָר ב'וועט ביי מיר אויף דיר וואַרטען. קומסט דו?" — „אונבעדינגט!" — „גוט, אַלזאָ בלייב נישט לאַנג! קורץ און געקניפּט! נור נישט די ריהרענדע־סצענעס, און ענערגיע! סערוואוס, אָטטאָ!" — „אויף ווידערזעהן ביי דיר!" —

די פריינד האָבען זיך צעשיידט. ראָדעק האָט נאָכגעקוקט נאָך קאַנטהאַגען, וועלכער האָט זיך, קעגען זיין געוואָהנהייטער אַרט, מיט לאַנג־זאַמע קליינע טריט צו דער לעגג פון דער גאַס געשלעפּט. אויפ'ן נאָהנטען קלויסטער האָט דער זייגער געשלאָגען צוויי. „אַ וועה" — זאָגט ער — „אָטטאָ קומט צו פריה, ער איז ערשט אויף דריי אַ זייגער פריינדליך געלאַדען! זאָל איך איהם נאָכלויפען אָדער — — אַך וואָס! ווער ווייס, וואָס גוט איז?" דער לייכט שפּראָצענדער ראָדעק האָט דעם קאַמעראַד געלאָזט רוהיג וויטער זיין וועג געהן און אַליין איז ער אַריין אין נאָהנטסטען קאַפע הויז אום דאָרט די צייטונגען דורכצולייענען. — נישט לאַנג איז קאַנטהאַגען געשטאַנען פאַר'ן האָטעל. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אין איהם גאַנץ אונרוהיג. ער האָט ניט געטראַכט דערפון, אַז אַננאַ האָט איהם אַ בעשטימטע צייט אָנגעוויזען. נאָר דעם נומער פון איהר צימער האָט ער זיך דערמאַהנט. פּירציג, אויפ'ן ערשטען שטאָק, באַלד לינקס פון דער טרעפּ. אויסערליך רוהיג איז ער מיט אַ קורצען מיליטערישען שריט פאַר דעם שווייצער און הויז־דיענער פערבייגעגאַנגען. ביידע האָבען בעגריסט דעם אַלגעמיינבעקאַנטען און בעליבטען אָפיציר מיט טיעפער פערבויגונג, איבערראַשט האָבען זיי איהם נאָכגעקוקט, ווי ער איז שווער און איינגעהאַלטען אויף די טרעפּ געגאַנגען און זיך אָבגעשטעלט אויף יעדע טרעפּ, ווי ער וואָלט געמוזט לופט שעפּען.

„אוי, וואוהין וויל דאָס דאָ דער קאַנטהאַגען געהן? פון זיין געזעלשאַפט איז דאָך יעצט קיין מענש נישט דאָ אין דעם הויז?" — „וואַרט נאָר, מאַקס, איך וועל דאָס באַלד געוואָר ווערען!" — דער שווייצער

האט אריינגעקוקט אין בוך: „אה? — האט ער געזאגט פערוואונדערט — „צו דער פריילין זאנדערס, פרוי קאך — ווייסט, די מיט דעם שענעם אנגעל! וואס וויל ער דען דארט? — — די קומען מיר עפעס איבער־געריבען פאר! די אלטע מיט'ן איינגעשרומפענעם געזיכט איז דאך איינענטליך שוין גאר צו אלט פאר דעם קליינעם ווארם? — נו, און די יונגע, שלאנקע" — „נו, די איז דאך פריילין זאנדערס" — — „וואס נעהמט דאס מיך אן!" זאגט דער אנדערער גלייכגילטיג — וואו איז יאהאננע? — „אויף צוועלף, דער פערזיבערונגס יוד איז אבגערייזט!" — „איך מוז איהר העלפען!" — „דו און העלפען? שמעקען ווילסט דו!" —

אמטא שטעהט און שטעהט. איהם שלאגט דער שווייס ארויס. א שטארקע שרעק פאלט אויף איהם איינגאנצען. ער האט האסטיג אנגעקלאפט. איהם דארף מען דא נישט זעהן. עס הערט זיך אבער קיין אנטווארט. — ער קלאפט נאך א מאל, און שוין פיעל שטארקער. יעצט האט זיך דרינען עפיס בעוועגט. מען שליסט אין שלאס, די רינגעל ווערט אוועקגערוקט. די קלונג הויבט זיך אויף. יעצט עפענט זיך די גרויסע האלבע טהיר און אין העלען זונענשיין שטעהט א שלאנקע, שווארצגעקליידעטע פרויען־געשטאלט. — זי שפרינגט צוריק. ער פאלט דערשלאגען און דערשראקען צוזאמען. ער גערט שנעל אין צימער און פערמאכט די טהיר אונטער זיך. אין קארידאר זענען מענשען אנגעקומען.

אויגען אויף אויגען זענען זיי פאר זיך געשטאנען. — בליי־שווער זענען איהרע פיס אויפ'ן באדען געזונקען. ביידע זענען גלייך בלאס געווען, גלייך אויפגערעגט.

„אננא!?" — שלאגט ער ענדליך דערשלאגען אויס. זי האט אין זיך לעבען בעקומען. פלוצלונג האט א דינע רויטקייט אויף איהרע באקען ארויס־געשלאגען און א שוידער איז איבער איהר קערפער דורך. זי איז צוגע־גאנגען צום טיש און געוויזען מיט דער האנד אויף א שטוהל. ווי איבערגע־געבען איינגאנצען א פרעמדען ווילען, לאזט ער זיך אראב אויף א שטוהל. די רעכטע האנד אויף דער גריף פון דער שווערד. אין דער לינקער — דעם הוט. — ווידער א שווערע פויזע. זי פלעגט פעסט צוזאמען די ווייסע הענד און זאגט לאנגזאם מיט גרויסער מיה:

„איך האב איך ערשט אויף דריי דיזע וויגער ערווארט. — איך האב געמאלט אוועקגעהן! איהר זאלט נאר דאס קינד זעהן! יעצט איז עס נישטא; אבער — — — עס מוז באלד — —"

מיט דער גרעסטער רוהיגקייט און פערוואונדערונג, מיט א וויך, היים

געמידל אין זיך האט ער בעטראכט די, וועלכע איז פאר איהם געשטאנען. וואס איז פון איהר געווארען? ווי פערענדערט האט זי זיך! איהר גאנצעס שארפקייט, דאס גאנצע פעסטקייט איז פערשוואונדען געווארען. די פארמען פון דעם הויכען געשטאלט, האטש אויך נאך אייביג שלאנק, ווייזען שוין יעצט צארטע, פרוילּיכע רונדיגקייט. דאס פולע געזיכט איז אזוי פון ליידען בעריהרט געווען, אזוי אונענדליך אנציהענד מיט זיין מילדען נשמה=אויסדרוק. די האר זענען שוין נישט אזוי שטרענג=גלאט אין צוויי העלפטען אויפ'ן קאפ געלעגען, נאר עס זאל קליידען, הויך ארויפגעקעמט. פון דעם קלארען שטערן האט זיך ארויף א ווייסע שטאנג דורך די ברוינע קאמען געצויגען און פיעל ווייסע פעדעם האבען צווישען די טונקעלע האר געשימערט. די איז געווען א רייצענדע כמעט אנ'אנציהענדע פרויענ= געשטאלט. גאר נישט צו פערגלייכען מיט דער גובערנאנטין פון דעמאלט! אין איהם האט אלץ געציטערט. ער האט אויסגעשטרעקט די האנד און צוועקגעלעגט דעם הוט.

— „צי זאלען מיר נישט האבען זיך — — — — פיעל צו דערצעהלען, אננא?“ — האט ער געפרעגט בעקלעמט.

„יעצט נישט מעהר!“ — האט זי געזאגט פעסט. —

„דעמאלסט האב איך אויף אנטווארט געווארט! אין אויגוסט אין פערגאנגענעם יאהר!“

„איך האב דיין בריעף נישט דערהאלטען; ווי פון וואלקען אראב איז מיר היינט דאס געפאלען. איך שווער עס דיר — — איך שווער עס איך, אננא!“ — האט ער נאך אמאל געזאגט, ווייל זי האט ווי אונ= וויליג די ברעמען צוזאמענגעצויגען. —

„עס איז גאר נישט צו קלערען דערוועגען, אז איך וואלט באלד געשריבען; איך האב אבער פון גאר נישט געוואוסט! ווי האב איך גע= קאנט?“ — האט ער ווייטער געזאגט ענטשולדיגענדיג און אבגעווישט די שוויים=פערעל פון זיין שטערן.

אננא האט זיך רוהיגער אניעדערגעזעצט און אבגעעהטעמט פרייער.

„איך האב אייער שווייגען נישט פערשטאנען, אבער איך האב זיך געמוזט צוגעוועהנען!“

זי האט אראבגעלאזט דעם קאפ און געקוקט אויפ'ן שויס. ווי צו= רייצט האט איהם דאס זיצען איהר'ס אין דער פויזע. אם בעסטען וואלט ער — — — —ער האט אנגעהאפט מיט ביידע הענד דעם גריף פון

שווערד, ווי ער וואָלט איהם וועלען צעברעקלען.
„וואָס האָט איהר אַלץ געמוזט ליידען, אַננאַ?!"
„פורכטבאַר!" — בעשטעטיגט זי, נישט קלאָגענדיג. —
„ווען האָט איהר בעמערקט דעם אמת?" — האָט ער היזעריג געפרעגט ווייטער.
„פאַר וואָס האָט איהר באַלד נישט געשריבען? — דאָס איז דאָך שרעקליך! — פאַר אייך".
„יאָ, עס איז געווען שרעקליך! — איך האָב געמיינט, איך וועל משוגע ווערען פאַר שרעק און שאַנדע! — האָט זי געזאָגט האַסטיג מיט אַ ציטערנדיגער ברוסט. — צוערשט האָב איך געמוזט דעם פינסטערן עקעל און די חרטה איבערווינדען און זיך צוריקגעפינען. און דערמאָלט האָב איך בעמערקט דאָס אונבערשטענדיגע, און דערנאָך — — — זי האָט איבערגעהאַקט.
„רעדט ווייטער, דערצעהלט אַלץ!" — ער איז אויפגעשפרונגען און געשעפּט לופט — „ווי האָט איהר מיך דאָס געמוזט האַסען, שעלטען! אַננאַ, אָרעמע אַננאַ!" —
„יאָ, איך בין אויסער זיך געווען! איך האָב געשאָלטען אייך, וואָס האָט מיר — — — — — דאָס מזל, וואָס האָט אויף אונז פריער אַזוין שווערע אַרויפגעוואָרפען און אייך פערפיהרער פערטינט עס נאָר די לוסט!" — און זי איז אויך אויפגעשטאַנען און צאָרניג געבליבען פאַר איהם שטעהן, ווי אַ ריכטערין. ער האָט שטיל געקרעכצט. „ווי האָבען די לוסט, וועלכע זיי פערגעסען אַזוי געשווינד און איינ' — — — זי לעגט צוזאַמען די הענד אויפ'ן פּנים — „בלייבט נאָר דער און חרטה! בלוטיגע געוויסענס-פּיין!" — —
איינגעבויגען דערשראָקען און פערשעמט איז ער צוגעגאַנגען צו איהר און געקושט איהרע ווייסע הענד; ביז זי האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהם:
„אַננאַ, איך שעם מיך, איך לייד! פאַר וואָס האָסטו נישט — — — פאַר וואָס האָט איהר קיינמאָל נישט געשריבען?" — דאָ האָט זי זינקענדיג אַראָפּגעלאָזט די הענד און אָנגעקוקט איהם מיט טרויעריגען שפּאָט:
„וואָלט איהר מיר מיין עהרע צוריקגעגעבען? האָב איך אייך געוואָלט אייערע שולדען פערגרעסערען? וואָס האָט איהר מיר געקאָנט העלפען? ניין, מיט דעם האָב איך אַליין געמוזט פערטיג ווערען! נאָר איהר וואָלט וויסען, אַז איהר האָט אַ קינד, וועגען דעם האָב איך אייך געשריבען!

אין אַכט זאָלט איהר זיך נעמען, פּיהלייכט פֿון אַנדערע פּערפֿיהרונגען זיך אָבהיטען! וואָס קאָנט איהר אויסער דעם טהון?"

קאָנטהאַגען איז געשטאַנען ווי אַ גע'משפּט'ער, דען ער איז געווען אַ גוטער מענש.

„ווי זענען די מענשען צו אייך געווען, אַננאַ?" — — די האָט זיך געמאַכט רוהיגער, שטאָלצער און אַניערערגעזעצט זיך. איהר געוועהנליכע בעהערשונג קומט איהר ווידער צוריק. קלאָר העגנגען אויף איהם די בליקען פֿון איהרע שענע אויגען. איהר האָט אויסגעזעהן ווי אַ גאַנץ־פֿרעמדער, וואָלט דאָ יעצט פֿאַר איהר געשטאַנען, נישט דער מענש, וועמענס שענהייט און שטעלונג און די גאַנצע פּערזאָן, וואָס זי האָט אַמאָל פֿערגעטערט. ביי זיין גאַנצער אויפֿרעגונג האָט אָטטאָ דאָך בעמערקט איהר נייע אַרט. דאָס האָט איהם כמעט געריזיצט. האָט ער געקוקט און געקוקט — — — די איז נישט קיין ווייב, וועגען וועלכער ער האָט גאַנצע צוויי יאָהר גאָר נישט געדאַכט, נאָר אַ פֿרוי, וועלכע ווירקט אויף איהם, מיט איהר אויפֿגעשפּראָצטע, פֿערענדערטע פּערזענליכקייט, ווי זי האָט נאָך אויף איהם קיינמאָל פֿריהער נישט געווירקט. די פּולסען אין איהם האָבען געקלאַפּט, ווי מיט האַמערס.

„ווי זאָלען די מענשען זיין" — האָט זי געזאָגט, נישט קלאָגענדיג.

— „די ערשטע, וועלכע האָבען מיך פֿערשטויסען און זיך פֿון מיר און פֿון מיין שאַנד אָבגעזאָגט, זענען געווען די פֿערוואַנדטע און די נאָהענסטע פֿריינד. דאָ האָט מען גאָר נישט געוואָלט פֿרעגען, נאָר נישט געוואָלט פֿערשטעהן, נאָר העגנגען. איין־איינציגער פֿעטער האָט מיך געפֿרעגט, אויב ער זאָל דעם פֿערפֿיהרער צו גערעכטיגקייט ציהען און צווינגען איהם זיין הויז צו ערפֿילען?"

אָטטאָ האָט זיך צוזאַמענגעקורטשעט, ווי געשלאָגען מיט אַ בייטש. שוואַך איז ער געפֿאַלען אויף דער שטוהל. אַננאַ האָט דאָס בעמערקט: „איער נאָמען האָט זיך נאָך קיין מענש נישט דערוואוסט!" האָט זי צוגעגעבען, שלעכט פֿערשטעהענדיג זיין בעוועגונג. — נישט אַכטענדיג אויף זיין אָבוועהרענדע האַנדבעוועגונג, האָט זי ווייטער גערעדט: „מיין גוטע לאַגע האָט נאַטירליך געמוזט אויפֿגעגעבען ווערען. איך האָב אַלץ פֿערקויפֿט, אַלץ צו געלד געמאַכט און האָב גענומען דאָס וואָס איך האָב מיר געהאַט אָבגעשפּאָרט אום ווייט, אין דער פֿרעמד, אין אַ קליינע נעסט — — געגאַנגען! נו וואָס דאָס אַלץ? עס אינטערעסירט אייך נישט!"

„עס אינטערעסירט מיך ביז אין די קלײנסטע אײנצעלהײטען, אננא, מיך בעט איך!“ — האט ער געענטפערט בעטענדיג.

ניין, ניין, עס איז שוין אוועק! גוט, וואס די צייט איז שוין אריבער; נאר, איינס זאלט איהר נאך וויסען, ווען איך בין שוין אויפ'ס לעצט פער־צווייפעלט געווען און האב זיך מיט טוידט־געדאנקען ארומגעטראגען, איז מיר הילף געקומען גאר פון אן־אנדער זייט, פון וועלכער איך האב קיינמאל נישט געדאכט! — א פריינד פון מיין פערשטארבענעם פאטער, א זעהר הויכגעשטעלטער מאן, האט זיך, ווי מען זאגט דאס אזוי שען: פער־פלעמפערט. ער איז אן א באלעטניצע הענגען געבליבען און האט זי געהייראט. און דאס האט איהם געקאסט זיין שטעלונג און פערקעהר. זי האט איהם דעם הימעל אויף דער ערד געמאכט; נאר ער האט דאס נישט אנערקענט און איז פערביטערט געשטארבען. די פרוי, וועלכע איז יאהרען־לאנג נאר זיין געליעבטע געווען, וועלכע האט איהם א טוידט קינד געבוירען און האט נעבען איהם ווי אין דער העל געלעבט, די איז איהם טריי געבליבען ביז איבער'ן קבר. זי איז מיין רעטערין געווארען, מיין צווייטע; אבער בעסערע מוטער!“ — צארניג האט זי איהם אנגעקוקט, ווי זיי וואלט וועלען ווידערשפרוך אדער פעראכטונג פון זיין מינע לייענען. ער האט געהארכט מיט איינגעהאלטענעם אטעם. דערנאך האט ער גע־זאגט בעטענדיג: „איך בענש די פרוי. און וואס מיינט איהר יעצט ווייטער צו טהון, אננא?“ — — .

„מיר רייזען קיין לאנדאן, וואו איך וועל מיר א פאטאגראפישעס אטעליע איינריכטען. דארט ברויך מען קיין פאפירען און קיינע פארמאליטעטען, דארט וועל איך לויז ווערען פון דער פיינענדיגער שאנד, פריילין צו זיין און א קינד צו האבען! דארט וועט מען מיר דעם פרויענטיטול פערגינען!“

ביידע האבען געשוויגען. אטטא האט געפיהלט אן־אונקלארע בענק־שאפט, זיך פאר איהר אניעדער צוווארפען, איהר די הענד צו קושען און בעטען ביי איהר פערציידונג. ער האט געקוקט אויף איהר נישט רעדענדיג קיין ווארט. פערגעסען איז געזעהען די שענהייט פון די גרעבין פון זעגעבערג. פערגעסען וואס רעדען האט איהם געווארענט. ער האט נאר געזעהן די רייצענדע אננא זאנדערס. און זי האט אויסגעזעהען, ווי זי פיהלט וואס פון זיינע אויגען שטראהלט. שווער איז זי אויפגעשטאנען און איז ארויף אויפ'ן באלקאן. זי האט געקוקט אויף די גאס: „דאס קינד מוז באלד קומען. איהר זאלט עס זעהן! איך וויל דאס! — — מיר וועגען דא אין

דער בעריהמטער אָפּטישער פאַבריק דריבען" — מיט פינגער האָט זי אויפ'ן פּאַרקעט געוויזען — צו מאַכען אונזערע אייגקויפע. און די טאַנטע בעזוכט דאָ נישט וויים די קברים פון איהרע עלטערן. אַלץ האָט זיך אַזוי גוט צוזאַמענגעפאַסט!" נערוועזע האָט ער געריבען די הענד און האָט ווייטער געזאָגט: „דאָס הייסט, איך אַליין האָב אייך שוין נישט מעהר געצאָהלט זעהן, איך האָב געצאָהלט אַוועקגעהן, אייידער איהר וועט קומען!" —

ער איז צו איהר צוגעלאָפען און אַ ניעדער געקניעט: „פאַר האָס, אַננאַ קאָנט איהר נישט פערציהען? האַסט איהר מיך דען?" — פלאַמענדיג האָט ער איהרע ביידע הענד אָנגענומען און געדרוקט זיי הייס. אַ סעקונדע האָט זי די אויגען פערמאַכט. — „איהר זייט אַ גליקליכער חתן, הער פאָן קאַנטהאַגען!" —

ער האָט זי פריי געלאָזט און צוריק געפאַלען: „עס איז וואָר!" — האָט ער געזאָגט, שטאַרק געקרענקט, דען רענאַס עקזיסטענץ איז איהם יעצט ווידער אויפ'ן געדאַנק געקומען. זי איז איהם אין דער מינוט כמעט פערהאַסט געוועזען. — „די גרעפין פון זעעבערג האָט זיך אין מיר פערליעבט, זי איז רייך און שיין און — —.

„[illegible], אַז איהר ליעבט אייער כלה! איהר זייט קיין שפּיעלצייג וואָס לאָזט זיך קויפען!" — — אָטטאָ איז ווידער צוזאַמענגעצויגען געוואָרען: ניין, אַננאַ, איך ליעב זי נישט! רענאַ בעטויבט מיך, אַזוי לאַנג ווי זי ווירקט אויף מיר מיט איהר פערזענליכען צויבער. איהר ליעבע פרעהט מיך; אָבער — — — — רענאַ איז זעהר רייך און אונאַבהענגיג; איך האָב שולדען; וועגן אויך נישט פיעל, אָבער דאָך גענוג. פון קינדהייט אָן בין איך שטענדיג געוועזען אין פענסיאָן, אַרויס פון הויז! שטענדיג אַליין און צווישען פרעמדע! אייביג אין מיליטערישען טומעל! איך האָב געבענקט נאָך ליעבע, נאָך פריידהייט, אַננאַ!" ער קוקט זי הונגריג אָן. אַליין פערגעסען, האָט זי איהם אַ סעקונדע זיין בליק פול צוריקגעגעבען, אָבער באַלד דרעהט זי זיך אָב אָן אַ זייט.

„איהר וועט אַהיים בעקומען. אייער כלה ליעבט אייך דאָך — — —

אָטטאָ האָט געציטערט. רענאַטע זעעבערג, די אַריסטאָקראַטישע פערוועהנטע שענהייט איז אין גייסט פאַר איהם געשטאַנען. העלבלאָנד, ווי אַ בוים געוואַקסען, שטאָלץ, קאַלט און ווייס. אין איהרע ליעבעס בעווייזען? — אַ פראָסט געהט איהם דורך די ביינער. דער קאַלטער בליק פון איהרע שוואַרצע אויגען? זי האָט געלאָזט איהרע שפּיצביניגער קיסען

און דאָס איז אַלץ! זי ליעבט איהם אויף איהר אַרט; אָבער אין גאַנצען ליעבען וועט ער מוזען איהר שקלאַף זיין. געצענדיענסט מיט איהר טרייבען אום זי ביי איהר הייטערקייט צו דערהאַלטען. נישט נאָר איהר בעצויבערענדעם געשטאַלט נאָר אַלץ, אַלין ברענגט זי אַריין! — איז דאָס אַ גליק? —

קאַנטהאַגען האָט ווילד געקוקט אויף אַננאַ זאַנדערס. זי האָט געקוקט פאַר זיך אין די לופט ווייט. ער זעהט איהר ווייך געשטאַלט, דעם שענעם מילדען פּראָפיל. — דער פערשטאַנד צו ליעבען, טיעף צו ליעבען, צו רעדען, אַריינצודרינגען! נאָך פריהער! זי איז אימשטאַנד געוועזען זיך צו אָפּפערען! ווי האָט זי שטאָלץ אַלין איבערגעטראָגען! ער האָט זי בעוואונדערט מיט דער גאַנצער געוואַלד ציהט איהם אַהין צו איהר. ענגסטיג מאַכט ער זיך בעקוועמער, לויזער דעם ענגען קראַגען. דערשטיקט צו ווערען האָט איהם יעצט אויסגעוויזען! —

„אַננאַ!" — בעט ער שטיל און שטיקענדיג.

און ער זעהט ווי אַ ציטער געהט דורך איהר קערפּער. — „אַננאַ!" — בעט ער ווידער.

זי האָרכט אָהן אָטעם. פיעלליַיכט קומט יעצט דאָס וואונדערבאַרע, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט געוואַגט צו חלומ'ן? איהר גאַנץ וועזען איז אין דעם מאָמענט געוועזען נאָר אַ געשפּאַנטעס האָרכען. — און יעצט קלאַפּט מען אין טהיר. זי האָט זיך געפּענט. עס האָט זיך אַריינגערוקט אַ קליין קינדער־וועגעלע, אין וועלכען די וועכטערין האָט דאָס קינד געפיהרט. — דער אָפיציר איז אויפגעשפּרונגען און איז בלאַס געוואָרען. און אַננאַ האָט אויך ווי פון אַ טיעפען חלום אויפגעוואַכט. איהר געזיכט האָט זיך מיט פּורפּורפאַרבען געפאַרבט.

„אַך, פרוי קאָך! צוריק? — — אָט בין איך גאָר אַליין דאָ; ביטע, געהט דערוויַיל אַריין אין שלאָפצימער!" — — די פרוי איז פערשוואונדען מיט'ן וואָגען אין נעבענצימער און פערמאַכט פעסט די טהיר. —

אַננאַ האָט דאָס קינד, וועלכעס האָט איהר לאַכענדיג און שפּיעלענדיג די הענד אַקעגענגעשטרעקט אויפ'ן אָרעם גענומען. זי האָט עס געטראָגען ביז צו'ם טיש, אַניעדער געשטעלט עס דאָרט און אויפגעבונדען געשיקט די שלייפען, וועלכע האָבען דאָס ברייטע וויַיסע פילץ־היטעל פעסט גע־האַלטען. דערנאָך האָט זי אַראָבגעצויגען גלאַט דאָס וויַיסע געשטיקטע קליידעל, האָט עס געגלעט איבער די גאָלד־ברוינע לאָקען און געדריקט דאָס קעפּעל פעסט צו איהרע באַקען. מיט איהר אָרעם האָט זי בעשיצענדיג אַרומ־

געוּמען דאָס שפּרונגענדיגע קערפּערל. — לאַנגזאַם, אויפגערעגט אויס־געדרעהט זיך און געקוקט אויף קאַנטהאַגענען.

בלאַס, אונבעהאָלפען איז ער געשטאַנען און געדרעהט אין פּיינליכער פערלעגענהייט די דיקע שנורבערד אינגאַנצען צעמישט איז ער אין דער סיטואַציאָן געווען. ער האָט נישט געוואוסט וואָס ער זאָל טהון, וואָס ער זאָל זאָגען. נאָך געשלאָגען האָט אין איהם די שטילע ווייכקייט, וואָס ער האָט נאָר וואָס געפיהלט. קיין זאַך האָט איהם נישט געקאָנט נאַרישער פאָרקומען, ווי יעצט געפיהלען צו שמייכלען. וועלכע ער קען נישט, פערשטעהט נישט און גלויבט אין זיי נישט! ער האַסט כמעט דאָס קליינע קרייהענדע און שפּרונגענדע וועזען. פונדעסטוועגען טרעט ער, אונטער דעם שפּאַן פון איהר בליק, נעהנטער, פרעסענדיג עטוואָס אַנאַיינגעהאַלטענעם שמייכעל אויף די פעסטע טרוקענע ליפּען. — ווען ער האָט דאָס קינד פון דער נאָהענט אָנגעקוקט איז עס געוואָרען רוהיג. מיט דעם גרויסען אונשולדיגען און דאָך אַזוי ערנסט פּרובענדען בליק פון קלוגע קינדער, האָט עס איהם פרעמד בעטראַכט.

אַן עלעקטרישער שטראָם האָט פּלוצלונג בעהאַלטען אַ קלאַפּ געטהון און דורכגעצויגען קאַנטהאַגענען. ווי געצוואונגען אונווילענדיג עפענען זיך די אויגען פון זיך אַליין נאָך ווייטער, נאָך ברייטער. דער שמייכעל איז פערשוואונדען. פערוואונדערט האָט ער בעטראַכט דעם קינד און הערמאַנט זיך אַם־שטאַרקסטען געריהרט. — אין דער היים, ביי זיינע עלטערן הענגט אַנ'אייל־בילד, וועלכעס שטעלט איהם אַלס קליין קינד פאָר. זיין פאָטער האָט דאָס שטאָלץ און בעגייסטערט זיין ערשטען זוהן מאָלען געלאָזט. אָפט פלעגט ער דאָס אָנקוקען און דערביי שטענדיג געזאָגט: „יאָ, אָטטאָ, אַזוי שען ביזט דו אַמאָל געוועזען! ווי אַ קליינער מלאך רפאל האָסט דו אויסגעזעהן!" ווען ער איז שוין אַ גרויסער יונג אין די לעבי־יאָהרען געוועזען, האָט שטענדיג די מוטער דאָס אייגענע זיפצענדיג געזאָגט! — און איהם האָט יעצט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט זיין אייגענעם קינדער־פּאָרטרעט פאַר זיך געזעהן. דאָ ווי דאָרט די זעלבע גאָלד־ברוינע לאָקען, וועלכע ווינען געדיכט געקרויזעלט געוועזען אַרום דעם ריינעם שטערען — די זעלבע שען־געשניצטע גראַדע נאָז, דאָס זעלבע דינע קליינע מויל. און דער־הויפּט די אייגענע גרויסע ברוינגרינע אויגען מיט די [illegible] זיידענע ברעמען!! — אינסטינקטיוו גלעט ער מיט די פינגער דעם קינד'ס געזיכט און וויעדער ציקט אין איהם עפּיס וואונדערליך. דאָרט אויף דעם

קינדער-בילד און דאָ אויסן קינד-געזיכט דער װעלכער געלער פלעק אונטען דעם לינקען אויג! —

אָטטאָ איז געשטאַנען אין דער בעטראַכטונג פערזונקען און אויף איהם האָט געבליקט דער ערנסטער קינדער-בליק, וועלכער האָט אויך ביי איהם, ווען ער איז קליין געווען, אַלע געצויגען. ער האָט געשפירט אין האַרץ אַ וואונדערליך ציהען, וועלכעס ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט, אַז דאָס געפיהל האָט זיך גערירט אין איהם, ביי וועלכען אַלעס איבריגע פערגעהט. און דאָס שטייגט געוואַלטזאַם אַרויף. עס ווערגט איהם אין האַלז, וואַרפט איהם אינווייניג און שלאָגט איהם דאָס וואַסער אין די אויגען. איהם האָט אויסגעוויזען ווי טויזענד גלאָקען וואָלטען מיט אַן'אונבעשרייבליכער קלאַנגשענער רייַנהייט אין זיינע אויערען געקלונגען. וואָס איז מיט איהם? עס ברענט און ציטערט אין איהם, אויסגיסענדיג זיך אין אַן'איבערקוועלענדען טענערשטראָם: האַלב רידונג — האַלב פרייד! — — פאַר איהם אַליין אונבעוואוסט האָט דאָס געפיהל איהם אונטערדריקט און געמאַכט זיך אַ וועג —

ער איז צוגעפאַלען צום קינד און געדריקט-עס שטאַרק אין זיינע אָרעמס.

זיין מויל האָט זיך געפרעגט ציטערנדיג צו די ווייכע לאָקען. שטאַמלענדיג האָט ער אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס האָט אין איהם אַלס פאָטער-געפיהל צו-וואָרפען און דערשטיקט גערוהט און יעצט זיך פערקערפערט און מיט הייסער רייַנער צערטליכקייט דעם וועג דורכגעבראָכען:

„מיין קינד, מיין קינד!“ — טרערען גיסען זיך פון זיינע אויגען און פאַלען אַראָב. דאָס יונגעל האַלט זיך אַלץ רוהיג. שלאָכצענדיג פאַלט אַננאַ אויף אַ שטוהל צוזאַמען. דאָס מוטער-גליק, די גאַנצע ליבע צום מאַן, די הויכע אַרט פון דעם נישט-איינגעהאַלטענעם נאַטורצוואַנג, וועלכע בינד צוזאַמען די עלטערן מיט דעם קינד, דאָס אַלץ האָט אין איהר גע-יאָמערט. עס האָט זי געטריבען די אָרעמס אויסצושטרעקען און דעם מאַן און דאָס קינד אַרומצואַרמען; אָבער — — — — און דאָס האָט זי פויל-געמאַכט מיט קוועלענדער פערצווייפלונג — — — — יעצט האָט זי מיט גרויזאַמער קלאָרהייט ערשט רעכט געפיהלט דאָס אונלעגאַלע, דאָס נישט-געזעצליכע אין איהר לאַגע — דאָס אונרעטבאַרע! דאָס נישט האַלטבאַרע! —

פערגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט זענען אין דער סעקונדע פאַר איהר געשטאַנען. די פינסטערע זיעסע שרעקליכע מינוט, אין וועלכער זי האָט, נישט מעהר זייענדיג ביים פערשטאַנד אָנגענומען. די גרויסע וואַקסענדע פיין ביז צום קינד'ס געבורט. איהר שווערען קאַמפפמיטה צו

האַלטען אין רוהע, אַז זי קאָמעדיע פאַר זיך און פאַר איהם יעצט און אין דער צוקונפט. צוערשט האָט זי הערגען איהם מיט האַס און עקעל געטראַכט, דערנאָך מיט שטומפיגער גלייכגילטיגקייט. מיט דעם לעצטען רעשט פון האַס האָט זי איהם געוואָרט דאָס קינד ווייזען. עס זאָל פאַר איהם אַברען, אַ בלוטיגע וואונד זיין. אַ שווערער שטיינערנער פיין־שלאַג און אַ Momento Mori! (געדענק דעם טויט!). ער זאָל דאָס שענע ליעבע בעשעפעניש, זיין קינד, זעהן — — און ענטבעהרען! — און אין דעם אויגענבליק, ווען ער איז פאַר איהר געשטאַנען אַזוי אונגעהוואַרט, איז האַס, גלייכגילטיגקייט און עקעל פערשוואונדען! יעצט ליעבט זי איהם, מעהר ווי שטענדיג; הייסער, טיעפער! אין איהם דעם פאָטער פון איהר קינד און אין איהם דעם שענעם, גוטען מאַן. נשמה און נערווען ליעבען און בעגעהרען. זי שלוכצט ביטער. זי האָט איהם געוואָלט פערוואונדען און האָט זיך אַליין געטראָפען. וואו איז איהר רוהיגקייט אַוועק? צי וואָס זעהט זי אַזוי קלאָר? —

זי הערט איהם רעדען מיט'ן קינד, קושען עס. זי זעהט ווי ער שטעלט דאָס קינד אויפ'ן באָדען און לאָזט עס געהן, קוקט ווי עס געהט און שטעלט עס ווידער אַרויף. —

אָטטאָ איז קיין פערפיהרער נישט געווען, קיין דיפּלאָמאַט. ער האָט זי דעמאָלס געוואָלט, מיט אַ געפיהל פון מיטלייד און פערוואונדערונג האָט ער צו איהר געשטרעבט, זי גערן געהאַט. מיידלעך פון איהר אַרט האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געהאַט בעגעגענט. ער האָט זי געוואָלט פאַר זיך האָבען און זיין ליידענשאַפט האָט נאָך מעהר אויפגעפלאַמט, ווייל זי האָט זיך געוועהרט. זי איז איהם צו אָפּפער געפאַלען, ווייל זי, ווי מיליאָנען פרויען פאַר איהר, האָט נישט מעהר געקאָנט זיין אָנהאַלטען, זיין שטאַמלען, זיין בעטען צוהערען! ווייל זי האָט זיין פערצווייפעלטע צושלאָגענהייט, זיין דערשטיקט געוויין פאַר אונערטרעגליכע ליידען געהאַלטען. פון טיעפען מיטלייד און ריינער אמת'ר ליעבע האָט זי זיך איהם איבערגעגעבען, מעהר דאָס האַרץ, ווי איהרע, גענוג אויפגערעגטע פערלאַנגס־געפיהלען, ווי איהרע נערווען, — האָט זי געפאָלגט. נישט קיין ערפאַהרונג האָט זי געהאַט וואָס האָט זי געקאָנט רעטען, און נישט די קלוגהייט האָט זי געקאָנט צוריקהאַלטען, בעגרענצטע ערפאַהרונג און די קלוגהייט געבונדען דורך דעם פלאַם פון ליעבע און מיטלייד צו זיינע ליידען, איהר בעדויערענדיג האַרץ האָט נישט געראַטען ווער עס זאָל עס וואָרנען. עס האָט אַלץ אַוועקגעשענקט! — איהר גאַנצער קערפּער איז אויפגערעגט און די האָט שטעלען

זיך איהר אויפ'ן קאָפּ. אַ פרוי גיט אַלץ אַוועק און די מענער נעמען דאָס געשענק אַזוי גלײַכגילטיג צו, ווי גאָרנישט! — ווי רוהיג ער איז דעמאָלט — דערנאָך געוואָרען! ווי דאַנקבאַר און געזעלשאַפטליך און גוט ער איז געוואָרען, ווי אַ הונגעריגער, וואָס מען האָט איהם געגעבען זאַט אָנצועסען! ביז זי איז געגאַנגען, ניין, ביז זי איז אינגאַנצען געבראָכען, פול מיזישען שמערץ, פול פסיכישען שרעק, קרענקונג און עקעל, אַוועקגעקומען! ווי אַ ברודער נאָר האָט ער מיט איהר, זיך מיט אַ קוש אויפ'ן מויל און איינעם אויף דער האַנד, געזעגענט און זי ביז צום טויער געפיהרט! — — און דערנאָך איז זי פערגעסען געוואָרען! — — און ער איז נישט שלעכט געווען, ביי קיין פאַל נישט! ער איז אַפילו אַ גוטער מאַן געווען! ער האָט נאָר אויסגענוצט דאָס פּריווילעגיום וואָס אַ גרויזאַמע, אונגערעכטע נאַטור האָט די מענער געגעבען און דעם ווײַבליכען געשלעכט אויף אייביג פערזאָגט! — וואָס נאָך אַ התונה נאַטירליך שען איז, איז דאָ אַ זינד! — פערשאָלטען זאָלען די אַלע גע'גנבה'טע, אונלעגאַלע! — זי וועט אינגאַנצען לעבען מוזען שלעפען די שאַנד, וועלכע איז ביי אַנדערע פערהעלטניסע אַ גליק! — אַננאַ שלאָכצט און רעגט זיך אויף, געגען דעם שיקזאַל, ביי דעם אַלטען, אייביג יונגען פילאָזאָפירען. פלוצלונג האָט זי אַ ציטער און זיך אַ האַפּ געטהון. דער קליינער איז צו איהר צוגעקראָכען צופּט זי פאַר'ן קלייד און קאָממאַנדירט מיט אַ קלאָר שטימעלע: „מאַמאַ—שטעה אויף!" — זי ווישט אָב די טרערען וואָס האָבען זיך אַלץ פון איהרע אויגען געגאָסען און נעהמט איהם אויף איהר שויס — איהר פינקינד! דער קליינער אָטטאָ דרוקט זיך פעסט און צאַרט צו איהר, רוקט זיך און רוטשט ביז ער האָט זיך אַ בעקוועמט אָרט געפונען. און פון דעם זיכערן אָרט לאַכט ער צו קאָנטהאַגענען. — קאָנטהאַגען, נעהמט אַ שטוהל, רוקט זי צו נעהנטער, און זעצט זיך אַוועק ביי איהם. מיט איבערשטראָמענדער צערטליכקייט קוקט ער אַננאַ און דאָס קינד אָן. אַנ'אונאויפהערליכע שטימע שרייט אין איהם, רופט און זאָגט: „דאָ האָסט דו דיין גליק!" — האַלב אונבעוואוסט זאָגט ער: „איך קאָן נישט מעהר אַוועק פון דאַנען, אַננאַ! דאָ אַהער געהער איך! דו ביזט מיין, און דאָס קינד איז מיין פלייש און בלוט! איך פיהל דאָס! — — — ווי זאָל איך — אָהן אייך ווייטער לעבען?" —

זי קוקט איהם אָן, איהר רויט פערוויינט געזיכט פאַרבט זיך. אין איהרע אויגען שטעלט זיך אַ פערוואונדערטע פראַגע. אַנ'אַלטע בלוטיגע האונד

דריקט צו איהר האַרץ און גיסט זיך דאָרט אויס, זי קאָן קיין אָטהעם ציהען. איהר פאַלען די ברעמען פון איהרע אויגען צו. — אונערהערטבאַרעס גליק שטעלט זיך איהר דאָ פאָר.

— רעהאַביליטירען*) זיך, — האָבען דעם געליעבטען אין איהר בעזיץ — צומישט מאַכט די אויסזיכט! —

„דאָס האָסט דו גוט איינגעפּידעמט!" — זאָגט ער ווייטער. — „דו האָסט געוואוסט דעם צויבער פון דעם קינד און דיין אייגענעם! דו האָסט געוואוסט וואָס עס הייסט פאָטערגעפיהל! אַננאַ, אַננאַ!" — זיין שטים האָט גאָרנישט מיט פאָרווירפע געקלונגען. ער האָט איינפאַך נאָר קאָנסטאַנטירט די פאַקטישע זאַך. און באַלד שטרעקט ער שוין ווידער די אָרעמס צום קינד אויס. — — אַ וועלט פון געדאַנקען איז דורכגעלאָפען און גערוישט אין פיעבערדיגען געהירן. דאָ שטעלט זיך איהר דאָס גליק פאָר! זאָל זי דאָס גאַנצע בעטראַכטען אַוועקלאָזען, און צונעהמען? זאָל זי דעם קאַמפף מיט איהם און מיט דער וועלט אויפנעהמען? האַלטען איהם — געגען זיין צופריעדענהייט? האָפען?! איהרע פערלאַנגען, איהר האַרץ שרייט יאָ. שוין עפענט זי די אויגען און טרעפט זיין פערליבונגס גרוס, זיין אוניפאָרם. זי קוקט איהם אָן. די אַרט פון איהר גריבלערישען, צוליינענדען פערשטאַנד האָט אַוועקגעטראָגען דעם זיג איבער דעם רויש. איהר ריינע ליעבע צו איהם האָט'ן אַוועקגעטראָגען איבער דער עגאָאיסטישער קלוגקייט. נישט קלאָגענדיג הייבט זי אָן מיט אַ הייסערען טאָן צו רעדען, און איהרע געזיכטס־צוגען בעקומען ווידער דעם פריהערדיגען ביטערן, בעלעהרענדען אויסדרוק.

„איהר האָט דאָס קינד געזעהן, יעצט געהט! איהר וועט באַלד די שעה איבערקומען! — — אַלץ איבריגע איז אומזין! איהר זייט אָפיציער און בראויכט נישט מעהר דאָס פערפיהרטע מיידעל צו הייראַטען! אייער פערמעגען איז אַוועק ווי אייער גוט, טאָ מיט וועלכען בירגערליכען בערוף ווילט איהר אונז דערנעהרען? — — — ווי קאָנט איהר זיך אָבזאָגען פון דעם גלאַנץ פון אייער שטאַנד? וואָס ווייסט איהר פון די אַלע קליינע פערביסענע קאַמפפען אין אונזער לעבען? — — — און דער עיקר, ווי וועט איהר זיך פאַר דער גרעפין פון זעעבערג, פאַר אייער כלה שטעלען? האָט איהר זיך דאָס אַלץ קלאָר געמאַכט? — — — — ניין, הער פאָן־קאַנטהאַגען, עס איז בעסער, איהר געהט יעצט — — שנעל!" — — — דאָס האָט זי מיט אַ האַסטיגען בעפעהלענדען טאָן שטאַרק אַרויסגעזאָגט און זיך געשווינד אַ שטעל־אויף געגעבען. אַננאַ האָט אַליין געוואָלט ענטקומען דעם נסיון, וועלכען זי האָט יעצט געהאַט בייצושטעהן. זי האָט בעהאַלטען

איהר קינד אין אָרעם און געלאָפען אין אַ ווינקעל פון צימער.

פון צושלאָגענעם גייסט בייגט זיך אָטטאָ איין. מיט פיזישען שמערץ איז די מאָראַלישע קויל אויף דעם וואַרמען, ערשט-אויפגעבליהטען, וואַרמען געפיהלס-לעבען געפאַלען. ער טראַכט — און גיט איהר רעכט. ראָדעק — רענאַ — זיינע עלטערן שטעהן פאַר איהם, זיין צוקונפט! ער קוקט צו איהר אַהין. אונענטשלאָסען, פול צווייפעל און קוואַל! מיט דער גאַנצער קראַפט האָט'ס איהם צו די ביידע געצויגען; אָבער — — — — — — — — — ווען ער געהט יעצט — — — יעצט — — — אַזוי איז ער פערמשפט! אַ שרעקעוודיג בריאה'לע, אַ פאַסקודנער יונג איז ער! פאַר איהר און פאַר זיך אַליין געוועזן! —

יעדע מינוט האָט ווי אַ שעה אויסגעוויזען. אַננאַ'ס געזיכט איז נאָך האַרטער געוואָרען. ענטשלאָסען געהט זי צו צו דעם דאָרט-פערזונקענען שטעהענדען. „זייט געזונד, העררי פאָן-קאָנטהאַגען!" זי האַלט איהם דאָס קינד אַקעגען. ער בעמערקט דאָס נישט נאָר שלאָגט ביידע הענד אויפ'ן געזיכט. „אַננאַ! אַננאַ!" — קלאָגט ער שטיל. — זי האָט איהם פעסט אָנגעקוקט אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט זיך יעצט זיין בילד אויף אייביג איינפרעגען. דערנאָך בייסט זי מיט די צייהן די ליפען און פערלאָזט מיט'ן קינד דאָס צימער. — ער הערט די טהיר קלאַפען אויפ'ן שלאָס און דער שליסעל דרעהט זיך אום. זי איז אַוועק! ער איז אויף זיין אָרט שטעהן געבליבען. ביז אַ העל קינדערלאַכען פון נעבען-צימער האָט איהם איבערגעשראָקען. — ער לאָזט די הענד פאַלען, קוקט זיך אַרום — אַליין איז ער געוועזן! — —

לאַנגזאַם, מעכאַניש האָט ער זיך געגעלעט איבער דעם שטערען און אויגען — — — — גענומען זיין היט, די האַנדשוה, איז לאַנגזאַם אַרויס און אַוועקגעגאַנגען. ווי היפּנאָטאָזירט געהט ער, שלעפּט זיך שווער ווי בליי, אונפעהיג צו דענקען און צו קלאָגען. — — אויך די פרעהליכע לאַכעדיגע זון האָט ער נישט געזעהן. די גאַסען, אויף וועלכע שוואַרצע שאָטען זענען פאַר איהם פערבייגעשוועבט, האָבען איהם אויסגעוויזען הונקעל, שוואַרץ. שטומפיג בויערט נאָר אין איהם דער איינער געדאַנק: „עס איז אַל'ץ אויס, גליק און פרייד, אַל'ץ אויס — — אויס!" — אויף מעהר האָט זיין פסיכישע קראַפט נישט געלאַנגט. אַזוי האָט ער זיך ביז צו זיין וואָהנונג דערשלעפּט, דאָרט זיך אויפ'ן דיוואַן אַנידערגעוואָרפען, אין דער אייגענער שטומפיגער, שמערצליכער שווערער צערשטערונג. —

אַננאַ האָט דאָס קינד דער וועכטערין געגעבען. אום דער זעלבער איהר

פאַרווייַנט געזיכט נישט צו ווייַזען איז זי צוגעגאַנגען צום פענסטער. דאָרט שטעהענדיג האָט זי איהם געזעהן אַוועקגעהן, נישט עלאַסטיש, נאָר לאַנג־זאַם, שווער. האָט זי געקראַמפּפּט די הענד צוזאַמען. דאָ פערשווינדט ער יעצט פון מיין לעבען! איך וואָלט איהם בעדאַרפט האַלטען! ווי נאַריש איך בין געווען! פּלוצלונג איז איהר וואָהלטהעטערין פאַר איהר אין גייסט געשטאַנען. דאָ איז אויך אַזאַ הייראַט געווען, וואו דער מאַן איז פון זיין וועג אַראָבגעוואָרפען געוואָרען. און ביי זיין גאַנץ רייכטום, ביי איהר גרויסער איבערגעגעבענער ליעבע, איז ער אַ קראַנקער פערביטערטער טייוועל, אַ היפּאָוואָנדער געוואָרען, וועלכער האָט זיין געליעבט ווייב פאַסט ביז צום טויט געקוועלט! איז דאָס פאַר דער טאַנטע אַ גליק געווען? — צי וואָלט זי נישט ביי אָמטאָ נאָך אַנ'ערגערן גורל געהאַט, ווייל ביי זיי וואָלט נאָך דער קאַמפּף פאַר דעם טעגליכען ברויט צוגעקומען? — אַננאַ אָטעמט אָב און די בעפרייט און דאָך רינען הייסע טרערען איבער איהרע קאַלטע באַקען.

---

## דריטעס קאַפּיטעל.

עס האָט אָנגעהויבען דונקעל צו ווערען. פון דעם שטאָדט־גאָרטען האָט זיך געהערט שפּיעלען וואַלצער און מאַרשען. עס האָבען געשפּיעלט די מיליטער־מוזיקאַנטען. די פאָרנעהמסטע לייט זענען אַרום אויפגעשטעלטע טישען געזעסען. אַלע האָבען איינער דעם אַנדערן גוט געקענט. האָט די מוזיק אַ ווייַלע אויפגעהערט צו שפּיעלען האָט מען איהר לעבהאַפט אַפּלאָדירט. מען האָט זיך פון די טישען אויפגעהויבען, אַרומגעגאַנגען אַהין און אַהער. אַריבערגעשמועסט פון איין טיש צום אַנדערען. אונטער די הויכע בוימער האָט אַנאַנגענעהמע דעמערונג געהערשט. די לאָמפּען מיט די גאַז לאַמטערן האָבען נישט געקאָנט די שוואַרצע אָבענד־שאָטענס איינגאַנצען פערייאָגען. אין די ערטער וואו עס איז גאָר דונקעל געוועזען האָבען זיך די יונגע מיידלעך איינס דעם אַנדערע זייערע סודות פערטרויט, קריטיקירט זייערע בעקאַנטע הברי'טעס און גלאַט אַזוי געשמועסט. האָט דאָס קאָנצערט זיך ווידער אָנגעהויבען איז יעדער צוריק צו זיין פאַמיליע צוגעקומען או האָבען זיך בעגנוגענט דערמיט, וואָס זיי האָבען, אונטער די עלטערנ'ס השגחה, קאָקעטירט מיט די העררען. אַ בעזונדערע ר[illegible] האָ־

גען דאָ געשפּיעלט די אָפּיציערען. אָבער אויך דאָ האָט מען זיך נישט מיט אַלעמען גלייך פֿערהאַלטען, אַ גרויסען הלוק האָט מען געמאַכט צווישען קאַוואַלעריסטען וואָס רייטען שטאָלץ אויף זייערע פֿערד און צווישען אינפֿאַנטעריסטען וואָס גייען נעבאַך צו פֿוס. מיט איין וואָרט, דאָ האָט אויך געהערשט דער קלאַסען־אונטערשיעד. אַ דאַמע פֿון דער צווייטער אָדער דריטער קלאַסע האָט זיך נישט אונטערגעשטעלט צוצוגעהן צום לאַנגען טיש, וועלכער איז רעכטס ביי דער קאַפּעלע געשטאַנען, זי האָט דאָרטען נאָר קוים אַ בליק געטהון, און דאָס אויך מיט גרויס דרך־ארץ. דאָרטען ביי יענעם טיש זענען געזעסען די דאַמען און העררן פֿונ'ם פּאָרנעהמסטען מיליטערישען שטאַנד. מען האָט זיך געלאָזט וואָהל שמעקען פֿון אַלערליי נאַשערייען, וואָס איז דאָרטען געשטאַנען, מען האָט זיך אונטערהאַלטען רוהיג, זיכער, געמידהטליך און שטאָלץ, ווייסענדיג, אַז זיי זענען דאָס אויבערשטע פֿונ'ם שטויסעל אין דער געזעלשאַפֿט! יעדע איינציגע פּערזאָן אַרום יענעם טיש האָט געוואוסט, אַז אַזוי ווי אַלע מאָל איז זי היינט אויך דער סאַמע מיטעל־פּונקט פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַז אַלע אויגען זענען נאָר אויף איהר געווענדעט.

— וואו איז דאָס דער היבשער ראָדעק? — דער שענער קאַנטהאַגען און זיין כלה זענען אויך נישטאָ! — די גרעפֿין זעערבערג איז מיט איהרע טעכטער אויפ'ן לאַנד אין זייער זומער־שלאָס! — אַה! — יאָ, זיך האָב עס פֿון דער קאַמער פֿרוי גופא געהערט! — — אַזוי!?! האַלסט דו. אַז קאַנטהאַגען איז אַ שענער? — נאַ, ער איז מעהר אויפפֿאַלענד ווי שען. — — — נאָר דאָס מוז מע צוגעבען! אַ קאָפּ האָט ער אַ שיינעם, דאַכט זיך אַזוי שטאָלץ און דאָך זעהט ער אויס צו זיין זעהר אַגוטער!— די פֿריטצי פֿון פּאַדוויג און די לאָרע פֿון שטאַרקוי זענען דאָך פּשוט געטראָגען. — נו, אַ סוף, אָטטאָ! גערעדט זאָל ווערען, וואָס דו האָסט נאָר אויפ'ן האַרצען! ווי געדט עס? — — אויסגעצייכענט! האָט דער צווייטער געענטפֿערט מיט אַ קורצען געלעכטער. — אויסגעצייכענט — — איך האָב גאָרנישט וואָס מורא צו האָבען און, אַז איך זאָל נאָר וועלען, קאָן איך נאָך מאָרגען גופא געהן מיט רעגנאַטען אונטער דער חופּה! — — דאָס וואָלט דאָך טאַקי געוועזען גאָר אַנ'אַנטיק! — האָט איי זשען געזאָגט לעבעדיג. — נו, איז די געשיכטע נאָר אַ הומבוג געוועזען אָדער דו האָסט

פאָרזיכטיג! ער האָט איהם שטאַרק געלויבט, ער האָט נאָך אפילו געזאָגט, אַז ווי איהם דאַכט זיך איז ער עפּיס גאָר קיין מאַנסביל נישט! ——יאָ, איך ווייס דאָס גאַנץ גענוי! אונזער קוטשער איז פריהער ביי איהם א דינער געוועזן. ער פערגעטערט איהם פשוט! — — און מיר, זעהסטו, געפעלט שוין ראָדעק א סך מעהר, ער איז נישט אַזוי ערנסט און פיעל ליעבענסווירדיגער! ביי די פּודוויגס אויפ'ן באַל האָט ער מיט מיר צוויי מאָל געטאַנצט און מיר געבראַכט א בוקעט. — וואָס רעדסטו, ווירקליך? — —

בשעת דער עולם אין גאָרטען האָט זיך אַזוי לעבהאַפט מיט ביידע אָפיציערען בעשעפטיגט, זענען זיי זיך געזעסען ביי קאָנטהאַגען. אין צימער איז געווען דונקעל, און נאָר א שוואַכער ליכטשיין פון דער לאַמטער, וואָס אין ווילע, האָט דורך דאָס פענסטער אַריינגעשיינט.

ראָדעק האָט געוואַרט אויף אָטטאָ'ן. אַז אָטטאָ האָט זיין וואָרט נישט געהאַלטען און איז נישט געקומען, האָט ראָדעק זיך אויפגעהויבען און איהם געגאַנגען זוכען. קומענדיג צו אָטטאָס וואָהנונג האָט ער זיך דערוואוסט, אַז „דער הערר באַראָן איז אַוועקגערייטען. איזשען האָט געוואַרט ביז ער איז צוריקגעקומען. אָפּגעמאַטערט, בלאַס און אין אַן אויפגערעגטער שטימונג איז ענדליך קאָנטהאַגען אַריינגעקומען. ער האָט קורץ בעגריסט זיין חבר, וועלכער האָט זיך ביי א גלעזעל קאָניאַק און א שמעקעדיג ציגאַר בעקוועם געמאַכט, דערנאָך האָט ער גופא גענומען די פלאַש אין האַנד, זיך א גלעזעל קאָניאַק אָנגעגאָסען און עס האַסטיג אַראָפּגעשלונגען. האָט זיך אין זיין שוקעל-שטול א וואָרף געטהון און שטום און מיט א פערצווייפעלטען כעס זיך געדוידעט. א היבשע ווייל האָבען ביידע געשוויגען. ענדליך האָט זיך ראָדעק אָנגערופען: — מהו מיר צוליעב און הער זיך שוין אַמאַל אויף צו שאָקלען, וואָרום אַז נישט בעקום איך נאָך ים-קראַנקהייט! — — איין קורצער רוק און דער שטול איז שוין געשטאַנען רוהיג. א שווערער זיפץ האָט זיך אין צימער פונאַנדער-צרוטגעלאָפען ווי משוגע, אַזוי פערליעבט זענען זיי אין איהם געוועזן! — —
ט, און די הערטע מיללער פון הויפגערטנער איז דאָך מיט איהם אין געוויסע בעציהונגען געשטאַנען, דאָס איז דאָך א בעוואוסטע זאַך! — —
גנָה, וואָס רעדסטו, יענער האָט זיך קיינמאָל מיט קיין בירגער-מיידעל נישט אַריינגעלאָזען, סיידען זי איז געוועזען פון צירק אָדער טעאַטער. מיין שוועסטער-קינד, דער הויפטמאַן, האָט דאָ נישט לאַנג געזאָגט, אַז פון אַלע קאַוואַלעריסטען איז קאָנטהאַגען דער אָרענטליכסטער מענש, אָדער ער לאָזט זיך גאָרנישט מיט קיינעם איין, אָדער ער איז זעהר

געמוזט דערפאַר בעצאָהלען? ווי האָט זיך זאַ נ ד ע ר ס אויפגעפיהרט?——
קודם כל בעט איך דיר מיט אַנאַנדער טאָן צו רעדען! — האָט זיך אָ ט ט אָ סטראַשענדיג אָבגערופען. — אַזוי גאָר! — הער נאָר אקאָרשט, דו, מענש איינער, אַ י י ז ש ע ן, דו ביזט מײַנער אַ גוטער פרײַנד! איך האָב דיר אין דער דאָזיגער געשיכטע געלאָזט אַביסעל טיעפער אַרײַנקוקען, איך האָב דיר אַלעס דערצעהלט! דעריבער בעט איך דיר טאַקי ענערגיש דו זאָלסט די זאַך ריכטיג פערשטעהן! — — — איך פערשטעה גאַנץ גוט דײַן טאַקטיק. דו ווילסט מיר מיט דײַנע ווערטלעך, מיט דײַנע קאָמעדיעס און קונסט שטיקלעך פון דער דאָזיגער געשיכטע אַוועקציהען! מיר מאַנס־לײַט נעמען עס דאָך אַזוי לײַכט אָן. ווי די פודעל־הינד וואַרפען מיר זיך אין וואַסער אַרײַן, שווימען און פּאַטשען דאָרטען אַרום ווי לאַנג עס פּאַסט אונז, אָדער ווי לאַנג מען לאָזט אונז. דערנאָך גהעען מיר זיך צוריק אויף דער יבשה אַרויס, שאָקלען פון אונז דאָס וואַסער ביז איין טראָפּען אַראָב — — און די זאַך ווערט פערריבען, פערגעסען ווי קיינמאָל גאָרנישט! — — — — קאָנסט זיך דיר לאַכען איבער מיר; אָבער מיר קריגסט דו נישט דערצו! איך קאָן נישט! — — הייסט עס, וואָס ווילסט דו טהון, התונה האָבען מיט דעם מיידעל און דאָס קינד כשר מאַכען?——

ק אַ נ ט ה אַ ג ע ן איז אויפגעשפרונגען און צום פענסטער צוגעגאַנגען, וואו ער האָט זײַן היטסען שטערען אָן דעם קאַלטען פענסטער ראַהם אָנגעשפּאַרט. — ניין, האָט ער הייזעריג געזאָגט, — דאָס וועל איך נישט, דאָס קאָן איך נישט, אַזאַ פערדאָרבענער מענש בין איך! — — — —יאָ, וואָלט איך נאָך געהאַט אַביסעל געלד, איך זאָל קאָנען עפּיס וואָס אָנהויבען צו טהון, כדי איך זאָל אין די שפּעטערע, ערנסטערע יאָהרען — —— אָבער אַזאַ בעל הוב ווי איך בין — — — — — — איך בין דאָך אַ פּראָסטער קבצן, אַ בעטלער בין איך, דו הערסט ר אָ ד ע ק! איך מאַך אָן חרפות דעם ראָק וואָס איך טראָג! — — „דו ביזט אויפגערעגט אָ ט ט אָ, דו װעסט רוהיגער ווערען! וויפיעל טויזענדער פון אונז ווערען אָרימע בעלי הובות? דאָס רוב פון אונזערע ברידער, וואָס זענען היינט אָרענטליכע מענער, פאַר זייערע ווייבער, טיכטיגע פּנים־מענשן און טרײַע בעאַמטע, האָבען אַזעלכע הונקעלע פּונקטען אין זייער לעבען! צו אַלדע שוואַרץ יאָהר, מיר זענען דאָך נישט מעהר ווי פּראָסטע בשר ודם'ניקעס! — — מיר קאָנען דאָך נישט חתונה האָבען מיט יעדען מיידעל, וואָס איז אונז דעם וועג פאַר־געלאָפען!? וויפיעל האָבט די שוין נישט אַלץ געהאַט — — הא — — דערמאָן זיך נאָר די שײנינקע אַקראָבאַטין און די היעניגער מיידעל, די ר

האָל פינגע"! — יאָ, ביי דיר זענען אַלע מיידלעך גלייך, מישט אַלעאוים אין איין קאַשע! — האָט אָטטאָ געזאָגט ביזלעך. — „ניין, אודאי זענען נישט אַלע מיידלעך גלייך; אָבער ביים יופיטער, אָטטאָ, איך קאָן מיר נישט העלפען! מעג אַנגאַ זיין אפילו אַ מלאך פון הימעל; אָבער פון זיך אַליין האָט זי דאָך אויך נישט דאָס קינד בעקומען! זאָל זי טאַקי נישט זיין קיין פּראָסט מיידעל, זאָל זי זיין, ווי דו זאָגסט, אַ דאַמע, נו, אַ פאָרנעהמע דאַמע פון אַ גרויסאַרטיגער פאַמיליע! אָבער זי איז דאָך פאָרט אַ געפאַלענע! — — —

אָטטאָ האָט זיך צו איהם אויסגעדרעהט און איהם פאַר'ן אָרעם אָנגענומען. — אמת, דאָס איז זי! דו! ווען איך וואָלט אָבער געווען אַזאַ אָרענטליכער מענש פאַר וועלכען איך וויל מען זאָל מיר האַלטען, וואָלט איך די דאָזיגע געפאַלענע אויפהויבען און איהר נישט מעהר אַרויסלאָזען פון מיינע אָרעמס! דו! ווייסט דו וואו איך האַלט אין דער וועלט, דו? — ער האָט זיך ביטער צעלאַכט. — איך ליעב אָט די דאָזיגע געפאַלענע מיט משוגענער לייַדענשאַפט, איך אַכט איהר אויף אַזוי פיעל, אַז איך בין גרייט פאַר איהר אויף די קניע צו פאַלען, ווי פאַר אַ הייליג בילד. איך אַכט זי, ליעב זי, שעץ זי, פערגעטער זי טויזענד מאָל מעהר פאַר די שטאָלצע, שענע רענאַ! דו!? — — — און איך ליעב דאָס קינד, מיין זוהן, מיין איינציג קינד, ווי עס קאָן נאָר אַ פאָטער ליעבען זיין קינד! הערסט דו אייזשען? — — איך הער, איך הער אָטטאָ און בין ערשטוינט! נו, נו, האָט זי דאָס דיר אַריינגעקראָגען אין איהר נעץ! אָ, דעם גרעסטען כבוד פאַר פרייליין זאַנדערס, איך בעוואונדער זי! — — שווייג! — האָט אָטטאָ מיט ניפטיגען כעס געשריען. — שווייג און מאַך מיר נישט דול! מיר דאַכט זיך שוין אַזוי אויך, אַז איך גיעה אַראָב פון זינען! —

— אַ לאַנגע צייט האָט אַ שטילקייט געהערשט אין צימער. —

— נו, און וואָס רעכענסט דו צו טהון?

קאָנטהאַגען האָט אַ פערצווייפעלטער אָנגענומען דעם קראַגען פון זיין ראָק און עס געשאָקעלט: — איך רעכען צו טהון ווי אַן אָרענטליכער מענש דאַרף טהון, אייזשען! איך וועל די צווייטע אויך אָבנאַרען. איך וועל התונה האָבען מיט רענאַ זעעבערג און — — — אויב עס איז נאָך דאָ אויפ'ן הימעל עפּיס, וואָס מען רופט דאָס השגחה, אַ דין והשבון— — עפּיס יושר און גערעכטיגקייט; דאַן — — — דאַן מוז זי מיר דאָך אויף שטיקער צערייסען! זי מוז, אַז נישט — — — דו, בעדאַרף איך דען נישט אויסנוצען אַלע מיינע פעהיגקייטען, ווען איך וואָלט נאָר אַן אָרענטליכער

מענש געװעזען? װײסט דאך, איך האב אײזערנע מוסקולען, בין א גרויסער מבין אויף פערד, און נאר קיין עם-הארץ בין איך דאך אויך נישט! איז דאס אלץ דען נישט גענוג צו קאנען אנהויבען א ניי לעבען? איך קאן זיין א שטאלמייסטער, א װײן-אגענט; ערגעץ װאו אין א קאנטאר אלס בוכהאלטער, אין א געזעלשאפט פון לעבענס-פערזיכערונג װאלט איך נאך אויך צוליעב מיין גוטען נאמען בעקומען עפיס א שטעלע, אדער אפילו אלס קוטשער, אלס פראסטער ארבייטער! — — אבער איך קאן נישט, אי יזשען, ביי מיין ערדע, איך קאן נישט! בעסער ארײנשיסען זיך א קויל אין שלייף! איך האב אזוי שטארק מורא — — — עס עקעלט מיך אזוי — — מיך גרוילט פאר די קליינע מענשעלעך מיט זייערע קליינע השגות, פאר דאס לעבען אין דער סינסטערניש! אט אזא פאדלער מענש בין איך!

— דו ביזט נישט אנדערש פאר אונז אלעמען, אטטא! אויף איין האר נישט אנדערש! און מיר זענען קיין פאדלעצעס נישט! — —

— אבער מיר זענען עס יא! איך שװער דיר, אז מיר זענען עס יא!— ראדעק האט איהם געלאזען זיך בערוהיגען.

— אטטא, — האט ער נאך א װײלע שװײגען געזאגט, — איך האב געקלערט, אז מיר װעלען זיך הײנט װײזען אין דארמאניע. קומען מיר נישט װעט דער עולם אנהויבען אונז חושד זיין און קלערען מי יודע װאס. דער גאנצער שטאב מיט די דאמען זענען אויך דא! — — מאך זיך פארטיג, מיין אלטער גוטער פריינד! — האט ער מיט א זאנפטער שטימע געענדיגט.

קאנטהאגען, װעלכער איז א צו דיסציפלינירטער מיליטערס-מאן געװעזען, צופיעל געװאהנט צו דער שטרענגער אויספיהרונג פון זיין שטאנד, האט מעכאניש, װי עפיס א מאשינע זיך אנגעהויבען צוצוגרייטען צום אװעקגעהן.

— עפיס איז מיר הײנט אזוי נישט גוט צום מוט, — האט קאנטהאגען מיט פערדרוס געזאגט, — איך װאלט ליבערסט געװאלט — — —

— אבער, אטטא, דאס געהט דאך נישט! מיר קאנען זיך דאך נישט אויסשליסען פון דער געזעלשאפט! עס איז זעהר נישט פאסיג, אטטא! און אגב װעסט דו דארט בעסער פערברענגען װי ביי זיך אין צימער, װאו דו זיצט נאר און גריבעלסט זיך װעגען זאכען װאס קאנען שוין קיינמאל אנדערש נישט װערען! — —

אין צעהן מינוטען שפעטער זענען זיי שוין געװעזען אויפ'ן װעג

נאָך דעם שטאָדט-גאָרטען, פון וואַנען עס האָט שוין די מוזיק אַריבערגעקלונגען. אין די גאַסען האָבען שפּאַצירט בירגער און דער פּראָסטער עולם, וואָס האָבען זיך הינטער דעם פּאַרקאַן צו דער מוזיק צוגעהערט. אויף דעם מאַרק זענען געשטאַנען געדיכטע רעדלעך, געזעסען אויף די בענק אָדער אויף מיטגעבראַכטע שטיל צום צוזאַמענלעגען. פּלוצלונג זענען די רעדלעך עפּיס לעבעדיג און ריהעוודיג געוואָרען. עפּיס האָבען זיך געהערט איבערגעשרייען, פראַגען. — אַלע האָבען זיך געשטויסען אין איין זייט: „וואָס איז געשעהן? — — „וואו?"— — — די ביידע חברים זענען צום מאַרקפּלאַץ אָנגעקומען גראַדע אין דער צייט, ווען די אויפרעגונג האָט איהר העכסטען פּונקט דערגרייכט. ראָדעק האָט זיך צוגעהערט און איבערראַשט זיך אַרומגעקוקט. נייגיעריג האָט ער זיך צווישען געדיכטען עולם אַ וועג דורכגעשניטען. דער עולם, וואָס האָט פאַר זיין אוניפאָרם גרויס דרך-ארץ געהאַט האָט איהם באַלד דעם וועג אָבגעטרעטען. אַ מינוט שפּעטער איז ער שוין געשטאַנען נעבען אַ פּאָליציייסקען און האָט זיך ביי איהם ערקונדיגט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. באַלד ווי ער האָט זיך דערוואוסט, וואָס עס איז געשעהן האָט ער זיך צו אָטטאָן צוריקגעקעהרט. אַ קאַטאַסטראָפע אויפ'ן אייזענבאַהן, צוויי שעה רייזע פון דאַנען! מען רעדט, אַז עס זענען פאַראַן מעהר ווי פופציג געהרגעטע, עס איז שוידערהאַפט! — —

— און ווי אַזוי איז דאָס געשעהן? האָט קאַנטהאַגען אַ פערציטערטער געפרעגט.

— קיינער ווייסט נישט. דער פּאָליציייסקער האָט נאָר געלעזען די דעפּעשע וואָס איז אויף דער סטאַנציע אָנגעקומען. עס איז מוראדיג, אַז מען נעהמט זיך בעקלעהרען, דו זיצט זיך אַזוי בעקוועם אין וואַגאָן, דיר פאַלט גאָר וועגען אַנ'אומגליק אין די געדאַנקען נישט אריין, דו קלערסט נאָר וועגען ווייס איך וועלכע גליקען און מיט אַ מאָל! אַ רוק! אַ רוק! און איידער דו ווייסט נאָך וואָס עס טהוט זיך מיט דיר ביזטו שוין אויף אַ בעסערע וועלט און פאַר די וועלט עקזיסטירסט דו שוין נישט מעהר! ברררר!

אָטטאָ האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט; אָבער זיינע געדאַנקען זענען געוועזען גענוג פינסטער. צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען האָט ער בעגעהרט צו וויסען די ענדע פון אַזאַ מין קאַטאַסטראָפע. ער האָט ביי זיך אין האַרצען געפיהלט עפּיס אַ מין קנאה צו די דאָזיגע מענשען, וועלכע זענען געפאַלען צום קרבן אויף דער אייזענבאַהן אומגליק;

אַרײַנקומענדיג אין גאָרטען־רעסטאָראַן האָט מען זיי לעבעדיג בע־גריסט. ראָדעק האָט באַלד די דאָזיגע שרעקליכע נײַעס דערציילט דעם ערשטען בעסטען קאָלעגע און באַלד האָט זיך דאָס פונאַנדערגעטראָגען איבער'ן גאַנצען גאָרטען. דער גענעראַל, דערהערענדיג דאָס, האָט באַלד געהייסען דאָס קאָנצערט אויפהערען. מען האָט די אָנגעגאָסענע גלעזער אויסגעליידיגט, געשמועסט מיט אײַנגעהאַלטענע שטימען און אָנגעהויבען זיך צוגעהן אַהיים פריהער ווי געוועהנליך. —

אָך אַ שלאָפלאָזע נאַכט איז קאַנטהאַגען אום פינף אַ זייגער אין דער פריה, אין דער שפיץ פון זײַנע סאָלדאַטען, פון שטאָדט אַרויס־געריטען. געזעסען אויפ'ן פערד איז ער שטאָלץ און פעסט. זײַן ערנסט, בלאַס געזיכט האָט אויסגעזעהן ווי פון שטיין אויסגעהאַקט. זיי האָבען געמוזט פאַרבײַ דעם וואָקזאַל פאַרבײַרײַטען. אין דער מינוט ווען זיי זענען דאָרט אָנגעריטען האָט גראָד פאַרבײַגעהאָפּסט דער שווערפעליגער האָטעל־אָמניבוס „שטאָדט לאָנדאָן". אָטטאָ האָט דערין צוויי פרויענגעשטאַלטען געזעהן. ער האָט שאַרפער זיך אײַנגעקוקט. איינע האָט געהאַלטען אַ קינד אויף דעם שויס. דאָס האַרץ האָט איהם אָנגעהויבען האַסטיג צו קלאַפּען. עפּיס ווי פון זיך אַליין האָט ער זײַן פערד אונטערגעטריבען ער זאָל וואָס שנעלער לויפען. זײַנע סאָלדאַטען האָבען איהם געמוזט נאָכטהון. דאָס קלאַפּען פון די פערדישע פאָדקאָווען האָט געהילכט איבער'ן שטיינערנעם ברוק. — — — דאָס פאָדערט זי אַוועק! זי! און זײַן קינד! און מעהר וועט ער זי שוין נישט זעהן! אפשר שוין קיינמאָל אין זײַן גאַנצען לעבען נישט! ער וועט שוין מעהר נישט זעהן דאָס עדלע, קלוגע, לײַדענדע געזיכט פון דער דאָזיגער פרוי, נישט זעהן מעהר דאָס קליין פניסל פון זיסען יונגעלע!? — — — — דאָס איז דאָך נישט מעגליך צו דערטראָגען! זאָל ער זיי נאָכשפּרינגען, זיי אָבהאַלטען? —

קאַנטהאַגען האָט אָנגעהויבען דער קאָפּ שווינדלען. איהם האָט זיך אָבגעדאַכט, אַז די הײַזער דרעהען זיך פאַר איהם אין אַ ווילדען טאַנץ, דאָס בלוט האָט איהם אין פנים שטראָמענווײַז אַרײַנגעשפּאַרט. ער האָט די ליפּען מיט די ציינער געביסען און דעם צוים פעסטער צוזאַמענגעדריקט. אַ סך מאָל האָט ער די אויגען ווײַט אויסגעריסען, ער זאָל קענען קלערער זעהן. איין דריק דעם רעוואָלווער און ער איז פרײַ! — — — דאָס טאַקטישע קלאַפּען, די רהיטמישע מוזיק האָט איהם צו זיך געבראַכט און ער איז ווידער רוהיג און פעסט אויף זײַן פערד געזעסען. קומענדיג אויפ'ן מושטיר־פּלאַץ האָט ער די סאָלדאַטען געהייסען אָבזאָטלען די פערד, זיי

דאַבּען אויף זײַן בּעפעהל פערוואונדערט מיט די קעפּ געשאָקעלט. צום ערשטען מאָל אין זײער לעבּען האָט זײ זײער בּעליעבּטער ראַטמײסטער אַזוי שטאַרק געקוועלט. —

די פערזאָנען, וועלכע אָטטאָ האָט געזעהן פאָהרען זענען חירקליך געוועזען אַננאַ, איהר קינד און די ניאַניע. נאָך גוט וואָס זײ זענען אַזוי געשווינד פאַרבּײַגעפאָהרען. ער וואָלט נישט אים שטאַנד געוועזען לענגער אַריבּערצוטראָגען דאָס צוקוקען זיך צו דער שרעקליכער אויפרעגונג פון די בּײדע פרויען. אַננאַ זאַנדערס האָט אַנאָהענד פריהער, געוואַרט אויף דאָס צוריקקומען פון איהר בּעשיצערין וואָס האָט אין דער נאָהענטער גרויסער שטאָדט געוואָלט בּעזוכען די קבֿרים פון איהרע עלטערן. די פרוי פון ד-ר אָסס איז נישט אָנגעקומען, אָנגעקומען איז די בּשׂורה פון דער אײזענבּאַהן-קאַטאַסטראָפע. אַננאַ האָט זיך שטאַרק דערשראָקען. דעפּעשען זענען געפלויגען אַהין און צוריק, קײן קלאָרע ידיעה אָבּער האָט מען נישט בּעקומען. אַ סך טוידטע קערפּער האָט מען נאָך נישט בּעזיכטיגט, אַ סך פערוואונדעטע — נאָך נישט אויסגעפרעגט. — אַננאַ האָט די נאַכט אין שרעקליכער אויפרעגונג צוגעבּראַכט. זי האָט צוזאַמענגעפּאַקט אַלע איהרע זאַכען אין קאַפער און זיך בּײַ אָפענעם בּאַלקאָן געזעצט, נישט צו פערזאַמען דעם ערשטען צוג, וואָס האָט בּעדאַרפט נאָך דער קאַטאַסטראָפע אָבּגעהן. צוערשט האָט איהר דאָס האַרץ פערקלעמט פאַר גרויס רחמנות אויף דער גוטער פרוי, וואָס האָט זי אין איהר אָרעמער און פערצווײפעלטער לאַגע אַזוי פיעל געהאָלפען. דערנאָך האָבּען איהר אַנדערע זאָרגען אָנגעהויבּען קוועלען. וואָס וועט ווערען, ווען די רײַכע פרוי וועט פאַר איהר און אָטטאָן שוין מעהר נישט זאָרגען? דערווײַל האָט זי איהר נאָך נישט פערזאָרגט מיט אַ שטעלע, וואו זי זאָל זעלבּסטשטענדיג קאָנען איהר בּרויט פערדינען, ווי זי האָט גערעכענט! און זאָל די טאַנטע טאַקע זײַן געשטאָרבּען— וואָס הויבּט מען דאַמאָלס אָן צו טהון? ווער ווייסט אויבּ עס איז גאָר דאָ אַ צואה? אָדער האָטש עפּיס אַ בּעווײַז, אַז די אַלע אײנריכטונגען, וואָס מען האָט געקויפט צום פאָטאָגראַפישען אַטעליער געהערען איהר — אַננאַ'ן? דאָס מײדעל האָט געקוקט אין דער פינסטערער נאַכט און פערצווײפעלט געקלערט. די מורא פאַר דעם עלענד, וואָס וועט אפשר בּאַלד אויף איהר און איהר קינד בּעפאַלען האָט פעריאָגט פון איהרע געדאַנקען אַלע אַנדערע זאָרג און געפיהלען, אָנגאַר די זאָרג וועגען איהר געליעבּטען אָטטאָ.

ענדליך האָט אָנגעהויבּען צו בּעגינען. געשווינד האָט זי די ניאַניאַ

אויפגעוועקט און האט דעם נאך פול מיט שלאף בעטרונקענעם יונגעל זײַנע קליידלעך אָנגעטאָן. באַלד האָט דער קליינער מיט די דיקע הענטלעך דעם שלאָף פון זײַנע אויגעלעך אויסגעריבען, און, ווי שוין אַ געווינט קינד אָנגעהויבען אַלערליי פרעהליכע העויות צו מאַכען, לוסטיגע קולות אויסגעשריען. זיי האָבען געפריהשטיקט, דערנאָך האָט זי די רעכנונג געאָרדענט. האָט איהר ביסעל מזומן געלד צוזאַמענגעצעהלט. צוזאַמען מיט די דרײַ הונדערט מאַרק, וואָס די טאַנטע רעזי האָט איהר צום געבורטסטאָג געשאָנקען, האָט זי געהאַט אַנ׳ערך פון פינף הונדערט מאַרק. פרוי פאָן דראָס האָט איהר כמעט ווי געצוואונגען דאָס געלד צו נעהמען, כדי זי זאָל נישט בעדאַרפען יעדען טאָלער צו בעטען. ווען זי האָט אַמאָל דאָס געלד נישט געוואָלט אָננעהמען, פלעגט איהר די פרוי דראָס זאָגען: „אָבער ליעבע ענני, דאָס לעג איך דיר דערווייל נאָר אויס, אַז דײַן אַטעליער וועט זײַן פאַרטיג וועסט דו מיר אַלעס בעצאָהלען!“ דאָס רחמנות, וואָס די גוטע פרוי האָט געגען איהר שטענדיג בעוויזען, האָט איהר שוין דערצו אַזוי צוגעוואָהנט, אַז זי האָט געמיינט, דאָס עס מוז שוין אַזוי זײַן: זי האָט אין דאָס דראָסישע הויז געוואוינט ווי בײַ זיך אין דערהיים, זיך נישט נעהמענדיג פון קיין זאַך די מינדסטע זאָרג. די איינציגע געצאָהלט, וואָס זי האָט דער דאָזיגער גוטהערציגער פרוי געגעבען, איז געווען איהר וואַרעמע ליעבע: די מלחמה פאַר׳ן לעבען האָט אַננאַ אינגאַנצען פערגעסען און האָט זיך נאָר איבערגעגעבען צו די שווערע, פײַניגענדיגע געדאַנקען וועגען די שרעקליכע זינד, וואָס זי איז בעגאַנגען. און איצט, נאַ דיר גאָר פון דאָסניי: נויט, עלענד, שאַנדע! אַלץ וועט זי יעצט מוזען אויסשטעהן. זײַענדיג בײַ דער גוטער פרוי האָט זי איהר שרעקליכע לאַגע אַזוי ריכטיג נישט פערשטאַנען, נישט געפיהלט. נון אָבער פערשטעהט זי עס דערפאַר יעצט מיט איהר גאַנצער גרויזאַמקייט און טיעפקייט, נון הייבט זיך אָן דאָס ביטערע אָבקומעניש פאַר איהרע שווערע זינד!

אַננאַ האָט פעסט דעם שירם אַרומגעקלאַמערט. גלייך ווי דאָס שוואַכע האָלץ וואָלט איהר געקאָנט פאַר אַנ׳אָנשפּאַר, אַ שוץ דיענען. ווען זי האָט געזעהן די סאָלדאַטען אַנקומען האָט זי די אויגען פערמאַכט. זי האָט קיין זאַך נישט געוואָלט זעהן, קיין זאַך נישט: נישט איהם, נישט די אוניפאָרמעס, וואָס האָבען איהם אין איהר זכרון אויפגעוועקט. היינט האָט זי נאָר געוואָלט טראַכטען וועגען יענער גוטער פרוי, וואָס איז פאַר איהר אַ צווייטע מוטער געווען: דער געדאַנק, אַז די דאָזיגע פרוי לעבט שוין נישט מעהר האָט איהר אַ קעלט דורך אַלע גליעדער דורכגע-

יאָגט: — זי האָט די ניאַניע מיט דעם קליינעם קינד געשיקט ביי דעם
טאַנטע אין בערלין. זי גופא האָט געוואָלט יענע גוטע פרוי אויפזו-
כען. און אויב עס קאָן נאָך אָנגעהן, דאַן נעבען איהר! אויב עס קאָן נאָך
אָנגעהן?? זי האָט צוזאַמענגעשוידערט. זי איז אויף זיך גופא אין כעס
מיט זיך גופא געקעמפּט; אָבער זי האָט דאָך נישט געקאָנט פערהינדערן,
אַז אין איהר וועהטאָג וועגען דער גוטער פרוי זאָלען זיך קיין עגאָאיסטישע
געפיהלען נישט אַריינמישען. לאַנגזאַם איז זי מיט אַ שלעפּעניג צום אומ-
גליקס-אָרט אָנגעקומען.

צום וואָקזאַל האָט מען איהר נישט געלאָזט צופאָהרען. זי האָט
זיך געמוטט אַ פערטעל שעה וועג פריהערע אָבשטעלען און פון דאָרט
צוגעהן צו פוס. — באַלד ווי זי איז אָנגעקומען ביים וואָקזאַל האָט זי
דערזעהן צוזאַמענגעשאָטענע הויפענס פון צעבראָכענע שטיקער האָלץ און
אייזען, שאַרבענס פון צעבראָכענע כלים און גאַנצע קאַלוזשעס בלוט.
די פריינטליכע פייער-לעשער, די באַהן-בעאַמטע און פויערן פון די נאָהנטע
דערפער האָבען געאַרבייט מיט אַלע כחות, צו ברענגען אַלץ אין אָרדנונג.
פּאָליציי האָט דעם איינגאַנג צום וואָקזאַל פערשפּאַרט און קיין פרעמדע
מענשען נישט צוגעלאָזט. דאָקטוירים און פעלדשערס זיינען געלאָפען פון איין
הויפען צום אַנדערן, פון אונטער וועלכע מען האָט נאָך אַלץ פערשאָטענע
טוידטע אָדער פערוואונדעטע אַרויסגעצויגען. איינצעלנע גליעדער זיינען
געלעגען צעוואָרפען אויף פערשיעדענע שטרעקעס, די פעלדשערס האָבען
זיי צונויפגעשאַרט און אין פערדעקטע קערב אַריינגעפּאַקט. — די לופט
איז פול געווען מיט יאָמערדיגע געשרייען, קרעכצען, זיפצען, וויינען
און געבעטען, אויסגעמישט מיט געשרייען פון די בעאַמטע און קראַנקענ-
אויפזעהער צו זייערע מיטהעלפער, ווי זיך מיט די פערוואונדעטע צו בעגעהן.
שרעקליכע, אונבעשרייבליכע סצענעס פון אומגליקען און שמערצען האָט
זיך דאָרטען אָבגעשפּיגעלט. אַננאַ איז בלאַס ווי קרייד צוגעגאַנגען
צו אַ פּאָליציסטען אין וואַרטע-זאַל, וואו מען האָט די טוידטע קערפּער
אויף דערווייל אַנידערגעלעגט. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט און געזאָגט
דעם נאָמען פון פרוי פאָן דראָסס. קיינער האָט אָבער פון איהר נישט
געוואוסט. דער פּאָליציאַנט האָט די שוידערערטדיגע אַננאַ צו אַ דאָקטאָר
צוגעפיהרט, וועלכער האָט איהר געגעבען אַביסעל קאָניאַק צו טרינקען,
זי זאָל צו זיך קומען. אָנהאַלטענדיג זיך אָן דאָקטאָר איז זי פאַרביי
די טישען פאַרבייגעגאַנגען אויף וועלכע עס זיינען די טוידטע קערפּער
געלעגען. מיט גרויס מיה האָט זי זיך אויף די פוס געהאַלטען. מיט

פערצווייפעלטער ענערגיע האט זי זיך געשטאַרקט אום, פון גרויס איבלונג, נישט צו פאַלען אין חלשות. זי האט אַלע כחות אָנגעשטרענגט און זיך איינגעבויגען איבער אַלע טוידטע קערפער, וועלכע זענען אַזוי צעריבען געווען, אז עס איז כמעט אונמעגליך געווען צו דערקענען, אז דאָס זענען אַמאָל מענשען געוועזען. יעדען בעזונדער האט זי בעקוקט טאָמער וועט זי נאָך די קליידער די גוטע פרוי דערקענען. דאָס האט געדויערט אונגעפעהר אַ האַלבע שעה. אָ, די האַלבע שעה וועט זי געדענקען אַזוי לאַנג ווי זי וועט לעבען. נישט געפינענדיג וועמען זי זוכט האט זי מיט אַ צעבראָכען האַרץ דאָס צימער פערלאָזען. — דערווייל זענען אָנגעקומען אַלץ נייע מענשען מיט צוגען אָדער אַזוי מיט פוהרען, וועלכע האָבען מיט ציטערענדיגע הענד און קלאַפענדיגע הערצער זייערע נאָהנטע קרובים און גוטע בעקאַנטע געזוכט. דער צוג, אויף וועלכען דאָס שרעקליכע אומגליק האט געטראָפען איז געווען אַ לאָקאַל-צוג, וואָס געהט נאָר אַ קורצע שטרעקע, די פאַסאַזשירען, וועלכע זענען מיט איהם צום מאַרק אין שטאָדט געפאָהרען זענען דאָס רוב געווען פון דער אומגעגענד. דער שנעלער טעלעגראַף האט אָבער די טרויעריגע בשורה אין די ווייטסטע דערפער פונאַנדערגעטראָגען. —

— איהר האָט אייער פרוי טאַנטע נישט געפינען, — האָט דער דאָקטאָר געפרובט אַנגאַ'ן צו בערוהיגען. — לאָמיר האָפען, אַז איהר וועט די דאָזיגע דאַמע געפינען אין דעם שטאָדטס-שפּיטאָל; און אפשר נאָך גאָר זעהר לייכט פערוואונדעט; ווי ווייט איך קאָן מיך דערמאָנען, שרעק, אָנשטרענגונגען איבער די כחות און מידיגקייט האָבען מיר אינגאַנצען די כחות אָבגענומען; די גאַנצע נאַכט האָט מען זיך אַזעלכע אומגליקען אָנגעזעהן, וואָס די האָאר שטעלען זיך קאַפויר, קיין וואונדער נישט, אַז איך געדענק נישט די נעמען פון די פערוואונדעטע, וועלכע איך האָב אין שפּיטאָל אַוועקגעשיקט, נאָר דאָס ווייס איך אויף געוויס, אַז אייניגע פאַסאַזשירען זענען אָבגעקומען מיט גאַנץ לייכטע וואונדען, ביי דעם האָט זיך בלויז די הויט אָבגעשונדען אָבגעריבען, דער האָט אַ לייכטען קוועטש בעקומען; איך האָף, אַז אין אַ שעה אַרום וועלען זי שוין האָבען אַ גוטע ידיעה וועגען אייער טאַנטע און וועלען שוין דין אינגאַנצען בערוהיגט!

——— לייידער קאָן איך נאָך נישט פערלאָזען דעם וואָקזאַל און מוז דעריבער פון איך אָבשייד נעמען! —

דער דאָקטאָר האָט צוגעוואונקען אַ פוהרמאַן, וועלכער איז מיט זיין וואָגען פאַר דעם וואָקזאַל געשטאַנען, האָט איהם ערקלערט אין קורצען

ווערטער וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך און האָט איהם מיטגעגעבען זיין חיזיט־קאַרטע, וועלכע וועט אננאַ'ן ביים דירעקטאָר און אַסיסטענט פון שפּיטאָל צוריק קומען. — אננאַ, געפינענדיג זיך נאָך אינגאַנצען אונטער דעם שווערען איינדרוק פון די שרעקליכע אומגליקען און שוידערהאַפטע סצענעס, וואָס זי האָט זיך אָנגעזעהן, האָט ציטערנדיג מיט אַלע גליעדער געדאַנקט דעם דאָקטאָר פאַר זיין פריינדליכקייט און איז אין וואַגאָן אַריינגע־שטיגען. זי האָט נישט געוואוסט וואו זי איז אין דער וועלט און האָט קיין וואָרט נישט געקענט רעדען. נערעדט האָט פאַר איהר דער פּדומאַן און שפּעטער איינע פון די באַרעמהערציגע שוועסטער. מעכאַניש איז זי נאָך די פיהרערין דורך לאַנגע קאָרידאָרען דורכגעגאַנגען, ביז זיי זיינען צו אַ טהיר צוגעקומען. דאָס האַרץ האָט ביי איהר געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער, איהר גאַנצער קערפּער איז איהר ווי אייז קאַלט געוואָרען. צוויי באַרעמהערציגע שוועסטער האָבען זיך שטיל עצות געהאַלטען. אננאַ'ן איז זייער שלעכט געווען ווי דאָס ווייטע בראָזען פונים ים פאַרגעקומען. ענדליך האָט זי צוזאַמענגעשוידערט, אַ האַנד האָט זיך אויף איהר אָרעם אַרויפגעלעגט.

— פאַסט אייך מוט, פרייליין, בערוהיגט אייך! — האָט אַ ווייכע שטימע צו איהר געזאָגט, — איך וועל אייך צו פרוי פאָן דראָס ברענגען! איהר מוזט מיר אָבער צוזאָגען, אַז איהר וועט זיין רוהיג און די אומגליקליכע איהרע לעצטע שטונדען נישט שטערען! — —

— האַלט זי דען — — ביים שטאַרבען? האָט אננאַ געפרעגט און איז שיער נישט אומגעפאַלען. ווידער האָט זיך אויף איהר אַן אָרעם אַרויפגעלעגט זי צו שטיצען, ביז זי איז צו זיך געקומען. —

— דער ליעבער גאָט וועט די קראַנקע פון איהרע שווערע יסורים בעפרייען און איהר גנעדיג צו זיך אין הימעל אַרויפנעמען!

נן האָט אננאַ אינגאַנצען דאָס בעוואוסטזיין פערלאָרען. זי האָט נאָר געפיהלט, אַז מען האָט איהר צו אַ בעט צוגעפיהרט און אויף אַ שטול אַרויפגעזעצט. פאַר איהר איז געלעגען די גוטע פרוי בלייך ווי קאַלך, שטיל און אָבגעריסען געזיפצט און זיך געראַנגעלט מיט דעם טוידט. ביסלעכווייז איז אננאַ צו זיך געקומען. שטונדען לאַנג איז זי נעבען די גוטסדיגע פרוי, וואָס האָט מיט איהר אַזוי פיעל גוטס געטהון געזעסען און מיט די שרעקליכסטע שמערצען איהרע יסורים מיטגעפיהלט. ענדליך האָט טהערעזע פאָן דראָסס די אויגען געעפענט. איהר ערשטער נישט קלאָרער בליק האָט געטראָפען אַננאַ'ן, וועלכע האָט זיך איבער איהר

אַריבערטראָגן. — טיפע אומרויִקייט האָט געשוועבט אויף איהר פּנים און אויף איהרע שוין פון טוידט געצייכענטע מינעס. פלוצלונג איז איהר בליק קלאָר געוואָרען. מיט אונגעהויערער אָנשטרענגונג האָט זי אַרויסגערעדט די ווערטער:

— אָרים קינד — קיין צואה — אָהן הילף — שענקען!

— סאַנטע רעזי, זאָרג זיך נישט! אַלעס וועט שוין גוט זיין, זעהר גוט זיין! — האָט אַננאַ פערצווייפעלט געזאָגט.

עס האָט געדויערט אַ קורצע ווײַלע. די אַנגסט, וואָס אויף דער גוסס'דיגער פּנים האָט זיך אין אַ שמייכלענדיגע רוהיגקייט פערוואַנדעלט. עס האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט נאָכגעקלערט. דערנאָך האָט זי ווידער מיט גרויס אָנשטרענגונג אַרויסגערעדט:

— אַ, קאַנטהאַגען וועט — — זאָרגען?

אַן'אונבעשרייבליכע פּיין האָט אַננאַ'ן געמאַטערט. פון טיעפסטען האַרצען האָט זי פיינד געהאַט צו זאָגען ליגען; אָבער האָט זי דען געקענט די שטאַרבענדע מיט'ן ריכטיגען אמת קווּעלען? האָט זי דען נישט געמוזט איהר די לעצטע מינוטען פערלייכטערן? היינטיגעס מאָל מוז זי זאָגען אַ ליגען:

— יאָ, ליעבע גוטע טאַנטע רעזי! אָטטאָ וועט שוין אַלעס גוט מאַכען. מיר וועלען וועהר גליקליך זיין, זעהר גליקליך! — — עס לאָזט דיך הערצליך גריסען, און דיין קליינער ליעבלינג לאָזט דיך אויך הערצליך גריסען! אַרויסרעדענדיג די לעצטע ווערטער האָט זי זיך די ליפּען געביסען, בכדי קיין געשריי נישט אַרויסצולאָזען.

די טאַנטעס געזיכט האָט זיך פון טיעפער, אינערליכער פרייד אויפגעקלערט. עס האָט אויסגעוויזען, אַז די יסורים האָבען אויף אַ קורצע ווײַלע נאָכגעלאָזט. — אַננאַ האָט מיט אַ האָפנונגספאָלען בליק אויף די באַרעמהערציגע שוועסטער געקוקט, יענע האָט אָבער רחמנות'דיג מיט די אַקסלען געצויגען און אַ פינגער אויף דעם מויל אַרויפגעלעגט. אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט זיך דער טוידט-קאַמפּף מיט נאָך שרעקליכער העפטיגקייט ווידער אָנגעהויבען. פערציג מינוטען שפּעטער האָט שוין די גוטע פרוי נישט מעהר געלעבט.

אַננאַ האָט נישט געוואוסט וואָס מיט איהר טהוט זיך. ווי אַ אונבעהאָלפען קינד האָט זי געטהון אַלץ, וואָס מען האָט איהר געהייסען. די מענשען פון שפּיטאָל האָבען איהר זעהר גוט בעהאַנדעלט, יעדער האָט זיך בעמיהט איהר מיט עפּיס בעהילפיג צו זיין. — די געשטאָרבענע האָט מען

נאָך בערלין אַריבערגעפֿיהרט. און האָטש זײַט בײַ דער פֿרוי פֿאָן דראָסס איז דער מאַן געשטאָרבען האָבען איהר אַלע זײַנע קרובֿים אויסגעמידען און פֿון איהרע אייגענע קרובֿים אפֿילו האָט איהר אויך קיינער נישט בעזוכט, זענען דאָך באַלד נאָך דער מעלדונג פֿון איהר טויטט, געקומען זעהר פֿיעל פֿערוואַנדטע און בעקאַנטע איהר דעם לעצטען כּבֿוד אָבגעבען. אַלע האָבען אויף די פֿערשטאָרבענע געטרויערט, אַלע האָבען זי בעקלאָגט און אַלע האָבען זיי די בלאַסע און שוואַרצען געקליידעטע אַננאַ זאַנדערס מיט פֿײַנדליכע בליקען אָנגעקוקט. זיי האָבען מורא געהאַט, אַז די דאָזיגע בלאַסע פֿרײַליין, וועלכע האָט די לעצטע פֿערצעהן יאָהר בײַ דער רײַכער אלמנה געלעבט, זאָל זיי נישט ווערען אַ געפֿעהרליכע שותּפֿטע אין דער ירושה, אויף וועלכער זיי האָבען אַזוי שטאַרק און אונגעדולדיג געוואַרט. דער יוסטיץ־ראַט, וועלכער איז געוועזען דער פֿרײַנד און חבֿר פֿונ'ם פֿערשטאָרבענעם העררן פֿאָן דראָסס און נאָך זײַן טויטט געוואָרען דער גאַנצער יועץ בײַ דער פֿרוי פֿאָן דראָסס, האָט שוין אָנגעהויבען וועגען דעם צו טהון. ער האָט אַננאַן אַוועקגערופֿען אָן אַ זײַט און מיט איהר אַ לאַנגע צײַט גערעדט וועגען איהרע אינטערעסען. טהערעזע פֿאָן דראָסס מיט איהר ריעזיגער געזונדהייט האָט גאָרנישט געקאָנט טראַכטען וועגען אַזאַ גיכען טויטט. זי האָט דעריבער איהרע פּלענער וועגען איהר פֿערמעגען נאָך גאָרנישט אָנגעהויבען אויסצופֿיהרען. זי האָט געוואָלט אַננאַ'ן איבערלאָזען דאָס גאַנצע גרויסע סומע פּראָצענט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט פֿון דעם געלד, וואָס איז פֿאַר איהר בעשטימט. דאָס קאַפּיטאַל גופֿא האָט זי נישט געקאָנט בענוצען צו דעם צוועק, איהר פֿערשטאָרבענער מאַן האָט עס נאָך בײַם לעבען צו אַנדערע צוועקען בעשטימט.

אַננאַ'ס גאַנץ פֿערמעגען איז בעשטאַנען בלויז פֿון די מתּנות, וועלכע פֿרוי פֿאָן דראָסס האָט איהר אין לויף פֿון דער צײַט געשאָנקען און אַ שפּאָר־קאַסע ביכעל אויף איבער טויזענד מאַרק. דאָס דאָזיגע ביכעל האָט איהר די פֿערשטאָרבענע צו אָטטאָ'ס ערשטען געבורטסטאָג דערלאַנגט און אויף די ערשטע זײַט אויפֿגעשריבען: „אַ מתּנה פֿון טיעפֿסטען האַרצען צושטײַער פֿאַר די ערציהונג פֿון אונזער אָטטאָ“. —

נון האָט אַננאַ געמוזט דאָס שענע הויז, וואָס איז פֿאַר איהר אַ צווייטע היים געווען מיט איינִיגע קאָפֿערס זאַכען אינגאַנצען פֿערלאָזען. איהר מזומן געלד איז בעשטאַנען פֿון פֿיערצעהנהונדערט מאַרק; פֿאַר יעדען פֿאַל גענוג פֿאַר די ערשטע צײַט, ביז עס וועט זיך איהר

עפּיס מאַכען. — פאַר די פּהאָטאָגראַפען אַפּעראַטען איז נאָך נישט בּעצאַהלט געוואָרען און נאָך נישט אויפ'ן אָרט אָבגעליווערט געוואָרען. דער יוסטיץ-ראַט איז דעריבּער געלונגען צו פּועל'ן בּיי די פאַבּריקאַנטען זיי זאָלען עס צוריק נעמען. דעם יוסטיץ-ראַט'ס פּראָיעקט, אַז אַננאַ זאָל די איינריכטונג איבּערנעהמען, איינאָרדנען אַנ'אַטעליער און בּיסלעכווייז פון דעם פערדיענטען געלד אויסצאָהלען, איז אַפילו נישט קיין שלעכטע געוועזען. אין אַנאַנדער צייט וואָלט אַננאַ עס געוויס אָנגענומען און מסתמא עס אויך אויסגעפיהרט. יעצט אָבּער האָט זי דעם פּראָיעקט ניט אָנגענומען. די אויפרעגונג, וואָס זי האָט די לעצטע צייט איבּערגעלעבּט האָט איהר אינגאַנצען צוזאַמענגעבּראָכען. די אַלע ליידען, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטעהן זענענדיג צוזאַמען מיט קאַנטהאַגען, די בּאַלד דערנאָך קומענדיגע שרעק, דער טויט פון דער טאַנטע, די שטעכווערטלעך פון פרוי פאָן-דראָססען'ס יורשים, וועלכע האָבּען זי בּיז אין צעהנטען ריפּ געשטאָכען, דאָס אַלץ האָט זי אינגאַנצען די כּחות אויסגעשעפּט.

## פיערטעס קאַפּיטעל.

דער פּענסיאָן פון דער פרוי ראַט בּאָלל האָט זיך געפונען אין איינער פון די שנעל אויפגעוואַקסענע גאַסען נישט ווייט פון'ם בּאָטאַנישען גאָרטען. דאָס הויז איז געוועזען אַנ'אמת געדונגענע קאַזאַרמע. פינף עטאַזש הויך און אונטען גלייך מיט דער ערד איז נאָך אַ שורה געוועלבּער געוועזען. נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פענסטער זענען אַזוי ענג איינס צו'ם אַנדערען צוגערוקט געוועזען, איז דער פּראָנט געוועזען בּעלאָדען מיט שטוקאַטור פון בּיליגסטען געשמאַק. די הילצערנע, ענגע און שמאָלע טרעפּען זענען געוועזען מיט ראָגאָזשעס בּעלעגט. די ווענד מיט געשמאַקלאָזע בּלומען און פיגורען בּעמאָלט. די איינגאַנג-טהירען נידריג. די וואָהנונגען נעבּא ענג, נידריג, קאַלט און פייכט. די פּאָדריאַדטשיקעס פון

אזעלכע סארטען הייזער, קוים האבען זיי עס אונטערן דאך געבראכט מאכען באלד פליטה און עס געדט איבער אויף עפענטליכע ליציטאציעס פון האנד צו האנד, ביז עס געפינט זיך א דרייסטע אקציענגעזעלשאפט, וועלכע קויפט דאס אב. די בעלי מלאכות ווערען געדריקט, ארבייטען דעריבער שלעכט, מאכען עס אוועק פון דער האנד, אבי עס זאל נאר האבען א גלאנץ, עס זאל זיך ווארפען אין אויג. פארן הויז איז פאראן א קליינער אויסגעפלאסטערטער הויף און אין מיטען הויף א גערטיל מיט אייניגע אלעאנדער בוימער.

דער דריטען און פירטען עטאזש פון פראנט, דאס הייסט, נאר די רעכטע זייט, האט בעוואוינט פרוי באלל אן אלמנה נאך א ראטהס-סעקרעטאר. זי האט זיך דארטען היבש געקוועלט ביז זי האט איהר שטיקעל חונה אויסגעארבייט. אין די אונטערשטע וואהנונגען האבען געוואוינט א פאר באנק-בעאמטע, שילער פון קאנסערוואטאריום אדער פרעמדע סטודענטען וואס בעזוכען דעם אוניווערזיטעט, צוויי לעהרערינס און דער שטערן פון פענסיאן: א בעוואוסטע קאנצערט-זינגערין און שוי-שפילערין פון בערלינער טהעאטער. — דא האט עס ביי פרוי באלל געהייסען האבען די פארנעמע געוואהנט. אויבען אויפ'ן פירטען עטאזש האט געוואוינט, ווי פרוי באלל האט זיי אנגערופען דער „פראלעטאריאט": די פרייזענדיקער, די נישט זיכערע קונדען, וואס צאהלען נישט רעגעלמעסיג דאס דירה-געלד. דעריבער איז טאקי די איינריכטונג אין יענע צימער געווען גאר פון איינפאכסטען סארט, און די דינערשאפט, וואס האט א סך צו טהון געהאט „אונטען" איז „אויבען" געווען א זעלטענער גאסט.

דורך אנאנאנסע אין דער צייטונג האט זיך אננא דערוואוסט, אז דארטען איז דא א וואהנונג צו פערדינגען. איהר איז זעהר געפעהלען געווארען, וואס עס איז נאהנט צום פארק און זי האט זיך געלאזט געהן אהין.

פרוי ראט באלל, דערזעהענדיג א דאמע אנשטענדיג אין טרויער קליידער אנגעטהון, הערענדיג ווי זי רעדט אזוי שען און עדעל האט איהר געהאלטען פאר א גרויסארטיגע און העכסט געבילדעטע דאמע און דעריבער איהר זעהר העפליך אויפגענומען און פריינדליך צו איהר גערעדט:

— גענויס, מײַן גנעדיגעס פרײַלין, האָב איך פאַר אײַך אַ גוטע אַהוטע. מיסטער מאַקוראַגער און מיס שמידט ציהען זיך פון אונז אַרויס, עס בלײַבען אַלזאָ לעדיג צווײ עלעגאַנטע, פאָרנעהמע צימערן אײנס נעבען אַנדערן. איך קאָן אײַך די דאָזיגע צווײ בעסטע צימערה מײַנע, וואָס די פענסטער זײַערע קומען אין גאָרטען אַרײַן, צווײ רוהיגע ליכטיגע און לופטיגע צימער, נאָר דאַמאָלס פערדינגען, ווען איהר וועט זײַ בײַ מיר נעמען נישט ווייניגער ווי אויף דרײַ חדשים! — —

— ווען די צימער זאָלען מיר נאָר געפעהלען און מיר וועלען צוזאַמען קומען מיט'ן פרײַז קאָן איך אויף דער דאָזיגער בעדינגונג אײַנגעהן. און וואָס פאַר אַ פרײַז אײַגענטליך שטעהען זײַ? — —

— מיט פולער פענסיאָן, דאָס הײַסט, צימער ליכט, בעדינונג, ערשטעס פריהשטיק, מיטאָג און אָבענדברויט, רעכען איך, גנעדיגעס פרײַלין, פאַר אײַן פערזאָן הונדערט און צוואַנציג מאַרק אַ חודש! ווילט איהר נעהמען בײַדע צימערה, ט.. וועט דער פרײַז אַוודאי אַביסעל אַנדערש ווערען — — —

— ביטע, פרוי ראַט, עס האַנדעלט זיך דערווײַל וועגען צווײ דערוואַקסענע פערזאָנען און אײַן קלײַן קינד! — האָט זיך אַננאַ אָבגערופען. —

די ווירטהין האָט איהר מיט אַנ'אונצופריעדענעם בליק בעטראַכט.

— זײ וועלען מיר אַזוי גוט זײַן זאָגען, פרוי ראַט, דעם גענויעסטען פרײַז. דאָ האַנדעלט זיך נישט בלויז אויף דרײַ חדשים, ווען די דירה וועט נאָר זײַן אַ גוטע, וועט אײַן פערזאָן מיט דעם קינד וואָהנען יאָהרען לאַנג! זאָגט מיר דעם גאַנץ גענויסטען פרײַז! —

פרוי באָלל האָט אויף אַננאַ'ן געקוקט מיט חשד.

— יאָ, גנעדיגעס פרײַלין, — — — — אונטער צווײ הונדערט דרײַסיג מאַרק קאָן איך נישט לאָזען — —

— דאָס איז פאַר מיר צו טײַער, האָט נישט קײַן פעראיבעל וואָס איך האָב אײַך אומזיסט בעמיהט — —

— אָבער, מײַן גנעדיגעס פרײַלין, איך האָב נאָך דעם פיעדטען עטאַזש! — האָט זיך די ווירטין האַסטיג אָנגערופען. איהר האָט זיך דורכאויס געוואָלט, אַז די דאָזיגע דאַמע, וואָס זעהט אַזוי אָנשטענדיג אויס זאָל בײַ איהר אין שכנות פערבלײַבען. — דאָרט איז פאַראַן אײנער

אַגרויסער צימער וואָס קומט אַרויס אין גאַס און איינער אַקליינער צי־מער וואָס קומט אַרויין אין גאָרטען! — —

— דאָס איז מיר קיין אונטערשייד נישט, ווען מיר זאָלען נאָר מיט דעם פרייז צוזאַמען קומען.

— אָה, געוויס, אויבען איז נישט אַזוי העכסט עלעגאַנט, וואָס עס אַייך אויסמאַכען פיעל ביליגער! און דעם זאל מיט דעם שפייז־צימער דאָ אונטען קאָנט איהר אויך אַמאָל בענוצען! אַלזאָ לאָמיר רעכענען פאַר די ביידע דערוואַקסענע יע — —

— איינע איז אַדיענסט! — האָט איהר אַננאַ נישט געלאָזט ענ־דיגען.

די פרוי באָלל האָט איהר ווידער מיט השד אָנגעקוקט:

— אַזוי מיין גנעדיגעס פריילין, אַלזאָ געהט אַראָב איין גאַנג מי־טאָגס און אָבענדס און דאָס דעסערט אויך, דאַן — —

— ווי לאַנג יענע פערזאָן איז ביי מיר, וועט זי מיינע צימער ריינינגען און די בעדינונג איבערנעהמען.

דאָס געשפּרעך האָט זיך געצויגען אַהין און אַהער, ענדליך האָט אַננאַ די אויבערשטע צימער בעקוקט, איז מיט פרוי באָלל מושוה געוואָרען אויף הונדערט זיעבציג מאַרק אַחודש, און איז צופריעדען געוואָרען עס נאָך פאַר'ן אַריינציהען זיך צו בעצאָהלען און די זאַך איז געשלאָסען געוואָרען.

פרוי באָלל, וואָס האָט זיך געריכט, אַז אַסך איינוואָהנער וועלען איהר קונדיגען, איז גאַנץ פרעהליך געוואָרען. פריילין זאַנדערס איז אָבער נאָך געשטאַנען פערקלערט, גלייך ווי זי וואָלט זיך נאָר געוואָלט עפּיס מישב זיין. דאָס געזיכט איז איהר דונקעל רויט געוואָרען, דער צונג שטייף ווי געלעהמט און נאָר מיט גרויס אָנשטרענגונג האָט זי קוים אויסגערעדט:

— איך מוז אייך נאָך עפּיס זאָגען, פרוי ראַט! אפשר וועט איהר מיר גאָר דערנאָך ביי זיך אין דירה נישט וועלען האַלטען!

— אָבער נאָ, נו, גנעדיגעס פריילין, קיין מענשען געה'הרג'עט האָט איהר דאָך חלילה נישט? האָט די ווירטין געזאָגט לאַכענדיג. — —

— ניין, דאָס נישט! — האָט זיך אַננאַ אָבגערופען. — איך — — איך האָב אַ — — — אַקליינעם זוהן און התונה געהאַט בין איך נישט.

זי האָט אין מיטען רעדען אָבגעהאַקט; דען פרוי באָלל איז אַ פּאָר טריט הינטערווייַלעכס אָבגעשפּרונגען.

— מערקווירדיג! דאס וואלט איך קיינמאל נישט געגלויבט! דאס איז א וואונדער!

פרוי באלל האט ווידער איהר אנגעקוקט, אבער דאס מאל שוין שארפער און פון אויבען ביז אראב.

— מיינע פאפירען זענען אין בעסטען ארדנונג. דער אפעקון אויף מיין יונגען זוהן, וואס דאס געריכט האט בעשטימט איז דער יוסטיץ־ראט פ., וואס וואהנט דא.

— אזוי, זייט איהר עס פריילין זאנדערס! און פון וואנען לעבט איהר, אויב מיר איז ערלויבט צו פרעגען? איך מוז אויסווייכען יעדע בעריהרונג מיט דער פאליציי, יעדע אונאנגענעהמליכקייט מיט מיינע שכנים, אדער מיט דעם ווירט פון הויז! דאס פערשטעהען זי דאך אליין?! — האט זי וויטער גערעדט, זעהענדיג, אז אננא איז פלוצלונג בלאס געווארען.

— געוויס, — האט אננא אבגעענטפערט מיט א פערצווייפעלטען טאן. — ניין, פרוי ראט, זיי האבען נישט וואס מורא צו האבען! איך בין א טאכטער פון א פראפעסאר אין גימנאזיום. ער איז אבער שוין לאנג טויט. מיין מוטער לעבט שוין אויך נישט מעהר. מיינע קרובים זענען אלע אנשטענדיגע און בעמיטעלטע מענשען, אבער זייט די מעשה מיט דעם קינד — — בין איך מיט זיי פון דער ווייטענס.

— דאס קאן איך מיר פארשטעלען! — האט זיך אבגערופען די מאדאם באלל, וועלכע האט די גאנצע צייט אויפמערקזאם אויפגעהארכט, — א מיידעל פון אזא גרויסארטיגע פאמיליע אין אזעלכע געשיכטען.... טצ, טצ...!

אננא האט די הענד צוזאמענגעבראכען און האט געשוויגען.

— נו, וויל ער מיט אייך נישט התונה האבען? האט די פרוי באלל ווייטער גערעדט, — איז שוין גארנישט דא וואס צו מאכען?

— איך מיין, אז דאס איז שוין מיינע א פריוואט זאך, פרוי ראט, — האט אננא געענטפערט קורץ. —

— אה יא! מיר קעהר זיך דאס אודאי נישט אן, איך מיין נאר, פריילין, אז אויב זי האבען נאך מיט איהם א פראצעס, איהר הארפט נאך שטעהן מיט איהם פאר'ן געריכט, קאן איך אייך קיין דירה נישט פערדינגען! איך האב מיר פארגענומען, אז ביי מיר זאלען וואוינען נאר אזעלכע שכנים, וואס האבען קיין פלעק נישט אויף זיך.

— און איך מוז זיך דאס אלץ איינהערען, — האט אננא אין

זיך געקרעכצט. — איך מוז אָבער שוין דאָ בלייבען, זאָל שוין זיין וואָס עס וויל. איך האָב שוין קיין כח נישט אַריבערצוטראָגען נאָך אַמאָל די גאַנצע קוואַל און חרפה, און פאַסענדיג דעם בעשלוס, אַז זי מוז שוין דאָ בלייבען האָט זי מיט אַ ציטריגער, ציינען-קלאַפּענדיגער שטימע געזאָגט:

— מיינע בעציהונגען צו'ם פאָטער פון מיין קינד, פרוי ראַט, זענען שוין אינגאַנצען אין אָרדנונג געבראַכט! איך בין געווען אַנ'עמפּפאַנגס-דאַמע אין אַ פאָטאָגראַפישען אַטעליער. שפּעטער האָט פאַר מיר גע-זאָרגט אַ גוטע, וואָהלטהעטיגע פרוי, זי איז אָבער שוין טויט. מיר איז געבליבען אַ קליינער קאַפּיטאַל, וואָס וועט מיר גענוג זיין, ביז איך וועל געפינען עפּיס אַרבייט!

ווען זי האָט דעם נאָמען פון דער פרוי דראָסס דערמאָנט האָבען זיך איהר טרערען אין די אויגען געשטעלט, אין האַלז האָט איהר אָנגעהויבען שטיקען און די לעצטע ווערטער האָט זי מיט גרויס מיה און אָנשטרענגונג אויסגערעדט. די גוטהערציגע אַלמנה איז פון איהרע רעד זעהר געריהרט געוואָרען און וואָלט גערן מיט איהר מיטגעוויינט. זי האָט זיך בעמיהט צו טרייסטען איהר צוקונפטיגע שכנה, וועלכע האָט זיך שטאַרק צעוויינט און אָהן כחות אויף אַ שטוהל זיך אַראָבגעלאָזט. די איז צו איהר צוגעגאַנגען איהר לייכט אויפ'ן שולטער געקלאַפּט און גע-זאָגט מיט אַ רחמנות'דיג קול:

— נאָ נאָ נאָ נאָ! נאָר נישט וויינען, עס וועט שוין מיט גאָט זיינער הילף אַלץ גוט ווערען! געוויס איז עס טרויעריג און נאַריש, אַז מען פיהרט זיך אַזוי לייכטזיניג! אָבער די זאַך איז דאָך שוין געשעהן, צוריק האָפען קאָן מען דאָך שוין נישט! — נאָר אפשר וואָלט איהר קאָנען דאָס ווערעמיל ערגיץ וואו צו לאַנד אין אַ פּענסיאָן אָנברענגען?

— מיין קינד בלייבט ביי מיר! — האָטט אַננאַ ענערגיש אָבגע-ענטפערט און האָט זיך אָבגעווישט די טרערען.

פרוי באַלל איז אַרומגעגאַנגען אַהין און צוריק און זיך נישט געקאָנט ענטשליסען. פון איהר פינסטערען בליק האָט מען געקאָנט דער-קענען, אַז זי מאַכט יעצט דורך אַ שווערען קאַמפּף מיט זיך גופא. ענדליך איז זי שטעהן געבליבען:

— הערט נאָר אויס, פריילין, איהר טהוט מיר זעהר לייד! איך וואָלט נישט וועלען איהר זאָלט פון מיר אַוועקגעהן און ערגעץ אַנ-דערש וואו זוכען אַ דירה, און איהר וועט גאָר אין ערגעץ אזא היים

פֿאַר אַזױ שפּעט בילינ נישט בעקומען, אָבער איך מוז דאָך פֿאָרזיכטיג זײַן און פֿאַר מײַן גוטען נאָמען און מײַן פּענסיאָן אױך זאָרגען, נישט אמת? דעריבער װיל איך אײַך שטעלען צװײ בעדינגונגען! — —

— ביטע, ביטע, זאָגען זי מיר נאָר אײַערע בעדינגונגען!

די פֿרױ ראַט האָט נאָך אַװײַלע געקלערט, קענטיג עס איז איהר שװער געװען די װערטער אַרױסצורעדען. — יאָ, עס געהט נישט אַנדערש, בײַ מײַן עהרנװאָרט! — האָט זי שטיל װי פֿאַר זיך אַלײן געזאָגט, — אַלזאָ, פֿרײַלין, זײ װעלען אַזױ גוט זײַן מיר אײַנצאָהלען פֿאָראױס פֿאַר גאַנצע דרײַ חדשים! איך קאָן זיך אַנדערש נישט העלפֿען!

פֿרױ באָלל איז אַנטשװיגען געװאָרען. איהר האָט זיך זעהר געגלוסט צו זעהן זיך מיט אײניגע הונדערט מאַרק מזומן עס זאָל שױן אַמאָל אױפֿהערען דאָס שטענדיגע באָרגענעש אין די שפּײַז-געװעלבעלך, פֿאַר'ן באָרישען גראָשען קױפֿט זיך עפּיס גאָר אַנדערש אײַן. הײַנט האָט זי אײניגע שװערע בעלי-חובות, אַזעלכע שטרענגע מאָנערס, לאָזען איהר דורכ'ן גאַס נישט דורכגעהן, זי װאָלט זײ גערן פֿון האַלז אָבגעשאַפֿט. צאָהלט מען אָב די אַלטע חובות בעקומט מען אַפֿרישערען און אַסך אַגרעסערען קרעדיט; נײן, זי טאָר פֿאַר קײן פֿאַל די עטליכע הונדערט מאַרק אין מזומן פֿון האַנד נישט אַרױסלאָזען. — —

— זײ נוצען מײַן שװערע לאַגע אױס, — האָט אַננאַ פֿערדריסליך געזאָגט, — זײ פֿערלאַנגען אַביסעל צו פֿיעל, איך װײס דאָך נאָך נישט װי איך װעל זיך בײַ אײַך אין הױז אײַנלעבען, אױב איך װעל אײַערע שפּײַזען קאָנען פֿערטראָגען?! נאָר זאָל שױן זײַן!

פֿרױ באָלל האָט דערבײַ דעם קאָפּ װי פֿערשעמט אַראָבגעלאָזט.

— ביטע, זאָגען זײ מיר שױן אױך די צװײטע בעדינגונג! האָט אַננאַ נאָך מיט דעם זעלביגען פֿערדריסליכען טאָן געזאָגט.

— חײַם איך, האָט זיך פֿרױ באָלל פֿערלעגען אָבגערופֿען, — איך מײן — מיר דאַכט זיך — — ליעבער גאָט אין הימעל, גלױבט מיר, איך מײן עס גוט מיט אײַך, פֿרײַלין! עפּיס האָב איך שטאַרק דמיונות אױף אײַך, איך װײס אַלײן נישט פֿאַרװאָס, ט, איהר געפֿעלט מיר זעהר, טאַקע, נאָך אַזױ יונג און שױן אַזױ פֿיעל צרות דורכגעליטען. איך װײס נישט, איך קען אײַך דאָך גאָרנישט, איך זעה דאָך אײַך דאָס ערשטע מאָל, און דאָך זײַט איהר מיר שױן אַזױ אײַנגעבאַקען אין האַרצען, גלױבט מיר, אױף מײַן עהרליכקײַט, איך מײן דאָס פֿון אײַער טובֿה װעגען, מיר דאַכט זיך, אַז דאָס בעסטע װאָלט דאָס געװען, און

עס וואָלט אייך אַסך ענמת נפש פערשפּאָרט!? — — — אַז איהר וואָלט — — — ט, לאָמיר זאָגען — — פרוי באָלל איז רויט געוואָרען, אַ היץ האָט איהר געשלאָגען פון פנים, — — — — — ט, אַז — אַז איהר וואָלט זאָגען, אַז דער קליינער איז אַייערער אַ פּלעמעניק, ווייס איך וואָס, — — — — אַז איהר האָט איהם פאַר רחמנות פון אַייערע אַ בעקאַנטע פריילין עס צוגענומען, און איהר ווילט עס ערציהען! — — — ער זעהט דען אַזוי ערנליך צו אַייך אויס? קיינער וועט גאָרנישט הושד זיין! — האָט זי מיט גרויס אָנשטרענגונג און מיט שווייס אויפ'ן פנים קוים אַרויסגערעדט.

אַ נ נ אַ האָט זיך האַסטיג אויפגעהויבען. זיך צוגעשפּילעט די קנעפּ פון איהר זשאַקעט און ענטשלאָסען געזאָגט:

— דערויף, פרוי ראַט, האָב איך אַייך שוין גאָרנישט וואָס צו ענטפערן! — זי האָט מיט דעם גאַנצען קערפּער געציטערט און די ליפּען זענען איהר ווי קרייד בלייך געוואָרען. — דאָס זאָל איך נאָך אויך טהון — — —! דאָס קינד איז דאָס גאַנצע וואָס איך פערמאָג, מיין איינציג שטיקעל גליק וואָס מיר איז געבליבען. איך ווייס, אַז עס קאָן זעהר זיין, אַז אַמאָל וועט זיך אָט דאָס קליינע בעשעפעניש'ל מיט די גרעסטע פאָרוואורפע מיר זיך אַנטקעגען שטעלען! מיין אייגענער זוהן וועט מיר פאַר זיין רעכטלאָזע געבורט פאָרוואַרפען! איך בין דערויף גרייט און וועל איהם ענטפערן, אַז זיין שאַנד איז מיין שאַנד, און אַז איך האָב מיט די טייכען טרערען וואָס איך האָב פאַר גרויס חרטה פערגאָסען שוין מיין שאַנד ריין געוואַשען! — אָבער פרוי ראַט באָלל, דאָס שווער איך אייך מיט די הייליגסטע שבועות, קיינמאָל וועט מיין קינד נישט קאָנען זאָגען, אַז זיין מוטער האָט איהם האָטש איין איינציגע סעקונדע פערלייקענט! — —

שטאָלץ אויפגעשטעלט איז אַ נ נ אַ קעגען דער קליינער אין פער־לעגענהייט געבליבענער פרוי געשטאַנען.

— אַה, הי ליעבער גאָט, דאָס איז דאָך אַלעס אַזוי וואונדער שען און קלינגט אַזוי ערהאָבען! — האָט די ווירטהין געריהרט ביז צו טרערען געזאָגט. — אָבער, ליעבע, גוטע פריילין, עס איז דאָך שרעקליך אונ־פּראַקטיש, גלויבען זי מיר, איך בין שוין אַנ'אַלטע, ערפאַהרענע פרוי. פאַר צייטען האָב אויך מיידלעך נישט קיין כשר'ע קינדער געבאָרען;

אָבּער יענֶע פּלעגען זײַערע קינדער ערגעץ וואו בּעהאַלטען און קיין מענש האָט דערפוּן נישט געוואוסט; דערנאָך האָבּען די מיידלעך החוּנה געהאַט און געוואָרען אָרענטליכע, כּשר'ע און גליקליכע פרויען; מיט הײַנטיגע מיידלעך איז דאָך פּראָסט משוּגע צוּ ווערען; זיי ווייסען שוין גאָרנישט ווי דעם צאָפּ צוּ טראָגען; פרײַהײַט ווילען זיי און שטודירען און קינדער בּעקוּמען; וואָס פאַרצײַטען האָבּען מאַנסבּילען זיך געשעמט דערפוּן צוּ רעדען אַפילוּ בּחדרי הדרים, רעדען דאָס די הײַנטיגע מיידלעך אוּנזשעניִרט פאַר אַלעמען אין די אויגען, עפּיס האָט מען דאָך גאָר די בּוּשה און די חרפּה פערלאָרען, עס פּלאַמט מיר דאָך דאָס פּנים העֶרענדיג, ווען מײַנע מיידלעך רעדען זיך אַמאָל זיצענדיג אַרוּם טיש פוּנאַנדער; עס גרוילט איינעם דאָס אָנצוּהערען; און שוּלדיג אין דעם איז נאָר די משוּגע'ענע פרויענבּעוועגוּנג, דאָס פערדרולט זיי די מיידלעך גאָר דעם קאָפּ!

דער זייגער האָט איינס געשלאָגען.

— איך וועל אײַך לענגער נישט אויפהאַלטען, פרוי ראַט, — האָט אַננאַ נאָך מיט דער זעלבּער ענטשלאָסענהײַט געזאָגט, — איך זעה דאָך, אַז עס וועט צוּ גאָרנישט פירען; וואָס עס קען זיך די זאָגענאַנטע פרויען-בּעוועגוּנג אוּן, שטעה איך ליידער זעהר ווײַט דערפוּן; וואָס איך זאָג און וואָס איך טהוּ, טהוּ איך אויף מײַן איינענעם חשבּון און לויט מײַן איינענער איבּערצײַגוּנג, און אויבּ איך האַנדעל פאַלש, וועל איך אַליין י שטראָף לײַדען; אָבּער דאָך האָף איך, אַז עס וועט זיך נאָך אין דעם גרויסען בּערלין געפינען אַנ'אָבּדאַך פאַר מיר און פאַר מײַן קינד; און אויבּ נישט, — — — איז דאָך די וועלט גענוּג גרויס; אַדיע פרוי ראַט! —

— הערען זי, פרײַליין זאַנדערס, — האָט זיך די אלמנה ענערגיש אָבּגערוּפען, — איך האָבּ אַ פּלאַן; איך וואָלט זעהר גערן געוואָלען איהר זאָלט בּײַ מיר וואָהנען, אָבּער איהר דאַרפט מיר דאָך נישט פערדענקען. איך וויל דאָך נישט, אַז מײַנע איבּעריגע אײַנוואָהנער זאָלען זיך פוּן מיר אַרויסציהען; איך וועל אַלזאָ די זאַך מאַכען גאַנץ איינפאַך: איך וועל הײַנט בּײַם טיש, נאָכמיטאָג אָנפרעגען בּײַ די דאַמען, וואָס וואָהנען בּײַ מיר, אויבּ זיי הערט נישט אויסמאַכען איך זאָל פערדינגען אַ צימער אַ פרײַליין מיט אַ קינד; און איך בּין זיכער, אַז זיי וועלען קיינער קעגען דעם קיין

איינוועגדונג נישט האָבען, מיינע דאַמען זענע זאַלע היינטוועלטיגע, אָדער ווי זיי זאָגען מאָדערן! זיי זענען נאָך דולער פאַר די מאַנסבילען וואָס וואָהנען ביי מיר! נישט אמת, אַזוי דאַכט מיר איז דער בעסטער וועג? איך וועל אייך נאָך היינט גופא שרייבען!

פרוי באָלל איז שטאַרק צופריעדען געווען פון זיך, וואָס זי איז געפאַלען אויף אַזאַ גוטע אידעע און האָט גאָרנישט בעמערקט אין וואָס פאַר אַ שרעקליכע טויט-קוואַל אַננאַ איז פאַר איהר געשטאַנען. איהר שטאָלץ האָט זיך געגען די דאָזיגע בעהאַנדלונג אויפגעבוירט, איבער דאָס אורטייל, וועלכע ווילד פרעמדע מענשען הערען איבער איהר אַרויס־זאָגען. — זי — אַננאַ זאַנדערס, די גלאַטענע, רוהיגע, בערעכענטע שטאָלצע פריילין, — — זי זאָל דאָ פאַר די דאָזיגע מענשען אַלס אינ־טערעסאַנטער פאַל שטעהן! פאַר איהר געלד זאָל זי דאַרפען זיין אָבהענגיג פון דער גנאַדע פון וועלכער עס איז נאַרישע פלאַפלערישע פרויען? — שוידערהאַפט! — אַח, טאַנטע רעזי, קאָנסט דו זיך גאָר פאָרשטעלען אַזוי וואָס! אָבער האָט זי אַנ׳אַנדער ברירה, זי מוז דאָ דינגען די דירה, אַ נישט קומט איהר אויס מיט איהר קינד צו נעכטיגען אויפ׳ן גאַס! — פרוי באָלל איז איהר געפאַלען, אַ גאַנץ סימפּאַטישע פרוי, די דאָזיגע פערזאָרגטע, צעשראָקענע בעשעפעניש האָט איהר לייד געטהון. דער פרייז איז אַ ביליגער, די געגענד אַ גוטע, אָטטאָ וועט דעם פאַרק האָבען אַזוי נאָהנט! — אַננאַ האָט געקלערט און זיך געיישובט, ענדליך האָט זי עס שוין לענגער נישט געקאָנט דערהאַלטען. נאָך אַמאָל אויסשטעהן די איינענע חרפּות, נאָך אַמאָל זיך שוואַרצען דאָס פּנים פאַר אַ צווייטע ווירטען? ניין, דאָס וועט זי שוין נישט קאָנען אַריבערטראָגען:

—טהוען זי וואָס זי ווילען, — האָט זי מיט אַ הייזעריגער שטימע קוים אַרויסגערעדט — אָבער ביז פינף דעם זייגער מוז איך האָבען אַ קלאָרע תשובה! מיין אַדרעסע שטעהט אויף דער קאַרטע! —

— גוט מיין ליעבעס פריילין! — האָט די פרוי באָלל מיט אַ פרעהליכער און צופריעדענער שטימע געזאָגט, — מיר וועלען שוין צוזאַ־מענקומען, נישקשה, און לעבען גוט איינע מיט די אַנדערע! איך בין גאָרנישט אַזוי שלעכט, ווי זי מיינען, אַבי מען טהוט מיר קיין שלעכטס נישט טהו איך יענעם אַודאי נישט! און קליינע קינדער האָב איך ליעב ווי דאָס גאַנצע לעבען און איך ווייס ווי עס איז אַ מוטער צום מוט; האָטש פון מיינע פינף קינדער האָב איך דרייען אויפ׳ן גוטען אָרט אַוועק־געשיקט! און מיינע ביידע גרויסע בחורים ליעגען נאָך אויך אויף מיין

דאַלי און אויף מײַן קעשענע!—

די ביידע פרויען האָבען זיך צעשיידט. די אײַנוואוינערינס ביי פרוי באָלל האָבען גאָרנישט געהאַט קעגען דעם, אדרבא זיי זענען גאָר כמעט בעגײַסטערט און געריהרט געוועזען פון דעם. זיי האָבען אַננאַן מיט איהר קינד ליעב בעקומען נאָך איידער זיי האָבען זיי געזעהן. פרוי באָלל האָט איהר גאַנצע פאַנטאַזיע אָנגעווענדעט און האָט די נײַע פאָרגעשטעלט אַלס אַ געפאַלענער קרבן דורך אַ פערדאָרבענעם ניעדערטרעכטיגען מענשען, און פערדיענט, אַז מען זאָל אויף איהר רחמנות האָבען. זי האָט אין אַננאַ'ס אומגליק אַ גאַנצען שפּאַנענדען ראָמאַן פערוויקעלט, אַ ראָמאַן פול מיט סודות און סענסאַציעס און האָט די דאַמען בעשוואָרען מיט די הייליגסטע שבועות, אַז זיי זאָלען למען השם און למען השם איהר נישט אויספרעגען אָדער איהר הלילה והס נישט שלעכט בעהאַנדלען — — — — — — אַזויערנאָך איז אויסגעקומען, אַז מען האָט אויף דער נײַער שכנה, וועלכע מען האָט שוין געהאַט אַ נאָמען געגעבען „פריילײַן מוטער", געוואַרט מיט דער גרעסטער אונגעדולד. די הערען האָבען זיך אויך דעם גאַנצען אמת דערוואוסט און זענען אויך גלײַך ווי די דאַמען זעהר נײַגעריג געוועזען. — מען איז אין די פענסטער געלעגען און מ'כלומר'שט „צופעליג" אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס. מען איז זיך סתם אַזוי געגאַנגען אין קאָרידאָר אַהין און צוריק, אָדער מען האָט פערגעסען על פי טעות די טהיר גוט צו צומאַכען און דורך דעם אָפענגעלאָזענעם שפאַלט אַרויסגעקוקט בשעת די ביידע דראָזשקעס זענען אין הויף אַרײַנגעפאָהרען. מען האָט זיך שטאַרק אײַנגעקוקט אויף די קאָפער און קערב, די שלאַנקע געשטאַלט אין טיעפען טרויער האָט מען קוים צו זעהן בעקומען אויך די ניאַנע און דאָס קינד האָט מען קוים קוים געקאָנט בעקוקען, אָבער אַלע הערצער האָבען שטאַרקער און געשווינדער געקלאַפּט פאַר גרויס רחמנות אויף די נײַע שכנה. עס האָט אויסגעזעהן, אַז דאָס וואָס אַננאַ האָט אָנגערופען איהר „חרפה" איז ביי זיי גאָר געוואָרען אַ מין קדושה!

אין די ערשטע דרײַ טעג האָט מען די „פריילײַן-מוטער" צו זייער אַלעמענס פערוואונדערונג גאָרנישט אָנגעזעהן. ביי אַננאַן איז יעצט אַ רעאַקציע אײַנגעטרעטען. אין העכסטער פערצווייפלונג איז זי דעם גאַנצען טאָג נעבען פענסטער אויף אַ קאָרב-שטול געזעסען. זי האָט געקוקט אויף די אָבגעריבענע מעבעל אין איהר צימער, אויף דעם פוסטען הויף מיט די קרעמעלעך און וואוינונגלעך אָהן אַ צאָהל. זי האָט איהר יעצטיגע וואוינונג פערגליכען מיט איהר וואוינונג אויף דער שעללינג-גאַס, האט

זי האָט זיך געהאַט איהר בעקוועמען צימער מיט די פיינסטע און עלעגאַנטסטע מעבעל, די בעסטע פון איהרע עלטערנס הויז. האָרטען האָט זי זיך געוואוינט אָהן זאָרג, געאַרבייט מיט לוסט, קרובים און גוטע חברטעס פריינדליך אויפגענומען און מיט זיי גוט פערבראַכט. שפּאַלין געהען אויף איהרן זעלבסטשטענדיגקייט, איהר פריהייט און ריינקייט. פאַנטאַזירט אין גאָלדענע חלומות וועגען דער צוקונפט געחלומ'ט, געבויט זיך גאָלדענע לופט-שלעסער, פון וועלכע איהר פון לאַנג שוין פערגעטערטער קאַנטהאַגען איז דער מיטעלפונקט געוועזען. יעצט האָט זי זיך יענע צייט אַלס דאָס העכסטע אידעאַל פאָרגעשטעלט. אמת דאַמאָלס איז זי אויך נישט געוועזען צופרידען מיט איהר לאַגע, דאַמאָלס האָט זי זיך בעקלאָגט וואָס זי קאָן נישט געניסען קיין פערגניגען, מוז זיצען אַגאַנצען טאָג פערשפּאַרט ביי דער אַרבייט, קומט חעניג צווישען מענשען. דערנאָך איז דער גליקליכער יולי געקומען מיט דעם ווידער זעהען זיך אין ציונאָחיטש. די שטאַרקע ליידענשאַפט, וואָס איז געוואַקסען מיט יעדען טאָג, זיינע געבעט-בריעף. די רייזע צו איהם אין לאַגער, דער פאַל! — דערנאָך דער שוידערפולער ווינטער מיט דער שרעקליכער ענטדעקונג, אַז באַלד וועט זי ווערען אַמוטער. די אַנגסט, די חרפה! מען האָט זיך פון איהר דערוויטערט, איהר אויסגעמידען ווי אַני אַנשטעקענדיגע קרענק. אין מערץ האָט איהר דער פרינציפּאַל געקינדיגט די שטעלע. דאָס ביסעל אָבגעשפּאָרטע געלד איז באַלד ווי שנעע פאַר דער זון צעשמאָלצען געוואָרען. די ציהרונג פון די עלטערן: זייגער'ס, גאָלדענע האַראַרשפּילקעס, בראָשען, אַלץ איז אין לאָמבאַרד אַריינגעוואַנדערט. זי האָט זיך געמוזט צוגעוואָהנען צו די פּראָסטע עסענעס אין דער פאָלקס-קיך! אַננאַ האָט אָבגעזיפצט.— דערנאָך האָט זי געמוזט די שענע, עדעלע, געשמאַקפולע מעבעל פאַר בחצי חנם, פאַר אומזיסט פערקויפען און דערנאָך דאָס אַנטלויפען אין דאָס טהירינגשע נעסט, וואו זי אָטטאָן אויף דער וועלט געבראַכט. די שווערע, לאַנגע קינפּעט אינ'ם פויערישען הייזעל! ענדליך די רעטונג הירך פרוי פאָן דראָסס, וועלכע האָט פון איהר געהערט און איז אַליין געקומען, זי אָבנעהמען! — נון זענען אָנגעקומען די גליקליכע וואונדערשענע פערצעהן חדשים, אין דע סרייכען, קאָסטבאַרען הויז, וואו מען האָט זי ווי אַנ'אויג אין קאָפּ אָבגעהיט, וואו די גוטהערציגע, זיידענע פרוי האָט איהר די צערטליכע ליעבע בעוויזען און דערנאָך איז געקומען דאָס שוידערע אומגליק אין האָט די עדעלע פרוי פון איהר אַזוי געשווינד אַוועקגעריסען, צו פריה זי פון איהר און פון איהר קינד אַוועק-

גערויבט און אין פינסטערן קבֿר אַרײַנגעוואָרפען! —

פרוי קאָך איז מיט אָטטאָ געווען שפּאַצירען געגאַנגען. אַננאַ איז געבליבען אַליין. זי האָט איהרע אָרעמס אויף דעם פענסטער־ברעט אָנגעשפּאַרט, דערויף דעם קאָפּ אַנידערגעלעגט און זיך צעהליפּעט אויפן קול, אַז עס האָט פאַרן האַרצען אָנגענומען. זי האָט פאַר זיך גופא געקרעכצט און געיאָמערט: „טאַנטע רעזי! — אָטטאָ! — אָטטאָ! און די בענקשאַפט נאָך דער קיינמאָל שוין נישט צוריקקומענדיגע טוידטע און דעם ווייטען געליבטער, די דאָזיגע בענקשאַפט, וואָס האָט זיך ביי איהר גאָר פון דאָס ניי אויפגעוואַכט, האָט איהר דאָס האַרץ אין שטיקער צעריסען. —

זי האָט נישט געהערט, ווי מען האָט שטיל אָנגעקלאַפּט, ווי די טהיר האָט זיך שטיל און לאַנגזאַם געעפענט. אַ דינע אַלטליכע פרויען־געשטאַלט האָט אַרײַנגעקוקט, איז אויף די שפּיץ־פינגער און ענטשלאָסען אַלץ נעהנטער צוגעגאַנגען און צוויי אויגען פערשלייערט מיט אַריבער־שטרעמענדיגע טרעהרען האָבען מיט פערצווייפעלטער מיטלייד אויף איהר געקוקט. אין דער רעכטער האַנד האָט די אַרײַנקומענדיגע פרוי געהאַלטען אַ קליין בינטעל בלומען פון פיילכען און רעזעדאַ. — די איז געוועזען די געמיינדע־שול־לעהרערין בערטהא ראָזט, אַננאַ'ס נאָהנטע שכנה, וועלכע האָט שוין נישט געקאָנט אַריבער טראָגען אַננאַ'ס יאָמערן און וויינען גאַנצע דריי טעג נאָכאַנאַנד. — און אַזוי ווי אַננאַ איז נישט געגאַנגען צום מיטאָגס־טיש צוזאַמען מיט די אַנדערע איינוואָהנער און האָט זיך דאָס עסען געלאָזט דורך פרוי קאָך צו זיך אין צימער אַרויפטראָגען, איז זי נאָך פאַר קיינעם נישט פאָרגעשטעלט געוואָרען. פריילין ראָזט האָט פערשטאַנען, אַז זי האָט זיך נישט פאַסיג אויפגעפיהרט, וואָס זי איז אין אַ פרעמדענס צימער אָהן ערלויבניש אַרײַנגעדרונגען און איז דעריבער מיט אַנאַיינגעהאַלטענעם אָטהעם אויף איין אָרט שטעהן געבליבען, נישט וויסענדיג דרייסט אַ טריט ווייטער צו געהן. זי האָט געוואַרט און געלאָזט [illegible] טרעהרען־קוואַל, וואָס האָט זיך אין איהר געפיהל־פולעם האַרץ געעפענט און דורך די אויגען געשטראָמט, אויף איהרע באַקען רוהיג ווייטער פליסען. זי האָט געהערט, ווי אַננאַ האָט עפּיס געמורמעלט אונפערשטענדליכע ווערטער, אַ מורמלען וואָס איז אָפט פון אַ הליפּעריי איבערגעריסען געוואָרען. ביסלעכווייז איז דער יאָמער לייכטער געוואָרען. די אומגליקליכע האָט אַרויסגענומען אַ טאַשענטיכעל און זיך די טרעהרען אָבגעווישט. לאַנגזאַם איז זי צו זיך געקומען און האַסטיג איז זי אויפגעשפּרונגען, דערזעהענדיג פלוצלונג פאַר זיך אַ האַנד מיט בלומען אויס־

געשטרעקט. זי האָט איהרע אויגען אויפגעהויבען און ערשט יעצט האָט זי די פרעמדע װײנענדיג פרוי דערזעהן.

— ליעבע, גוטע פרײַלײן זאַנדערס, ביטע, זײַען זי נישט בײז אויף מיר! — האָט די אַרײַנגעקומענע פרוי װי געבעטען זיך — איך האָב שוין אַנדערש נישט געקאָנט מעהר, איך האָב געמוזט אַרײַנקומען! — — — — אַ פּאָר קלײנע בלימלעך האָב איך אײַך דאָ געבראַכט, נעהמט עס בײַ מיר צו! — — — קײן מענש איז נישט אינגאַנצען עלענד! — — — אפשר קאָן איך אײַך מיט װאָס העלפען? —

דער װאַרימער האַרצעדיגער טאָן, מיט װעלכען דאָס פרײַלײן האָט גערעדט האָט אַננאַ'ן טיעף גערירט. זי האָט געפיהלט, אַז יענע איז צו איהר אַרײַנגעקומען בלויז אויס רײנער רחמנות, אויס מיטגעפיהל און קײן שום נײַגיעריגקײַט איז דערבײַ נישט אַרײַנגעמישט געװען. — אַננאַ האָט זיך אויפגעהויבען און איז דעם נישט געריכטעטען גאַסט אײניגע שריט אַנטקעגען געגאַנגען. אַלס אַננאַ איז אַזוי געשטאַנען פאַר יענע דאַמע מיט איהר שלאַנקע פיגור און רײצענדעס אויסזעהן, מיט דעם װײַסען שײַנדי אין די ברוינע זײַדענע האָר, האָט זי איהר מאַר גרויס ליעבשאַפט און מיטגעפיהל געװאָלט פשוט אײַנשלינגען. — אַזוי מיז אַ מאַראָנע אויס-זעהן, — האָט זי זיך געטראַכט און פאַר אַננאַ'ן זיך טיעף פערבייגט.

— װער זײַט איהר, ליעבעס פרײַלײן, און װי קומען זי גראָד צו מיר? — האָט אַננאַ געפרעגט.

— אַה, איך װאוין דאָ אין דעם דערבײַאיגען צימער, אין דעם קלײנעם אײַנפענסטערדיגען צימערל לינקס! — האָט די אַרײַנגעקומענע געשטאַמעלט — איך הײס בערטהאַ ראָזט און בין אַלעהרערין! — ענטשולדיגען זי מיר נאָר! איך האָב געמײנט איך װעל אײַך מיט עפּיס קאָנען נוצען? — —

אננאַ האָט איצט פון איהר די בלומען צוגענומען און איהר די האַנד דערלאַנגט. — — איך האָב אײַך אַודאי מיט מײַן נאַריש װײַנען רעכט פיעל געשטערט, ליעבעס פרײַלײַן ראָזט? מיר איז אַפילו אין די געדאַנקען נישט אַרײַנגעקומען, אַז מען װעט מײַן װײַנען ערגעץ װאו דערהערען! אָבער װען מען האָט אַ געליעבטען טױטען אױפ'ן בית־עולם געמוזט איבערלאָזען און... — װײַטער האָט זי שױן נישט גע־קאָנט רײדען, די טרעהרען האָבען זי אָנגעהױבען שטיקען. נאָך אַ קור־צער פױזע האָט זי װידער דאָס לשון בעקומען און געזאָגט:—איך דאַנק אײַך פון טיעפסטען האַרצען פאַר אײַער מיטגעפיהל און רחמנות אױף מיר! איהר װײסט גאָר אַלײן נישט, װאָס פאַר אַ גרױסע טובה זי טהוען מיר! — — און די שענע בלומען, װאָס פאַר אַן׳אַנגענעהע־מען גערוך זײ האָבען! — דערבײַ האָט זי די נאָז צװישען די בלומען פערבאָרגען. — מײַן קלײַן יונגעל האָט אַזױ ליעב בלומען, איך קאָן אײַך גאָרנישט זאָגען, חאָטש אין גאַנצען איז ער ערשט פערצעהן חדשים אַלט! — — אַ לײַכטע רױטקײַט איז איהר פון דעם האַלז ביז צו די באַקען אַרױפגעשטיגען. — אָבער ביטע, לאָמיר זיך זעצען. װאָס שטעהען מיר דאָ אַזױ, פרײַלײַן ראָזט! ? — —

זעצענדיג זיך האָט דאָס אַרײַנגעקומענע פרײַלײַן געזאָגט: — דאָס פרעהט מיך זעהר, אַך, דאָס פרעהט מיך זעהר! ער װעט שױן גאַנץ אָפט פון מיר בעקומען שענע בלומען! אַך, פרײַלײַן זאָנדערס, איך האָב נאָך קײנמאָל אין מײַן לעבען אַזאַ שײן קינד נישט געזעהן, און אַזױ אַרטיג, אַזױ פרײַנדליך װי ער איז, גאָר װי אַ דערװאַקסענער מענש. די גאַנצע פּערסאָן איז אײנפאַך װי װילד מיט דעם קינד! — אַזאַ קינד, דאַכט זיך מיר, גיבט גאָרנישט נאָך אײנם אױף דער גאַנצער װעלט! עפּעס געהט עס זיך אַזױ װירדיג, אַזױ זעלבסבעװאוסט! און זײַן גאַנג אַזױ זיכער! —

אננאַ האָט שמערצליך געלאַכט: — יאָ, פרױ קאָך, אָטטאָס „גענגע” האָט מיר דערצעהלט, װי זײ האָבען איהם אַלע פערװעהנט. ער האָט שױן נעכטען זײַן מילך נישט געװאָלט טרינקען, אַזױ פיעל שאָקאָלאַד־קוכען האָבען איהם צװײ דאַמען געגעבען! —

— אַ, דאָס זענען אַודאי געװעזען די קיהן־בראַנד און די

מ א ר ס ו, — האָט ב ע ר ט ה א אַ רעכט ביסעל אײַפערזיכטיג געזאָגט:
— די האָבען די גאַנצע צײַט בײַם מיטאָג נאָר פון דעם קלײַנטשיקען אָטטאָטשקען גערעדט! — ענטשולדיגען זי נאָר; אָבער איך האָב אַזוי ליעב קינדער, אַזוי ליעב, איהר קאָנט גאָרנישט גלויבען! —

— אָבער וואָס זאָל איך אײַך דען ענטשולדיגען? — האָט אַ נ נ אַ איהר איבערגעהאַקט; זי האָט נאָך, נאַטירליך, נישט געוואוסט, אַז די נײַע בעקאַנטע האָט שוין אַזאַ געוואוהנהײַט, ווען עס פּאַסט און ווען עס פּאַסט נישט צו בעטען אום ענטשולדיגונג.

— איהר זײַט געוואָרען אַ לעהרערין, נישט אמת? פרוי ראָט האָט מיר שוין דערצעהלט, אַז אַ ליעבע, יונגע לעהרערין וואוינט נעבען מיר. איך דערמאָהן זיך מיר שוין גענוי! אַלזאָ בײַ אײַער בעשעפטיגונג קאָן איך שוין פערשטעהן, וואָס איהר האָט אַזוי ליעב קינדער! —

— באַ! — האָט יענע איהר נישט געלאָזט ענדיגען. — אַך, ענטשולדיגען זי נאָר, מײַן בעשעפטיגונג איז פאַר מיר אַ מוז, איך האָב עס נישט מיט׳ן גוטען ווילען זיך אויסגעקליבען! און די פרעמדע, זעהר אָפט שמוציגע יערגעם, וואָס בײַטען זיך נאָך אַלע יאָהר, שטענ-דיג נײַע שנויצען — — — נעע, פּאַרדאָן, נײַן אַזעלכע שמוציגע ווערם האָט מען גאָרנישט אַזוי ליעב! אָבער אײַער קינדעלע, אַך, אַז מען האָט אַזאַ אײַגענעם קלײַנטשיקען ווערעמיל און ער איז נאָך אַזוי שעהן, אַזוי קלוג — — אַך, ליעבעס פרײַלײַן, איהר ווייסט גאָרנישט וואָס פאַר אַנ׳אוצר׳ל זי האָבען, ווי גליקליך זי זענען, וויפיעל עס זענען אײַך מקנא! —

אַ נ נ אַ האָט איהר איבערראַשט און מיט חשד אָנגעקוקט; אָבער דאָס קלײַנע פרײַלײַן איז זיך אַזוי רוהיג און איבערצײַגט אין איהר מײַנונג געזעסען און בלויז מיט דעם קאָפּ געשאָקעלט.

— איהר ווייסט נישט, וואָס איהר זאָגט! —

— נו דאָך! — האָט די ראָזע זיך בײַ דאָס איהריגע געהאַלטען, — איך האָב שוין וועגען דעם טויזענד מאָל נאָכגעדאַכט. נאָך זײַענדיג אין דער הײַם, בײַ מײַנע זעליגע עלטערן צו לאַנד, וואו מיר זענען עלף קינדער געוועזען. איצט זענען אַלע צוזײַהט און צושפרײַט; אָבער איך בין דאָך די עלטסטע, האָב איך דאָך געמוזט העלפען די גאַנץ קלײַנע

אויפהאָרעווען. ענטשולדיגען זי אָבער, איך ווײס שוין וואָס איך רייד? — וואָס שאַדטען אַלע אַרבײַט, אַלע פּלאָגען און זאָרגען, אַלע קוואַל און קרענקונג? אָן דעם אַלעם פערגעסט איהר דאָך באַלד, ווי איהר נעהמט נאָר אײַער אָטטאָ אַרום, אַז ער גיט נאָר אַ קוק אויף אײַך און צולאַכט זיך? אַך, ווי גליקליך איהר זײַט! איהר ווײסט נאָר אַלײן נישט! —

זי איז שטיל געוואָרען און דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט, זי האָט זיך פאַר זיך גופא פערשעמט, וואָס זי האָט זיך דאָ אַזוי צורעדט, אַלץ, וואָס בײַ איהר אויפ'ן האַרצען איז, אַראָבגערעדט! אַננאַ איז אויך שטיל געזעסען און געקלערט. אפשר האָט די פרעמדע דאָ רעכט? איז זי אפשר נישט גענוג דאַנקבאַר? ליעבט זי איהר קינד נישט ווי מען בעדאַרף? זי האָט שווער אָבגעזיפצט.

—זי ריידען, ווי דער בלינדער פון פאַרבען! — האָט אַננאַ ענדליך מיט אַ ביטערן בײַקלאַנג אין דער שטימע געזאָגט, — זי ריידען ווי אַ טעאָרעטיקערין, ווײַל זי ווײסען נישט די צרות און די לײַד, וואָס מען שטעהט אויס, אַז אָפט, אַז כמעט שטענדיג, געהט נישט אײַן צו ליעב זײַ די גרעסטע פרײַד, דאָס זיסטע נחת, וואָס מען וואָלט קענען פון אַזאַ אומשולדיג בעשעפעניש געניסען! —

— אָ נײַן, ענטשולדיגען זי, — האָט די ראָזט אײַנגעווענדעט. — אָבער אַננאַ האָט איהר נישט געלאָזען ענדיגען און האָט אָנגעהויבען ווײַטער ריידען: — יאָ, אַז מען האָט חתונה ווי בײַ לײַטען, זענען אַזעלכע קינדער פאַר אַ מאַמען אַ נחת, אַ גליק! אָבער אַזוי — — יאָ, אפשר רײַכע דאַמען, זעלבסשטענדיגע, פון קײַנעם נישט אָבהענגענדיגע מײדלעך, קענען זיך אַזאַ לוקסוס ערלויבען, נישט לײַדענדיג דערבײַ די אונערטרעגליכסטע קוואַלערײַ! גלויבען זי מיר, איך האָב עס דורכגעמאַכט, איך ווײס שוין דעם טעם דערפון! — — אַננאַ האָט אַ ווײַלע אויפגעהערט ריידען, האָט אַ שפּרונג געטהון פון אָרט און אײניגע מאָל אין צימער הין און צוריק אַרומגעלאָפען. דערנאָך האָט זי ווידער אָנגעהויבען ריידען: — יאָ, ווען מען דאַרף בײַ קײַנעם נישט פרעגען, ווען עס איז דאָ אַלצדינג. וואָס מען בעדאַרף פאַר אַזאַ ווערימעל — — — נאַ — מיט דער חרפה ווערט מען שוין, האָבענדיג אַ שטאַרקען כאַראַקטער, ווי עס איז פאַרטיג! — — אָבער ווען מען מוז פאַר זיך אַלײן און פאַר דעם קינד ערשט פערשאַפען!? — — זי איז פאַר דער דערשראָקענער צוואַמענגעזונקענער לעהרערין אַ ווײַלע שטיל שטעהן געבליבען: — זײַען זי פאָרזיכטיג, — האָט זי ווידער

אָנגעהויבעֶ — אונטערדריקען זי אַזוינע סאָרטען געדאַנקען, באַלד ווי זיי הויבען נאָר אָן אויפצוקומען! און אויב איהר מיינט עס גוט מיט אייער געשלעכט, זאָלט איהר זיך היטען די דאָזיגע אידעען צו פערברייטען! איך זאָג עס אייך פון דער פּראַקטיק, פרייליין ראָזט! וואָס הויב איך אָן צו טהון, ווען איך וועל שוין האָבען מיין ביסעל געלד פערצעהרט און קיין אַרבייט, קיין בעשעפטיגונג וועל איך נאָך נישט האָבען געפונען, האַ? — איך קאָן אפשר הונגערן, אָבער דער קליינער? זאָל איך געהן בעטלען, ווער וועט מיר דען עפּעס געבען, מיר, דעם מיידעל, וואָס האָט „אַזוי וואָס" געטהון? יאָ, פאַר די פּראָסטע נקבה, פאַר דאָס גאַסען-מיידעל, די געפאַלענע פרוי, פאַבריק-אַרבייטערינס, — פאַר זיי איז אפשר נאָך דאָ פערדאַיינען און שפּיטאָלען! וואָס ווילען אָבער די פערשטאַנדס-דאַמען מיר זאָגען, מיר, מיט מיין בילדונג, מיט מיין יחוס? זאָל איך זיך ערגעץ-וואו שטעלען דינען און מיין קינד אַוועקגעבען אויף פרעמדע הענד? וואָס פאַר אַן אויפפּאַסונג קאָן ער דען דאָרטען האָבען, אַזעלכע לייט, וואָס דאַרפען פאַר די עטליכע מאַרק, וואָס זיי בעקומען, דערנעהרען זיך מיט זייער פאַמיליע, וואָס קאָן שוין פאַר דעם פרעמדען, נישט-געזעצליכען, פון דער געזעלשאַפט פערשטויסענעם קינד בלייבען, ווער וועט זיך אויף מיין קינד דען אַרומקוקען? גיב איך מיין קינד אין אַזאַ אַנשטאַלט אַוועק, בין איך נישט ווערט דעם נאָמען מוטער צו טראָ-גען. ניין, מיין ליעבע, אָט דאָס איז די קללה! און וואַסער אַריין מיט אונז געבילדעטע פרויען, ווען מיר שטעלען זיך אונטער, צו פאָלגען אונזער ליעבע, נישט פרעגענדיג פריהער קיין ערלויבניש ביי דעם גלח און ביי דעם פּאָליציי-בעאַמטען! — — די גאַנצע גאַל, וואָס האָט זיך ביי אַננאַן פאַר דער גאַנצער צייט אָנגעקליבען, האָט זי איצט פון זיך ווי אַ וואולקאַן אַרויסגעשפּיגען, דערנאָך מיט גליהענדיגען כעס אויפ'ן שטוהל אַ וואָרף געטהון, אַז יענער האָט געקנאַקט אונטער איהר. —

בערטהא איז מיט צוזאַמענגעלעגטע הענד ווי בעטויבט געשטאַ-נען: — ענטשולדיגען זי, ליעבעס, פרייליין זאַנדערס, אָבער עס וועט נאָך אַמאָל אַנדערש ווערען, מיין איך! — —

קיינמאָל וועט שוין נישט אַנדערש זיין, ווי לאַנג די וועלט וועט שטעהן; דעריבער שריי איך, אַוועק מיט דער ליעבע, אַוועק מיט אַלץ וואָס שטעלט פאַר אונז אַ נעץ אויס! נאָר נישט ליפּען מיט דעם קאָפּ און ווילען דערמיט מויערן צוברעכען: דעם קאָפּ וועט איהר צו-בלוטיגען, צושפּאַלטען און מיט אייער מאַרך די ווענד נאָר קוים בע-

שפּריצען , און אין אַ פּאָר מינוטען שפּעטער װעט קומען אַ קאַלטער פּאָליציי־מאַן מיט אַ קאַלט נאָס שטיקעל שמאַטע און אײַער זודיגען , גליהענדיגען מאַרך קאַלט אָבווישען , און דאָס מויער װעט זיך בלײַבען מויער , פעסט , קאַלט און שטאָלץ , װי קײנמאָל גאָרנישט . די װעלטגע־שיכטע האָט זיי געבויט , װײַל זײ זענען געװען אַ נויטװענדיגקײט ! און נאַרישע מענשען שטעלען זיך דעם קאָפּ אײַן ! אָבער, לײַדער , שטעה איך פון יענער זײַט , און איך מוז זיך זעהן מיט מײַן קינד פעסט צו האַל־טען , אַזוי אָדער אַזוי ! — —

— דאָס איז רעכט ! פאַרדאָן ; אָבער איך בין יאָ נאָר אַ גאַנץ בעשײַדענע , נישט־בעדײַטענדע געמײַנדע־שול־לעהרערין ; אָבער זעהען זי ־ דאָך , מײַן האַרץ איז אײַך גלײַך צוגעפלויגען ! איך האָב אײַך גאָר־נישט פעראורטײַלט ! אַדרבא , איך בין אײַך גאָר מקנא . איצט אפילו , איך בין אײַך מקנא פאַר אײַער שטאָלץ און דרײַסטקײַט ! — — —

און די אַנדערע דאָרטען אונטען און דאָ אויבען, —אַלע נעהמען אַנ׳אַנטײל אין אײַער אומגליק , אַלע ! קײנער װעט אײַך נישט צום שלעכטען אור־טײלען ! פערצײַהעט מיר ; אָבער עס קאָן דאָך זײַן ! איך האָב ערשט הײַנט געהערט , װי הערר ד װ ו אַ ר אָ ל האָט בעדויערט , װאָס איהר קומט נישט ; האָט זיך די פרוי ראָט אָנגערופען , אַז דאָס קאָן אפשר זײַן , װײַל זי שעמען זיך ! — — — פאַרדאָן ! — — — אַלע האָבען דאָס אָבגעשטריטען, ד װ ו אַ ר אָ ל האָט אפילו געזאָגט: זי קענען אויף אײַער קינד שטאָלץ זײַן , דאָס איז שוין , זאָגט ער , אויסגעפיהרט די טעאָריע אין דער פּראַקטיק !— ער האַלט אײַך גאָר פאַר אַ נביאה׳טע ! און װען די גאַנצע װעלט האָט פון אײַביג אָן די נביאים געברענט , די באַלשענדיגע פענסיאָנערע און זײַן פערײַן „נײַע גריכען“ װעלען איך לויב־ליעדער זינגען ! און מיר אַלע האָבען איהם מיט פרײדען־געשרײַען צוגעשטימט !

איבער אַננאָס אויפגערעגטען געזיכט האָט זיך װי אַ טרויעריגער שפּאָס און רחמנות פערצויגען . זי האָט לײַכט דעם קאָפּ אײַנגעבויגען און זיך פערקלערט . עס איז איהר אײַנגעפאַלען אַנ׳אַלטער אַנעקדאָט , אײַנער פון די װיציגסטע אַנעקדאָטען , װי אַמאָל האָט דער לעבעדיגער ברוינער קרעבס מקנא געװען די רויטע פאַרב פון זײַן חבר , װאָס ער האָט עס בקומען ערשט נאָכדעם, װי ער איז לעבעדיגערהײַט אָבגעקאָכט געװאָרען, אַזוי איז עס איהר צװישען די דאָזיגע פרעמדע געגאַנגען ! איהר אומגליק איהר עלענד , איהרע יסורים האָבען איהר דעם „רויטען קאָליר“ געגעבען,

זי געמאַכט אינטערעסאַנט . זי געהט אויס פון די כחות פאַר גרויסע צרות, און דאָרטען האָט מען איהר גאָר געשטעמפּעלט פאַר א נביאה און מען איז איהר גאָר מקנא. איהר שוויגען האָט דאָס פריילין ראָזט ווי אַ שווערע לאַסט געדריקט און זי האָט זיך אָנגערופען :

— ענטשולדיגען זי , פריילין זאַנדערס , אָבער זי זיצען דאָ אַזוי אַליין און דאָס איז גאָרנישט גוט פאַר אייך . איהר בעדאַרפט אַרונ־טערצוקומען אונטען , איינמאָל מוז מען זיך דאָך בעקענען ! אַלע וויסען דאָך פון אייער שיקזאַל , אפשר קאָן מען אייך עפּעס אַן׳עצה געבען און העלפען ! —

אַננאַ האָט איהר ביידע הענד אַנטקעגען אויסגעשטרעקט און האָט פעסט אַרומגענומען די הענד פון דער לעהרערין און געזאָגט : — איך דאַנק אייך ! ווירקליך , איהר ווייסט גאָרנישט, ווי גליקליך איהר מאַכט מיך ! ליעבעס פריילין ! — — — היינט אָווענד וועל איך צום אָווענד־ברויט אַרונטערקומען . אפשר דאַרף איך נאָך גאָרנישט אַזוי פערצווייפעלט זיין ! —

— אָ , ניין , ניין ! — האָט בערטהאַ לעבהאַפט אויסגעשריען , האָט זיך איינגעבויגען און איהר די האַנד געקושט ; אַננאַ האָט איהר אָבער צו זיך צוגעצויגען און אין ביידע באַקען געקושט .

— דער מענש דאַרף נישט פערצווייפלען , — האָט אַננאַ מיט א לייכטער צופרידענהייט געזאָגט . — פריהער האָב איך מיך געפיהלט אַזוי איינזאַם , אַזוי עלענד און איצט האָט מיר דאָס שיקזאַל אַ נייע פריינדין צוגעשיקט ! —

— אַך, יאָ , יאַך יאָ ! — האָט בערטהאַ מיט אַ גליקליכער פרעהליכקייט געזאָגט , — דאָס בין איך , און מיין גרעסטער וואונש איז אייך דורך אַן׳ערנסטען , גרויסען קרבן צו קענען איבערצייגען , ווי זוים איך בין אייך אַ גוטע און טרייע ׳פריינדין ! —

די קאָך האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און איז מיט׳ן קינד אין צימער אַריינגעקומען . נון האָט זיך אָנגעהויבען אַ שמחה ביי דער קליינער לעה־רערין ; זי האָט זיך מיט דעם קליינעם יונגעל געשפּיעלט און געטאַנצט און איז געוועזען גאָר איבערגליקליך . עפּיס איז זי גאָר יונג געוואָרען און די קנייטשען אויף איהר פנים האָבען זיך ווי אויסגעגלייכט .

אַננאַ האָט ערשטווינט אָנגעקוקט די קליינע לעהרערין און אַי־גענטליך אויף זיך גופא אין כעס געוואָרען . ניין, זי איז קיין שלעכטע מוטער נישט געוועזען , זי האָט איהר קינד געליעבט און פאַר איהם

געזאָרגט, ווי נאָר עס קאָן אַ מוטער זאָרגען פאַר אַ קינד, האָט אַלץ אַרבײַט געטהון, אום דאָס קינד ווי בעסער צו פלעגען, און זי פלעגט אמת׳ע קרענקונג האָבען, ווען די אַם פלעגט איהר פערלויפען און ניט לאָזען טהון קײַן אַרבײַט פאַר׳ן קינדס וועגען. נאָר אויף דעם פערלאַנג פון דער פערשטאָרבענער פרוי פאָן דראָסס האָט זי אײַנגעװיליגט אָנצוטרויען די פלעגע פון קינד אָן די פרוי קאָך. — — — — דאָס אײַנציגע, מיט וואָס זי האָט געקאָנט די גוטהערציגע טאַנטע בעצאָהלען פאַר די פילע גוטס, וואָס זי האָט מיט איהר געטהון, איז געװעזען דאָס, וואָס זי האָט די אײַנזאַמע עלטערע פרוי בעהאַנדעלט ווי אַן אײַגענע מוטער. די טאַנטע רעזי האָט די פרוי קאָך שטענדיג בײַ זיך אין צימער געהאַלטען, גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט פון זיך ניט אָבגעלאָזט, האָט זי אָבגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, האָט איהר די פײַנסטע צערטליכקײַט בעוויזען. זי האָט אַלזאָ קײַן אַנדער ברירה ניט געהאַט. זי האָט געמוזט איהר קינד אָנפערטרויען דער אַלטער פרוי, ווײַל דאָס איז געוועזען דער הייסער וואונש פון דער פערשטאָרבענער טאַנטע! — אמת, זי האָט זיך אויך מיט דעם יונגעל געשפּיעלט, איהם געהאַלזט און געקישט. אָבער אין איהר שמחה מיט אָטטאָ׳ן איז שטענדיג געװען אַ שמערצליכער אומעט פערמישט, מיט פערביטערטע פאַרווירפען אויף זיך גופא צוזאַמענגעפּאָרט. דער קלײַנער האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַן ערנסט קינד אַזוי, דאָס זי האָט מעהרערע מאָל צו דער טאַנטע רעזי געזאָגט: — זעה נאָר טאַנטעשי, ווי טרויעריג און שטיל ער איז. די שווערע לאַסט פון מײַנע טרעהרען און מײַנע יסורים, וואָס איך האָב פאַר זײַן געבוירען וועררען אויסגעווײַנט און זיך אָנגעליטען, דריקט שווער אויף דעם אָרימען יונגען! — פרוי פאָן דראָסס האָט דערצו צוגעשטימט. שפּעטער איז דאָס אָבער אַנדערש געוואָרען, פון דעם טרויעריגען זויג-קינד איז געוואָרען אַ מונטערער יאָהר-קינד. און איצט, ווען דאָס פרײַלײַן ראָזע האָט זיך מיט איהם געשפּיעלט, האָט די מוטער שוין אַרויסגעזעהן אין איהם דעם שפּעטערדיגען ווילדען אויפברויזענדיגען יונגען.

## פינפטעס קאפּיטעל.

דאָס שלומפּערדיגע ניט-זויבערע דינסט-מײַדעל האָט אין דעם

שמאָלען, לאַנגען, עטוואָס טונקעלען צימער געדעקט דעם טיש צום אָווענדברויט. פרוי ראָט באָלל האָט איהר דערבײַ צוגעהאָלפען. פאַר די רײַכע, פערוועהנטע פאַנסיאָנערען, וועלכע האָבען זיך געקאָנט מעהר ערלויבען, האָט זי געשטעלט די נאַשערײַען און געטראַנקען, פאַר וועלכע זײַ האָבען עקסטרא בעצאָהלט. די אַנדערע האָבען בעקומען אַ געוועהנליכען דאָנערשטאָגדיגען אָווענד־ברויט: וואורשט מיט קאַרטאָפעל־סאַלאַט, אויפשניט און קעז צום פוטער־ברויט. דערצו נאָך, צום פער־טרינקען, טײַ. — זי האָט די גרויסע הענגלאָמפּ אָנגעצונדען, באַלד נאָר ווי דער הערר קורט רויך האָט פון קאָרידאָר אין צימער אַרײַנגעקוקט. ער איז געוואָרען אַנ׳אויסגעלאַסענער בילד־שענער סטודענט און דער אַלגעמײַנער ליבלינג פון פענסיאָן. אפילו פרוי באָלל האָט קעגען זײַן לוסטיג־קיצעלדיג־בײַסענדיגען הומאָר בײַשטעהן נישט געקאָנט. חאָטש ער איז געוועזען אַ שלעכטער, נישט קײַן רעגעלמעסיגער צאָהלער, האָט זי איהם דאָך גערן דאָס דירה־געלד געצאָהלט און אָפט נאָך איהם אַ קלײַן הלואה׳לע אויסבאָרגען: זיכער געלד איז ער, דאָס האָט זי געוואוסט: קוים בעקומט ער נאָר זײַן האָנאָראַר פון רעדאַקציע, צאָהלט ער איהר באַלד אוים ביז איין פעניג. נאָכדעם ווי זײַן מוטער האָט זײַן געהאַלט, וואָס ער פלעגט בעקומען פון איהר, פערשמעלערט פון פינף און זיבעציג מאַרק אויף פינפציג, האָט ער אָנגעהויבען ליפערן די הומאָריסטישע צײַטונגען און וויץ־בלעטער פערשידענע צום לאַכען רײַצענדיגע אַרטיקלען, עס האָט נישט אויסגעמאַכט, ווען עס איז אפילו געוועזען אַ רעכט ביסעל צוגעפעפערט מיט נבול־פה. די דאָזיגע אַרטיקלען זײַנע זענען בײַם פובליקום בעליבט געוואָרען און ער האָט דערפון זײַן גוטע אויסקומעניש געהאַט. — דאָס געלד, וואָס די מוטער האָט איהם געשיקט, האָט ער פערשווענדעט אויף די קאָלעגען, בעצאָהלען אַלטע חובות, ביער, פרײַנד און ווײַבעלעך, אויף וואָס פרוי ראָט פלעגט שטאַרק אין כעס זײַן און איהם גאַנצע מוסר־דרשות זאָגען. —

— נ׳אַבענד, באָלל! — האָט ער לוסטיג אַ זאָג געטהון, ווי שטענדיג, ווען ער איז אַלײַן געוועזען. —

— אַהאַ, איהר זענט שוין אין דער היים? דאָס קאָלעגן דויערט דאָך ביז נײַן דעם זײַנער! זי הוליען שוין ווידער? נעע, דאָס איז דאָך שרעקליך! נאָכאַמאָל וועל איך דאָס אײַער מוטער שרײַבען, אַלץ וועל איך איהר שרײַבען! —

—אַך, באָללכען, דאָס װעלען זי דאָך ניִשט טהון! איהר װילט דאָך מײַן אַלטע גוטע מוטער ניִשט פערשאַפען קײַן עגמת־נפש! זי האָט שוין אָהן דעם איהר פעקיל צרות, דער קאָפּ איז איהר געװוג פערדרעהט מיט עלועם התונה! איבריגענס איז עס פאַר מיר טאַקע גלײַכער, איך זאָל זיך אַ ביסעל פון די ג...קענע סחורה אַ ביסעל צוריק־האַלטען! איך האָב שוין װידער בעקומען עפּעס גאָר אַנ׳אַנטיקעל! —

—אַך, געהט שוין מיט אײַערע אונאַנשטענדיגקײַטען! שטודירען זי ליעבער ערנסט! —

—דאָס טהו איך טאַקי ערנסט — — — און מיט ליעבע!— האָט ער איהר פערזיכערט.

פרױ ראַט האָט זיך פאַר איהם אױפגעשטעלט, גרײַט איהם אַ גאַנצע מוסר־דרשה צו האַלטען, האָט אָבער געמוזט אָנהויבען צו לאַכען, אַז ער האָט דעם קאָפּ אָן אַ זײַט אָבגעבויגען און אַ צוקנײַטשט פּנים געמאַכט.

—נײַן! — האָט זי געשריען, — הערט שוין אַמאָל אױף מיט אײַערע נאַרישע העויות, הערר רױך! — — — — — איך ערקלער עס ערנסט, אַז איך װעל אײַך צום ערשטען, שפּעטסטענס צום פונפצעהנטען נאָװעמבער „אַרױסזעצען”, װען בערטהאַ אױבען װעט נאָך אַמאָל האָהר־שפּילקעס און אַ שיך־קנעפּער געפינען! —

—אָ, דאָס װאָלט איהר זעהר רעכט געטהון, טײַערסטע פרױ! דאָס װאָלט געװען נאָך מעהר װי דול; — — — נאָר אַזױ װי איך, גרױסער נאַר, קאָן ניִשט װיסען, װער עס זאָל האָבען בײַ מיר פערלױרען האָהר־שפּילקעס — — — סײַדען זי זענען עס געװעזען, באָללכען, מײַן טײַערע נשמה, דען איהר קומט שטענדיג בײַ מיר אין בײַדעל עפּיס אױסצושניפען! —

— און דער שוך־קנעפּער איהר אונפּער — —

— נאָר ניִשט געזידעלט זיך, שאַ! דעם דאָזיגען אינסטרומענט בעדאַרף איך גופא, אַמאָל פאַר מײַנע האַנדשוה, אַמאָל מײַנע װאָנסען אױסצוציהען! — — ער האָט איהר מיט זײַנע בלױע אױגען אַרױס־פאָדערנדיג אָנגעלאַכט און האָט די בלאָנדע באָרד זײַנע געדרעהט. זי האָט אױך אַ ביסעל אַ שמײכעל געטהון, באַלד אָבער צוריק אַנ׳ערנסטע מינע אָנגענומען און מיט אַ געמאַכטען כעס געזאָגט:

— זי געפינען אױף אַלצדינג אַ תירוץ! אָבער געלעכטער אָן אַ זײַט, הערר רױך! אױבען װאױנען מיסס בריטהו, די

ראזט, די זאנדערם און עס וואלט פאר מיר געוועזען די גרעסטע שאנדע — — —

— יא, וואס מאכט דען די אונזיכטבארע מאדאנע? — האט ער פעראינטערעסירט געפרעגט. —

— טאמער וועט איהר דאך שוין אמאל אייער צונג א ביסעל שטייפער האלטען! — האט זיך פרוי באלל אויף איהם ערנסט נע־בייזערט. —

— נו, נו, איך וועל שוין מעהר נישט, איך טהו תשובה, אלזא ווען וועט זיך שוין אמאל אייער סאמע אינטערעסאנטסטע איינוואוינערין, דאס פריילײן־מוטער, בעוויייזען? איך שטארב פאר נייגיעריגקייט! —

— איהר דארפט שוין נישט שטארבען! די ראזט איז געוועזען אונטען און האט מיר געמעלדען, אז פריילײן זאנדערס וועט קומען צום אווענד־ברויט! די ביידע האבען זיך שוין בעפריינדעט! —

— דונער־וועטער! נו, נו! דאכט זיך אזא וצדקתך'לע — — — —

די ראזט, קאן גאר קיין צוויי נישט צעהלען! שטיל וואסער האט א טיעפען גרונד! — אבער אמת, פרוי באלל, איך האב גוט געטהון, וואס איך בין נישט אין קאלעג געגאנגען! איך וואלט פאר קיין געלד אין דער וועלט נישט מותר געווען אויף די ערשטע פארשטעלונג אין זאל! —

— אויף איהר וועט איהר שוין, דאכט מיר, נישט האבען קיין ווערטלעך צו זאגען! די זאנדערס וועט אייך שוין אויסלערנען האבען פאר איהר דרך ארץ, זי טרויט זיך קיינעם נישט אזוי לייכט אן! —

— נאנא? — האט ער סקעפטיש אויסגערופען. — אזוי גע־פעהרליך איז עס נישט, דען — — — — — אײנער האט עס געוואגט, — — אײנער האט עס געוואגט! — האט ער לויט זינגענדיג פאראדירט א בעקאנט ליעדעל. ביידע האבען געלאכט, זי האט איהם מיט'ן קולאק געסטראשעט. .

— איז דווארעל צו הויז? —

— געוויס, אקארשט טאקע געקומען! —

— אזוי, איהם מוז איך נעהמען. ער וועט דאך פשוט משוגע ווערען פאר שמחה. ער זאלט צום בעסטען דאס פריילײן־מוטער ביי זיינע „נייע גריבלען" אויסשטעלען! — — דערביי האט רויך דער ווירט־טין א האנד־קוש צוגעווארפען און איז געשווינד אוועק.

היינט האבען זיך אלע פענסיאנערען שוין גלייך נאך זיעבען א

זינגער אין דעם זאַל אײַנגעפונען, אַלע האָבן געוואָלט דערבײַ זײַן, ווען אַננאַ וועט דאָס ערשטע מאָל ערשײַנען אין זאַל. געפעהלט האָבן נאָר די קיהן־בראַנד, וועלכע איז געפאָהרען אין טעאַטער, ווײַל זי האָט געמוזט שפּילען, און די בײדע באַנק־בעאַמטע העררען ראָטער און העררען לודוויק, וועלכע האָבן ווי שטענדיג אין שטאָדט אָווענדברויט געגעסען. זיי האָבן בײַ פרוי באָלל נאָר צוויי גרויסע פאָדערצימער בעוואוינט, און האָבן נאָר דאָס ערשטע פריהשטיק בײַ איהר געגעסען; דעם גאַנצען טאָג זענען זיי אין שטאָדט געוועזען און דאָרטען מיטאָג און אָווענד־ברויט געגעסען; בײַם אַלגעמײַנעם טיש, אינאײַנעם מיט אַלע אַנדערע אײַנוואוינער, האָבן זיי זיך געפונען נאָר יעדען זונטאָג, — אַכט דעם זײגער פלעגט מען שוין עסען. אַ האַלבע שעה פריהער איז פרוי באָלל ערשינען מיעד און אָבגעמאַטערט און איהר טואַלעטע איז געוועזען אַזעלכע, וואָס מען האָט באַלד געקאָנט דערקענען, אַז קײן פיעל צײַט האָט עס נישט פערנומען. אַרײַנקומענדיג האָט זי געפונען אַלעמען, אפילו מיס ברוטהי און מיסטער פאָוועל, לאַכענדיג מונטער איבער רויכ׳ס וויצען, וועלכע זענען איהם היינט בעסער ווי אַלע מאָל געראָטען. — באַלד נאָכדעם האָט זיך געהערט אַ קלאַפּען אין טיר. די טיר האָט זיך געעפענט און אַננאַ זאַנדערס הויכע געשטאַלט האָט זיך בעוויזען אין טיר־חלל. זי איז געוועזען בלײך. די בלאַסקײַט פון איהר געזיכט און דער ווײַסער שרונד, די צושטרײַטע זילבערנע פעדים אין איהר פריזור האָבן דורך די טיפע שוואַרצקײַט פון איהרע טרויער־קלײדער נאָך מעהר אָבגעשלאָגען.

— אַ מלאך פון הימעל, וואָס פאַר אַנ׳עדעלקײַט עס ליגט אויף איהר, — האָט דוואָראָל געשעפּטשעט צו דער קאָנצערט־זינגערין בעטינאָ מאַרסאָ מיט בעגײַסטערונג. עס איז שטיל געוואָרען. אַלע אויגען זענען צו דער אַרײַנקומענדיגער אַננאַ געווענדעט געוועזען. הינטער איהר איז נאָכגעגאַנגען פרײַלײַן ראָזט מיט גלאַנציגע פערקלערטע אויגען.

— גוטען אָווענד, מײַנע הערשאַפטען, — האָט אַננאַ געזאָגט. אין איהר שטימע האָט זיך דער אָבקלאַנג פון איהרע אינערליכע לײַדען געהערט. די פאַרב פון איהר געזיכט האָט זיך שנעל געביטען; דאָ איז עס רויט געוואָרען, דאָ באַלד ווידער בלאַס געוואָרען. פרוי באָלל איז אויך רויט געוואָרען:

— גוטען אָוועגד, פרײַלײַן זאַנדערס! — האָט זי פאַר אַלע איהרע אײַנוואוינער, וועלכע האָבען זיך שווײַגענדיג פערבויגט, גענענט־פערט. — ערלויבט מיר איך זאָל אײַך בעקאָנען: פרײַלײַן באָרמער, פרײַלײַן מאַרסו. — זי האָט אַלעמענס נעמען אויסגערעכענט, יעדע גערופענע האָט זיך פערבויגט. נאָר דוואַראָל האָט אַננאַ'ן זײַן האַנד אויסגעשטרעקט און איהר אַ קוש געטהון אין איהר רעכטע האַנד, וועלכע איז ווי מאַרמאָר קאַלט געוועזען. אַ לאַנגווײַליגע, דריקענדיגע אונטערהאַלטונג האָט זיך געשלעפּט פויל און שלעפעריג, ביז דאָס הויז־מײַדעל האָט אַלעמען צום טיש געבעטען. אַלע זענען אַרײַנגעגאַנגען אין דעם דערבײַיאיגען שפּײַז־צימער.

— גענויבט איז גאָט, אַז בערטהאַ מיט די גענצאַקטע וואורשט־לעך איז שוין דאָ! — האָט רויך זיך אָנגערופען. ער האָט זיך צום טיש דער ערשטער געזעצט. — אַ לאַנגע צײַט האָט געדויערט, ביז דער עולם האָט זיך אויף די ערטער געזעצט, יעדער האָט זיך בעמיהט פאַר אַננאַן דעם „אויבענאָן" צו לאָזען און אין איהר נאַכבאַרשאַפט זיך צו גע־פינען. אויסגעקומען איז סוף כל סוף, אַז אַננאַ איז געבליבען זיצען צווישען די ראַזט און די בריטי. איהר קעגענאיבער זענען געזעסען די מאָרסו און דוואַראָל, וועלכער האָט זיך דעם דאָזיגען אָרט כמעט מיט כח ערקעמפט. די איבריגע זעהענדיג, אַז זיי וועלען שוין קעגענאיבער, אָדער נאָהנט נעבען אַננאַ'ן נישט קאָנען זיצען, האָבען זיך געזעצט וואו עס האָט זיך געלאָזען. פאַר יעדע פערזאָן האָט מען אַ סערוועטיל געלעגט, וועלכען מען האָט אין אַ האָלץ־רינג אַרײַנגע־שטעקט. געזעסען איז מען שטיל. קײנער האָט נישט געוואַגט עפּעס אַ וואָרט אויסצורײַדען, טאָמער וועט עס דעם נײַעם גאַסט נישט אַנגענעהם זײַן. געבראָכען די שטילקײַט האָט ענדליך פרײַלײַן סוסי בריטי, וועלכע ווי שוין אַנ'אַמעריקאַנערין, וואָס האַלטען זיך נישט אַזוי שטרענג און שטײַף אָן דער טאַקטיק, האָט בעריהרט דוקא יענעם פונקט, וועל־כע די איבריגע האָבען בעמיהט אויסצומײַדען. באַלד ווי אַננאַ איז נאָר אַרײַנגעקומען, האָט איהר די דאָזיגע אַמעריקאַנערין מיט איהרע העלע קלוגע אויגען בעקוקט מיט אַנ'אויספאָרשענדיגען בליק פון אויבען ביז אַראָב. דאָס פרײַלײַן בריטי איז געוועזען אײַנע פון יענע אַמעריקאַ־נערינס, וועלכע ס'איז שווער, לויט זײַער האַלטען זיך אין אַ געזעלשאַפט, צו דערקענען, צו וועלכען געשלעכט זיי געהערען; זי איז געוועזען פון יענע אַמעריקאַנערינס, וועלכע אַרבײַטען בײַ זיך אין דער הײַם זעהר

שוועס, װערען מיט דער אונטערשטיצונג פון דער פאַמיליע נאָך אײַראָ־פּאַ געשיקט, וואו זײ קאָנען אַ סך ביליגער לעבען. דאָ אין אײַראָפּאַ שרײַבען זײ זיך מיט זײערע װעניגע שפּראַך־קענטניסע אין די אוניװערזיטעטען אײַן, גיבען קאָנצערטען, פּרובירען זיך צו פאַנגען מאַנסבילען אין זײַער נעץ און זענען שטאַרק צופריעדען פון זײער לײַכטזיניגקײַט און איבערמוט, מיט װעלכע זײ בעהאַנדלען אַלע װעלט־פראַגען. די לײַכט־זיניגקײַט, װאָס פּאַסט טאַקע פאַר זײער האַלב־בילדונג! זײער פּרײַעס און זיכערעס אױפטרעטען איז פונדעסטװעגען נישט אינגאַנצען אונסימפּאַטיש, די אונאָרדנונג אין זײער קלײַדונג, די שרעקליכע פערנאַכלעסיגקײַט פון זײער אױסערליכקײַט קומט פון זײער שטאָלצען זעלבסט־געפיהל. — די דאָזיגע רױטהאָהריגע מױד, װעלכע רױך האָט אַ נאָמען געגעבען דאָס „פּלעט־ברעט פון װילדען מערב״, האָט זיך מיט אַ גריליציגען רוק צו איהר נאָכבאַרין זיך געװענדעט: אָ, טעלל מי, (זאָגט מיר) פרײַלײַן זאַנדערס, איך װעל ליעבען צו הערען, אויב זי האָבען געהאַט פיעל צו לײַדען בײַ איהר בײבי (יונגעל) פון די דײַטשען? איך בין זעהר אינטערעסירט אין עס! — — אננאַ איז בלײך געװאָרען. אַלע האָבען זיך דערשראָקען. דװואַראָל האָט זיך צאָרניג אָנגעקוקט מיט רױכ׳ן, װעלכער האָט זײַן כעס נישט געקאָנט אונטערדריקען.

— איך װעל אײַך עפּעס זאָגען, מיס בריטי, — האָט ער האַסטיג געזאָגט, נאָך אײדער די געפרעגטע האָט בעװיזען צו ענטפערען, — זי לעבען דאָ אין אַ קולטורעלער מדינה און נישט אין מעדיסאָן, װאו עס לױפען נאָך אַרום די אינדיאַנער מיט פעדער־קרױנען אויפ׳ן קאָפּ. דאָס רוב דײַטשען זענען צופיעל טאַקטיש, אַ מענשען צו דערמאָהנען פון עטװאָס נישט אָנגענעהמעס. װער עס טהוט עס אָבער יאָ, דער גילט בײַ אונז אַלס געמײַנער פעבל־מענש, און װי איך בין מיר משער, אונטער די פײַנערע אַמעריקאַנער אױך! —

— װעל (גוט), דאָס געפין איך װערי קאָנװענטיאָנאַל (זעהר פער־טרעגליך) — — — היו (װעלכע) זאָג איך — — איז זעהר קלײַנליך פון די דײַטשען! װאו קאָן מען דען װען דעם אמת הערען, — האָט זי נאַאיװ ערשטױנט זיך אָנגערופען.

אננאַ האָט זיך אינ׳ם געזיכט פון צאָרניגען סטודענט סימפּאַ־טיש אײַנגעקוקט. מיט ציטערדיגע פינגער האָט זי איהר ברױט צוקרי־שעלט און זיך צו מיס בריטי װענדענדיג האָט זי געזאָגט:

—װען איהר װילט דערגעהן דעם אמת, מיס בריטי, קאָן איך

אײַך פֿון מײַנע ערפֿאַהרונגען זאָגען, אַז מען האָט אומעטום, נאַטירליך, צו לײַדען, ווען מען לעבט נישט אויף דעמזעלבען אופֿן, ווי די גאַנצע וועלט לעבט! איך האָב פֿיעל דורך מײַן קינד געליטען! אָבער מעהר נאָך דורך מיר גופֿא, דורך מײַנע אײגענע עמפּפֿינדליכקײט, ווי דורך די פֿעראורטהײלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט! בעזונדערס האָב איך געליטען פֿון מײַנע נאָהענטע קרובים און גוטע בעקאַנטע, וועלכע האָבען געהאַט דאָס רעכט דערצו, אויסער זײ האָבען מיר בלויז די נישט־פֿרײַנדליכע בליקען, מיט וועלכע מען האָט אויף מיר געקוקט, פֿיעל פּײַן און לײַדען געבראַכט. מען איז טויזענד מאָל מעהר ווי געוועהנליך עמפּפֿינדליך, ווען מען איז ערגעץ־וואו אָנגעגריפֿען! —

חאַטש אַננאַ האָט די דאָזיגע ווערטער זעהר רוהיג אַרויסגערעדט, האָט דאָך אין איהר שטימע אַ לײַכטער אָבקלאַנג פֿון אויפֿרעגונג זיך געהערט.

— איך האָב נאָך קײנמאָל אין מײַן לעבען אַזאַ שעַן קינד ווי אײַער קלײנעם אָטטאָ נישט געזעהען! — האָט פֿרײַלײן מאַרטאַ געזאָגט. דוואָראַל איז געזעסען ווי אויף גליהענדע קויהלען און האָט אַננאַ׳ן אָנגעקוקט. — אַננאַ האָט אַ שמײכעל געטהון און עס האָבען זיך אַרויסגעזעהן אַ רײהע ווײסע, שענע געזונדע צײהן מיט אַן׳עלפֿענבײנעם גלאַנץ.

— איך מוז אײַך אַלעמען דאַנקען, מײַנע הערשאַפֿטען — האָט אַננאַ שטיל געזאָגט, — איהר פֿערוועהנט דעם קערל צופֿיעל און ער האָט עס זעהר ליעב, ער זאָל זײַן דער מיטעלפּונקט, אַרום וועלכען אַלע דרעהען זיך, — דערבײַ האָט אַננאַ שווער אָבגעזיפֿצט, — שפּעטער ווער ער נאָך האָבען גענוג זיך אויף דער וועלט אָנצולײַדען, דאַמאָלס וועל איך איהם אָן זײַן קינדהײַט דערמאָהנען און איהם וועט ווערען לײַכ־טער אויפֿ׳ן האַרצען, ווי עס ווערט מיר לײַכטער, ווען איך דערמאָהן זיך אָן מײַנע קינדער־יאָהרען! — —

נון האָבען אַלע אָנגעהויבען אַרויסצווײַזען זײער מיטגעפֿיהל און ליעבע צו אַננאַ׳ן מיט איהר קינד. די אײנציגע וואָס האָט זיך פֿער־האַלטען גלײַכגילטיג איז געוועזען פֿרײַלײן אָליע באָרמער. זי איז שוין געוועזען אַ בעיאָהרענט מײדעל און האָט געשטאַמט פֿון אַן׳עדעלער, פֿײַנער בעאַמטען־פֿאַמיליע אויף דער פּראָווינץ. נאָך אַ סך קעמפּפֿען האָט זי זיך פֿון דער פּראָווינץ־שטאָדט אַרויסגעריסען און איז קײן בערלין גע־פֿאָהרען, וואו זי האָט געוואָלט שטודירען. אָבער דאָס ציעל, נאָך

וועלכען זי האט געשטרעבט, דער טיטול דאקטאר, איז דערווייל נאך זעהר ווייט געוועזען פון איהר. כדי זי זאל קענען לעבען אין בערלין, וואו אלץ קאסט אזוי טייער, האט דאס ענערגישע מיידעל געמוזט פון אין דער פריה ביז שפעט זיך פערנעהמען מיט לעקציעס געבען, וואס האט איהר, נאטירליך, געשטערט צו בעזוכען די אוניווערזיטעט, און צו פערגרעסערן און פערמעהרען איהרע קענטניסע. דערצו איז זי נאך געוועזען שטארק איבערגעגעבען צום פעראיין פון פרויענבעוועגונג. אזוי איז זי אין אווענד געלאפען א פערמאטערטע פון איין רעפעראט צום אנדערן, פון איין פערזאמלונג צו דער אנדערער און ערשט שוין א שטיק אין דער נאכט האט זי זיך צו איהרע אייגענע ארבייט געזעצט. דער סוף דערפון איז געוועזען, אז דאס אמאליגע פרישע, לעבענסלוסטיגע מיידעל איז געבליבען נאר א שאטען פון א מענש, א הויפען ביינער און נאר א דאנק איהר אייזערנעם גייסט האט זיך אויך איהר שוואכער קערפער געהאלטען. — אלס אנ'איבערגאנגס=בעשעפעניש האט זי זיך טעארעטיש פאר אננאס שיקזאל בעגייסטערט. יעצט אבער, אז זי האט פאר איהר געזעהן דאס שענע, רייצענדע געזיכט, וואס האט דורך דאס ליידען עפעס גאר א בעזונדער חן געקריגען, איצט — — — האט זי צוזאמענגעשראקען. ווי אזוי איז דאס ביי אזא פערזאן פארגעקומען? דערזעהענדיג אננאן א לעבעדיגע, א ממשות'דיגע, איז זי ביי איהר אין די אויגען נישט אויף א האהר אפילו ענהליך געוועזען צו דער א נ נ א, וועלכע זי האט זיך אין דער פאנטאזיע פארגעשטעלט, דערצו נאך האט זיך ביי איהר אויפגעוועקט אלע פעראכטונג, וועלכע מען האט איהר אין איהרע עלטערנס הויז אין איהר קינדער=יאהרען אין הארץ איינגעפלאנצט געגען אזעלכע סארטען פרויען. די דאזיגע זאנדערס איז נישט געוועזען קיין פארקעמפפערין, וואס זאל זיך האבען דאס קינד אנגעשאפט אלס א פרינציפ! זי איז אויך נישט געוועזען קיין ליידענשאפטליכע קינסטלער=נאטור, קיין לייכטזיניג מיידעל, וואס איז צוליעב נישט ערפאהרונג אריינגעפאלען!! — — אבער ווי אזוי האט עס גאר געקאנט געשעהן, ווי האבען גאר די דאזיגע ווייכע ליפען געקאנט קושען נישט=ערלויבטערהייד? — — אליע האט זיך איבער דער פראגע דעם קאפ צובראכען. זי איז צו קיין שום רעזולטאט נישט געקומען, זי איז געשטאנען פאר א רעטעניש, וואס זי קאן עס נישט אויפלעזען און דעריבער האט זי זיך פון דער זינדיגער פרוי געהאלטען פון דער ווייטענס. נאך מעהר, אין איהר הארץ האט אנגעהויבען וואקסען א שנאה געגען

דער דאָזיגער פרוי , וועלכע האָט שוין פערזוכט דעם גן-עדנ'שען טעם פון אַנ'עבירה און פונדעסטוועגען זיצט זי זיך דאָ אַזוי בעקוועם, גלייך ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל נישט אַראָב אַ טריט אפילו פון דרך הישר ! —
— אננאַ האָט געפיהלט די ברענענדיגע בליקען , וואָס האָבען זי פון יענעם שמאָלען אָבגעמאַטערטען געזיכט געבריהט . זי האָט אַ סך מאָל אַהין אַריבערגעבליקט און האָט צוזאַמענגעשוידערט , דען זי האָט פלוצלונג דערפיהלט , אַז אַלע האָבען פון איהר אַ גוטע מיינונג אַ חוץ יענע. פון איהרע דונקעלע אויגען האָט די שנאה אַרויסגעשטראַהלט און דאָס האָט אננאַן זעהר געקרענקט , זי האָט די דאָזיגע פעראַכטונג פאַר קיין אופן נישט געקאָנט אַריבערטראָגען , און זי איז נאָך שטילער ווי פריהער געוואָרען . — האַלב צעהן דעם זייגער איז זי צוריק אין איהר צימער אַרויף . די ראָזט איז איהר נאָכגעגאַנגען . קומענדיג אויבען זענען זיי ביידע צו דעם קליינעם אָטטאָס בעט צוגעגאַנגען . די פרוי קאָך האָט פאָרזיכטיג דאָס ליכט געהאַלטען , כדי דער שיין זאָל אויף איהם נישט פאַלען .

— דאָס קליינע מלאכ'ל , — האָט בערטהאַ געשעפשעט . — די זיידענע ברעמעלעך זיינע , די דאָזיגע ליפּעלעך און דאָס שענע , קליינע מיילכעלע ! —

אננאַ האָט איהם בעטראַכט מיט שווייגענדיגער צערטליכקייט . פלוצלונג האָט זי צוזאַמענגעשוידערט , ער האָט אין שלאָף זיינע ליפּען בעוועגט און דאָס האָט איהר געבראַכט אויף די געדאַנקען, אַז אויך דערמיט איז ער זעהר עהנליך צו קאַנטאַגען, אַזוי ווי ער איז מיט יעדער קלייניגקייט צו איהם עהנליך ! זי האָט זיך דערמאָהנט, ווי אַזוי אָטטאָ איז אין האָטעל-צימער געשטאַנען אַזוי בעזאָרגט פאַר זיין זוהן , ווי אַזוי דער דאָזיגער שטאָלצער און שענער מאַן איז געשטאַנען פאַר איהר מיט דעם אויסדרוק פון ליידענשאַפטליכער , הייסער ליעבע , בשעת זי האָט דעם קליינעם ניי-געבוירענעם זוהן אויפ'ן שוים געהאַלטען . — אַ ברענענדיגע בענקשאַפט האָט איהר דורכ'ן גאַנצען קערפּער דורכגעגליהט . איהר האַרץ האָט געקלאַפּט ווי אַ האַמער , דאָס בלוט האָט געזאָדען . עפּעס האָט זיך איהר אַ רויטקייט געשווינדעלט פאַר די אויגען ; אָבער איהר פערשטאַנד האָט זי נישט פערלוירען : עס האָבען איהר געפּייניגט שרעקליכע געדאַנקען: „דו ביזט משוגע! דו ביזט אַ פערלאָרענע געפאַלענע פרוי!—

האָט אַ אינעווײַניגסטע שטימע צו איהר גערעדט קלאָר און דײַטליך. —
ער איז אַ שוואַכער, פערדאָרבענער מענש, אַ מענש אָהן אַ חאַראַקטער,
אָהן אַ פונק יושר, אַ מענש, וואָס וואַרפט אַוועק זײַן געליבטע, זײַן איינ־
ציג קינד, צוליעב געלד! אַ פּאָרליעץ, וואָס שטעהט אפשר יעצט בײַ זײַן
כלה און ערקלערט איהר זײַנע פאַלשע ליעבע! ער איז נישט ווערטה, אַז
דו זאָלסט וועגען איהם טראַכטען! —— באַלד אָבער האָט אַנ'אַנדערע
שטימע בײַ איהר אינעווײניג גערעדט: „וואָס מאַכט עס אויס? איך האָב
איהם אָבער דאָך ליעב, ליעב אָהן אַ מאָס, ליעב ביז צום משוגע ווערען!"

אויבען בײַ פעטער דוואָראָל אינ'ם אײַנפאַכען צימער, מיט
דעם שמוציגען האַלב צעבראָכענעם מעבעל, איז געזעסען דער שריפטשטע־
לער פאַר זײַן שרײַב־טיש, וואָס איז געווען בעפּאַקט מיט ביכער, בריעף,
אָנגעהויבענע מאַנוסקריפּטען, קאָרעקטור־בויגענס, אויפגעמישטע ביכער. דאָס
אַלץ איז געלעגען אויפגעטורעמט אין אונאָרדנונג און בעלעגט מיט אַ דיקען
שטויב, מיט טינט־פלעקען און בעשאָטען מיט אַש פון פּאַפּיראָסען. צו
פוסענס בײַם טיש זענען געשטאַנען קאָניאַק־פלאַשען, לעדיגע און פולע.
ווען איז געוועזען צו פרוי באָלל און איהר בערטהאַ, אַז זיי האָבען
זיך געפּרובט בײַ איהם אַ שטיקעל אָרדנונג צו מאַכען! די גוואַלדען
זײַנע דערבײַ האָט מען אין די צעהנטע גאַס געקאָנט דערהערען, — קורט
רויך און פרעד פאָועל זענען געווען בײַ איהם צו בעזוך. זיי האָבען
די אָנצוגען, שטיוועל, ציגאַרען־קאַסטען, וואָס זענען אויף די שטוהלען צעלײגט
געוועזען, אויף אַ דרײַ פיכלעכדיגע אויף אַ קאַסטען אָנגעשפּאַרטע זאָפע
אַרויפגעשלײַדערט און אַזויערנאָך געהאַט אויף וואָס צו זיצען און אַזוי
זענען זיי געזעסען נאָהנט געבען איהם, האָבען גערויכערט און פּיראָזאָ־
פירט. דער שאָטלענדער, וואָס האָט אויפ'ן פידעל געשפּיעלט און אין
קאָנסערוואַטאָריום געשטודירט, האָט שטענדיג געשוויגען און זיך צוגעהערט
וואָס אַנדערע רעדען. ער איז צופיעל עגאָאיסטיש און פלעגמאַטיש געווען
ער זאָל זיך אַרײַנמישען אין דער אונטערהאַלטונג פון די היצקעפּ. דאַגעגען
ווידער צו פיעל בערעכענט, זיך נישט צו בענוצען מיט דער געלעגענהייט צו
הערען ווי מען רעדט אַ גוטעם דײַטש — דוואָראָל, איז געוועזען
אַנ'אונפּראַקטישער אָבער זעהר בעגאַבטער פאַנטאַזיאָר, פול מיט אידעאַ־
לען. אין לעבען און אין אורטייל איז ער געוועזען ענטוועדער צופיעל בעגײַס־
טערט אָדער גאָר גלײַכגילטיג און אַ מאָל אויך פול מיט פעראַכטונג. רויך

אָבּער—אַ קלוגער פּראַקטישער מענש וואָס ווייסט, אַז דאָס לעבּען קאָן אָהן פּשרות נישט קיין קיום האָבּען, אַ מענש וואָס שטעהט מיט בּיידע פיס אויף דר׳ערד. און דעריבּער פלעגט זעהר אָפט פאָרקומען צווישען די בּיידע קאָנטראַסטען הייסע וכּוחים, וועלכע פלעגען זיך נישט בּעגעהן אָהן שאַרפע. טייל מאָל אויך גראָבּע זידלערייען. אָבּער דאָס האָט זייער פריינדשאַפט נישט געשטערט; אָבּגעקריגט זיך, אָבּגערופען זיך איינער דעם אַנדערן מיט די גרעסטע זלזולים, האָט מען זיך שפּעטער איבּערגעבּעטען און געבּליבּען גוטע פריינד ווי געוועזען. עס איז שוין געוועזען צוועלף דעם זיינער בּיי נאַכט, ווען רויך האָט דעם פענסטער געעפענט, עס זאָל אַבּיסעל אַרויסגעהן דער רויך פון די אָנגערויכערטע ציגאַרען וואָס האָט שוין אין האַלז געשטיקט. ער האָט אַראָבּגעקוקט אונטען.

— אַ דראָשקע איז אָנגעפאָהרען, — האָט רויך געזאָגט, — דאָס ערשיינט קאַראָלאַ קיהן־בּראַנדט, דאָס איז אַ שלויע בּעסטיע! —

— פאַר וואָס איז זי דאָס אַ בּעסטיע?

— ווייל זי בּעניצט קיינמאָל נישט דעם עקיפּאַזש פון איהר אַזויגענאַנטען אָנקעל: דעם גראַף דאַהלענ׳ס, וועלכער שטעהט שטענדיג פאַר איהר גרייט! זי איז איבּערהויפּט אַ שאַפּס־קאָפּ, וואָס זי וואָהנט דאָ אויף דעם דריטען עטאַזש און בּעגנוגענט זיך מיט די אבילות. וואָס מען גיט דאָ בּיי בּאָלל צו פרעסען, בּשעת זי וואָלט געקאָנט האָבּען דאָס שענסטע און דאָס בּעסטע, די פיינסטע דעליקאַטעסען! דער גראַף וואָלט איהר דאָך אַ גאַנצע ווילע אויך געלאָזט איינריכטען. איך וואָלט געוועןן אַ בּעלן צו וויסען, פאַר וואָס זי וויל אַזוי, אַז מען זאָל איהר האַלטען פאַר אַ כשר׳ה צנועה׳דיגע פריילין? — האָט קורט געזאָגט.

— מען האָט מיר דערצעהלט, אַז איהר פאָטער פערנעמט אַנ׳אָנגעזעהענע שטעלע בּיי דער רעגירונג און איהר בּרודער איז אַנ׳אונטעראָפיציער; זיי זאָלען זיך דערוויסען, אַז זי פיהרט זיך נישט אָרענטליך וועלען זיי איהר בּרוין און בּלאָה מאַכען, — האָט פּעטער געענטפערט,

רויך האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט: עס איז ווירקליך צום לאַכען, ווען מען זעהט ווי די חבורה שפּיעלען דאָס אַזוי שלוי זייער ראָליע ווי די קליינע קאַראָלינכען למשל דאָס פאָלקס־קינד אונזערע. זי האָט אין גאַנצען זעכציג מאַרק אַ מאָנאַט געהאַלט, דאָס האָט מיר אולריך געשוואָרען און איהם קאָן מען גלויבּען, ער ווייסט דאָס פון סאַמע אינספּעקטאָר. דער בּאָללע צאָהלט זי צוויי הונדערט מאַרק אַ חודש, אָהן ווײַן,

דווישט אויף זײַדענס, האָט באַטיסטענע און זײַדענע וועש. אום זומער רײַזט דאָס אַרום אויף לוסט-רײַזעס מיט בריליאַנטען — — — וועמען זי וועט נאַרען, מיר ניט, ניט קוקענדיג אויף מײַן דלות בין איך נאָך אַ מבין אויף גוטע עכטע ערעלשטײַנער און ווײס צו אונטערשײַדען פון פאַלשע ביז ריכטיגע בריליאַנטען. טילא, מײַן באָבעס דאגה, דער עיקר איז נאָר, אַז איהרע נאָהנטע קרובים גלויבען אין דעם! איך זאָג נאָר: הויך זאָלען לעבען די גוטע, אַלטע אָנקעלס! —

— פּסט, האַלט שוין אַמאָל דאָס מויל, רויך! מען קלאַפּט שוין אין דרויסען, זי קאָן נאָך דערהערען!

רויך איז פערשוואונדען געוואָרען און אין אַ פּאָר מינוטען שפּעטער איז ער מיט דער שוישפּיעלערין צוריקגעקומען.

— דוואָראָל, וואָס איהר שטאַמט אָב פון אַ פראַנצויז מיט אַ רוסין, פאַלט אויף די קניע! זעהט נאָר וואָס פאַר אַ גלאַנץ איך האָב דאָ אין אייער צימער אַרײַנגעבראַכט! —

די קיהן-בראַנד האָט אַ לאַך געטהון און איהם איבער'ן מויל אַ פּאַטש געגעבען: — נ'אָבענד, מײַנע הערען! איך האָב דאָ געזעהן פרײַער און בין געקומען נאָר אויף איין מינוט, פרעגען אויף פרײַלײַן מוטער'ס ערשטײַן אויפטרעטען? ווי איז זי? ווי איז זי געוועזען?

דער שרײַבשטעלער האָט איהר זײַן שטול אָפּגעגעבען און ער גופא האָט זיך געזעצט אויפ'ן טיש: — זי איז געטליך, אַבּלום פון גן-עדן! —

— אַהאַ, פעטערכען איז שוין פערליבט! — האָט קאַראָלאַ געלאַכט.

— ניין, איך מײַן עס מיט אַנ' אמת; דיעזע דײַטשע — זי איז אַ רײַצענדע ליבענסווירדיגע פּערזאָן! אַזוי ערנסט, אַזוי פּאָרנעהם און צניעות'דיג, אַז איך פרעג זיך נאָר פון וואַנען האָט די דאָזיגע צנועה איהר קינד בעקומען?

— צו איהר וועל איך זיך קיינמאָל ניט דערוועגען, הײַנט פערשטעהט איהר שוין! — האָט רויך זיך אָנגערופען. — —

— אָה, וועל, אפשר איז זי פריהער אַנדערש געווען און איז ערשט יעצט אַזוי געוואָרען! — האָט זיך פּאַוועל אַרײַנגעמישט. — ——— —

— איהר זײַט בלינד, טויב! וואָס ווייסט איהר פון אַזעלכע טײַערע פרויען-נאַטורען? — האָט דוואָראָל מיט כעס געשריגען, — ווער פון איך האָט בעמערקט דעם בליק פון איהרע אויגען וואָס האָט זיך שטענ

דיך געוויקסעלט, דאָס רײצענדע לײכטע בעוועגונג פון איהר געטאָקט געזעל, דאָס פײנע קוים בעמערקבאַרע פאַרבע־ווערקסעל אין איהר ערלען געזיכט? הא? אח, לײמענע גולם'ס, פאַר אַזעלכע בלומען געהט די גרויסע מאַסע פאַרבײַ! אַי זענט איהר מבינים! דאָס ווײַב איז אַ וואולקאַן, אַ טיגער וואָס ברעכט זיך פון מענאַזשעריע אַרויס און אַ מלאך, ווען זי ליעבט, גרײט אויף מסירת־נפש, ערהאַבען, ערעל! ניט'ס נאָר אַ קוק אויף דאָס קינד! אַזאַ געטליך קינד קאָן נאָר פון אמת'ער, רײנער ליעבע געבאָרען ווערען! — —

— ער פאַנטאַזירט דאָך טאַקי מיט אַנ'אמת, זעהט נאָר ווי זײַנע אויגען לײַכטען, האָט רויך געלאַכט, — אַ שאָד וואָס מיר ווײסען נישט די פּרטים און מיר וועלען עס קײנמאָל נישט וויסען! נאָר אויב די זאַנדערס האָט מיט אַנ'אמת דעם גאָט אַמאָר אַלס באַקחאַנטין געדיענט, דאָס איז נאָך בײַ מיר אַ גרויסער ספק! מיר ווײַזט אויס גיכער פאַר אַלץ, אַז זי איז דאָס פערפיהרטע דײַטשע גרעטכען!

דער שטרײַט וועגען אַננאַ האָט נאָך געדויערט אַ לאַנגע צײַט נאָך די שוישפּיעלערינס אַוועקגעהן. זי האָט זיך אויף מאָרגען אַלײן פאַר אַננאַ פאַרגעשטעלט און האָט דעם יונגע געבראַכט שפּיעלצײַג און שאָקאָלאַדע. אַלע האָבען דאָס קינד פערוועהנט און די מוטער די גרעסטע אויפמערקזאַמקײַט געוויזען און נישט קוקענדיג אויף דעם אַלעם האָט עס איהר געצויגען צום מעהרסטען צו יוליע בראָמער. נאָר אין איהר האָט אַננאַ געפיהלט די נשמה וואָס איז צו איהר נעהנטער ווי אַלע אַנדערע; אָבער דוקא די האָט זיך פון איהר געהאַלטען פון דערווײַטענס. נישט בערטהאַ ראָזט'ס איבערגעבענהײַט, נישט דוואַראָל'ס טרײַקײַט האָבען נישט געקאָנט בעפריעדיגען זי און פערגיטיגען פאַר די אָבווײַזונג וואָס זי האָט פון דער ערנסטער לעהרערין בעקומען. פרײַלײַן זאַנדערס איז געוואָרען דער ליעבלינג פון פּענסיאָן, איהר קינד — אַנ' אָבגאָט. אַלע זענען צו דער „פרײַלײַן מוטער" געקומען און פאַר איהר די הערצער זיך אויסגערערט. אַלע כסדר פון פרוי ראַט באָלל ביז צו דעם לוסטיגען סטודענט רויך. זי האָט אַלעמען מיט רוהיגקײַט אויסגעהערט, מיט אַלעמען האָט זי אַנ'אַנטײַל גענומען, עצות געגעבען, זי האָט אויסגעהערט דוואַראָל'ס שירים, רויך'ס חובות און ליעבעס־זאָרגען. דערבײַ איז אָבער איהר אײגענער געמיט מיט יעדען טאָג בעדריקטער געוואָרען. אין איהר איז ווידער אויפגעשטיגען די צעפרעסענדיגע ליעבע פאַר קאַנטהאַגען און די זאָרג פאַר איהר לעבענס־בערוף. פרוי קאָך האָט געמוזט בלײַבען בײַ אָטאָבען.

װעלכען זי האָט קײן בילינגע קינדער־מײדעל נישט געקאָנט אָנפערטרויען. דאָס לעבען, װי קאַרג מען זאָל נישט זײַן, קאָסט אַלע טאָג, מען קאָן דאָך די נשמה נישט אויסשפּײַען. עס האָט זיך שטענדיג געמאַכט הוצאות אויף װעלכע מען האָט זיך גאָרנישט גערעכנט. דערװײַל איז זיך אַזוי פערבײַגעגאַנגען דער אָקטאָבער, דער גאַנצער חודש נאָװעמבער און אננא האָט נאָך אַלץ נישט געפונען קײן בעשעפטיגונג.

יעדען מאָרגען איז זי אין אַ קאַפּע געגאַנגען, דורכגעלעזען די אַנאָנסען, זיך נאָטירט די אַדרעסען פון יענע װעלכע װילען געבען אַרבײַט און ...יז דאָרט געגאַנגען. זי האָט אין די פּאַבּבלעטער אַנאָנסירט, איז פון אײן ...טעליער צום אַנדערן געלאָפען. עס איז געװען שוין אין מיטען סעזאָן, די גוטע שטעלעס זענען שוין געװען פערנומען. מען בּרויך נישט קײן עסספּאַנגס־דאַמען, נישט אַזעלכע װאָס רעטושירען, — װאָס האָט זי געזאָלט טהון? װערען אַ גוװערנאַנטע, אַ לעהרערין, אַ קינדער־פרײַלײַן? האָט זי אַלס אַזעלכע נישט געקאָנט. אַרײַנטרעטען אין אַ געשעפט, איז זי דערצו נישט געװעזען ערצויגען, נישט געהאַט די נויטיגע ערפאַהרונג. װערען אַ לאַנד־פרײַלײַן מיט דרײַסיג אָדער װען הויך פונפציג מאַרק אַ חודש? פאַר זיך מיט דעם קינד? אננא איז טעגליך פערצװײַפעלטער געװאָרען, האָט פאַר בחצי חנם איבערגעמאָלען פאָטאָגראַפיעס פאַר אַ בּיזאַר, האָט געשריבען אַדרעסען, געשטיקט טיש־לויפער און דערמיט געלאָפען פון אײן געשעפט צום אַנדערן. זי האָט געמוזט אויסשטעהן אַלערלײ ערנידערונגען. װאָס װעט װערען װען דאָס ביסעל געלד װעט אויסגעהן? דער טאָג רוקט זיך אַלץ נעהנטער! זיך װענדען צו איהרע קרובים? צו אָטטאָ פאָן קאַנטהאַנען? נײן, בעסער שוין מיט דעם קינד אין װאַסער אײדער דאָס! ——

פאָרזיכטיג האָט זי שוין יעצט גאַר די ציערונג איהרע, װאָס פרוי פאָן דראָס האָט איהר געשאָנקען, געמאַכט צו געלד, זי האָט איהר טײַער׳ן גילדען זײַגערל אויף אַ פּראָסטען שװאַרצען זײַגערל אויסגעטוישט און האָט דאָס געלד אײַנגעװיקעלט אין אַ זײַט.

און װאָס האָט זי זיך אין די נעכט אָנגעליטען! אין דער פינסטער־זענען די זאָרגען צו ריעזיגע שרעקענסבּילדער אויסגעװאַקסען. אננא האָט די װײַכע, רונדע געזיכטס־פאָרם פערלאָרען, איז געװאָרען װאָס אַ טאָג בלאַסער. פון אַ זאַנפטע, רוהיגע נשמה איז זי אַנ׳ אויפגערעגטע און אַ נערװעזישע געװאָרען — בערטהא ראָזע האָט פערשטאַנען איהר קוּ־מער און האָט מיט איהר מיטגעליטען. בעטטינא מאַרס האָט אננא׳ן פערשאַפט די אָנפאַנגס לעהרע אין קלאַװיער שפּיעלען בײַ צוּ...

קינדער. אָבער באַלד אין אַ וואָך אַרום, אַז די מוטער האָט זיך פון איהר שיקזאַל דערוואוסט האָט זי איהר פון דער שטעלע אָבגעזאָגט און איהר דערביי גראָב בעליידיגט און שטאַרק גערידעלט. ביסלעכווייז האָבען אַלע פענסיאָנערע בעמערקט, אַז פריילין זאַנדערס זוכט טעגליך עפּיס בעשעפטיגונג און בעקומט נישט. — זיי האָבען איהר גערן געוואָלט העלפען, האָבען אָבער נישט געוואוסט ווי אַזוי און די גוטע שטעלעס זענען אויף דער גאַס נישט געלעגען.

---

## זעקסטעס קאפיטעל.

ווי אין חלום איז אַננאַ זאַנדערס אין די גאַסען אַרומגעגאַנגען. היינט האָבען איהר נישט די זאָרגען וועגען ברויט בעשעפטיגט. — זי שטענדיג, האָט זי ווידער דאָס קאַפע־הויז אויפגעזוכט, כדי פון די צייטונגען זיך צו דערוויסען פון עפּיס אַ שטעלע אָדער אַזוי אַרבייט. פלייסיג איז זי געזעסען ביי דער אַרבייט אין איהר עק, פּלוצלונג האָט זי דערהערט דעם קלאַנג פון שפּאָרען און אַ שווערד אויף דער פּאָדלאָגע. דריי אָפיציערען זענען אַריינגעקומען און האָבען זיך נעבען איהר טישעל געזעצט.

צוערשט האָט זי נאָר אויבערפלעכליך אַ בליק געטהון און באַלד זיך ווידער איבער דער אַנאָנסען־ביילאַגע איינגעבויגען. באַלד אָבער האָט זיך איהר אָבגעדאַכט ווי די דרוק־בוכשטאַבען וואָלטען פערשוואומען פאַר איהרע אויגען און אָ ט ט אָ  ק אַ נ ט ה אַ ג ע נ'ס אוניפאָרם האָט אויף דעם פּאַפּיער ווי אַ קאָלירטע איליוסטראַציע געלייכטעט. — ער און שטענדיג נאָר ער! — האָט זי נישט ווילענדיג געטראַכט. און כדי פון דאָס דאָזיגע בילד לויז צו ווערען האָט זי ווידער אַרויפגעבליקט — — — און האָט מיט אַלע גלידער אַ שוידער געטהון. צוויי פון די אָפיציערען האָבען געטראָגען פּרייסישע אינפאַנטעריע־אוניפאָרם'ס, דער דריטער אָבער, אַן עלטערער שטאַבס־אָפיציער, איז געוועזען אין דער אוניפאָרם וועלכע געהער צו אָטטאָ'ס פּאָלק — — — — — — דעריבער הייסט עס! — — — — — האָט מען טאַקע אַ מישנע זיך דאָ געזעצט — — — — מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ האָט זי זיך דאָס לויטע געשפּרעך איינגעהאָרכט, וועלכע מען האָט אַזוי אונזשעניערט געשפּראָכען. זי האָט גאָר אַליין נישט געוואוסט, ווי היים עס איז איהר וואונש געווען פון איהם עפּיס צו הערען. — צו ערשט האָט זיך

אונטערהאַלטען ורענען פּרעמדע פּערזאָנען. פלוצלונג האָט אין איהר אויער עפּים אַ נאָמען אַרײַנגעשלאָגען. אַ נ נ אַ איז אַ פּערציטערטע געוואָרען און האָט די האַנד אויף איהר ברוסט אַרויפגעלעגט, גלײַך ווי זי וואָלט געוואָלט דערמיט בעצוועקען מען זאָל נישט הערען ווי שטאַרק איהר הארץ קלאַפּט.

— יענער לעבט דאָס אודאי אַביסעל צו אין פּ אַ ר י ז אָדער אין דער ר י וו ע ר אַ, איך ווײַסט נישט וואו דאָס יונגע פּאָר שטעקט יעצט? בײַ איהם איז דאָך יעצט דער גילדענער חודש. די פליטער־וואָכען האָט מען קײַן צײַט נישט צו שרײַבען! — האָט דער פּרעמדער אָפיציער געענטפערט. — —

— זײַט ווען האָט דען ק אַ נ ט ה אַ ג ע ן חתונה געהאַט?

— זײַט דעם 10־טען נאָוועמבער! די גאַנצע זאַך איז צוגעגאַנגען ווי מיט דאַמפּף געשווינד; איך ווײַס נישט צוליעב וועלכע סבה! די אַלטע פּרינצעסין האָט די חתונה געפּײַערט, אַלס פאָרשטעהערין פון דער כלה די יתומה, אין איהר אײגענעם פּאַלאַץ, — — — — — אַ מערקווירדיג, שענע חתונה געוועזן! — האָט מען אָבגעענטפערט. — —

— האָט ער ווירקליך זיך פון זײַן דיענסט אָבגעזאָגט? — — —

— נײַן, דערווײַל נאָך נישט. דערווײַל האָט ער נאָר גענומען אורלויב; אָבער געוויס וועט ער זיך אָבזאָגען אין גאַנצען! אַ שאָד, ק אַ נ ט ה אַ ג ע ן איז מײַן בעסטער, מײַן פעהיגסטער אָפיציער געוועזען! — —

— יאָ, ער איז אויך אַ׳ אויסגעצײכענטער קאָלעגע געוועזען, ווי מיר האָט מײַן שוועסטער־קינד ר אָ ד ע ק דערצעהלט. — —

— ער איז דאָך זײַן בעסטער גוטער פרײַנד געוועזן, שטענדיג האָט מען זײַ בײדען געזעהן צוזאַמען און מיר האָבען זײַ געגעבען דעם צונאָמען קאַסטאָר און פּאָלוּ. —

— איך קאָן מיר פאָרשטעלען ווי ק אַ נ ט ה אַ ג ע ן איז גליקליך! סוף כל סוף איז דאָך דאָס נישט קײַן קלײניגקײַט, דאָס שענסטע און דאָס רײַכסטע מײדעל אַרײַנצוחאַפּען! — —

— איז אײַך די יונגע פרוי געפאַלען? —

— מיר, האָהאָ, — האָט זיך דער געפרעגטער צעלאַכט. — עס הויבט זיך גאָרנישט אָן! די שענע ר ע נ אַ ט ע זע ע ב ע ר ג איז מיר, ווי זאָל איך אײַך זאָגען, די אונסימפּאַטישסטע פּערזאָן, וועלכע איך האָב אין מײַן גאַנץ לעבען קענען געלערנט. דאָס הײַסט: צווישען אונז זאָל עס בלײַ-

בען, מײַנע הערצען, איך בין מיט מײַן אורטײל, ווי מען זאָגט, אַ דעת יחיד! אָבער איך קאָן מיר נישט העלפען, און מײַן פרוי האָט אויך די אײגענע מײנונג וואָס איך! מיר האַלטען איהר פאַר די נאַרישסטע בעשעפעניש, דום, עגאָאיסטיש, אײנגעבילדעט אויף איהרע מיליאָנען. איך האָב שוין בעצײַטענס רחמנות אויף דעם יונגען ק אַ נ ט ה אַ ג ע ן! — —

— האָט ער זיך אין איהר פערליבט? —

— דאָס שוין אוראי נישט, וועניגסטענס האָט ער אויף אַלעמען געמאַכט אַ װאָנדערבאַרען אײַנדרוק! מיר האָבען נאָך קײנמאָל אַזאַ ערנסטען קאַלטען חתן נישט געזעהן. אויף דער חתונה, אויף זײַן אײגענער חתונה איז ער געפּים ווי אַ שטײנערנער גאַסט געווען! — — —

— אַח, און זי? — האָט אײנער נײַגיריג געפרעגט.

— זי, די בהמה, האָט געשטראַהלט פאַר גליק און בין איבער די בײדע אויערן פערליבט. אונזער יונגסטער לײטענאַנט איז אַ מבין אויף אַזוינע זאַכען, ער האָט געזאָגט: ק אַ נ ט ה אַ ג ע ן איז אַ׳ אויסגעצײכענטער דיפּלאָמאַט, ער האָט געשפּילט די ראָליע פון אַ׳ אײזקאַלטען חתן נאָר דעריבער, בכדי ער זאָל דורך דעם איהר מעהר געפעלען, כּדי מעהר די שענע ר ע נ אַ צו רײַצען, און בײַם מאַכען דעם חתונה-קאָנטראַקט האָט ער געשפּילט די ראָליע פון אַ תּם׳וואַטען בחור׳ל און געשיקט דעם פאָטער ער זאָל זעהן מען זאָל איהם, חס ושלום, קײן עוולה נישט טהון, מען זאָל איהם נישט נאָר די חובות בעצאָהלען, נאָר סתם אַזוי אַ גראָבען צרור אַרײַנבראָקען! — —

— ער זאָל דאָך האָבען אַזוי זאָליד געלעבט?

— יאָ, פאַר לײַטען האָט ער געלעבט זאָליד, און דאָך זאָל ער האָבען אָנגעמאַכט חובות, וואָס איז זיך גאָרנישט פאָרצושטעלען!

— נו, מן הסתם האַלט ער אוים די גאַנצע פאַמיליע זײַנע! — — —

אַ נ נ אַ האָט שוין געהאַט גענוג. די נײַעס וואָס זי האָט זיך דאָ אָנגעהערט, האָבען ווילד אין איהר קאָפּ זיך געטומעלט. זי האָט זיך אויפגעהויבען, בעצאָהלט און לאַנגזאַם פאַרבײַ די שפּרעכענדיגע פאַרבײַגעגאַנגען. אײן אָפּעציער האָט איהר מיט אַ רחמנות׳דיגען בליק נאָכגעקוקט, ווײַל זי איז בלײַך געווען ווי אַ כּת און האָט מיט די לעצטע כּוחות די פּיס געשלעפּט.

— די דאַמע, ווייזט אויס, מוז נעפעהרליך קראַנק זיין! — האָט ער זײַנע קאָלעגען צוגעשעפּטשעט.

נון האָבען איהר די איבריגע אויך אָנגעקוקט. — זי האָט די היסטאָריע דערהערט און געלאַכט ביטער. — — — — יאָ. זי איז קראַנק אויף אַזאַ קראַנקהייט וואָס קיין דאָקטאָר קאָן איהר נישט אויסהיילען! — ביי איהר אינעווייניג האָט זיך ווי עפּיס איבערגעריסען און זי איז ווי אין גאַנצען צעבראָכען געוואָרען. האָט זי דען ווירקליך נאָך אויף וואָס צו האָפען! האָט זי דען טאַקי נאָך געקאָנט מיינען, אַז ער וועט קומען און וועט זי מיט'ן קינד צונעמען? וועט איהר עהרע די איהרע צוריקגעבען? אויף וואָס איינענטליך האָט זי דען געוואַרט?? — — — ער איז אַ פּאָדליעץ! — — — — ניין. ניין! אַזוי זעהט קיין פּאָדליעץ נישט אויס! ער האָט געליטען גלייך מיט איהר! און אין איהר פערצווייפעלטער לאַגע האָט זי נאָך אויף איהם רחמנות געהאַט, אויף איהם, וואָס האָט יעצט געגאָסען די גרעסטע פריידע אין דער זייט פון זיין שענער יונגער פרוי אין גרעסטען גלאַנץ און לוקסוס! זאָל דער אָפיציער האָבען רעכט געהאַט, האָט ער זיך ווירקליך פאַר געלד פערקויפט? ווי האָט ער דאָך אויף איהר געזאָגט? שטאָלץ, עגאָאיסטיש, נאַריש!! — — — — זאָל די דאָזיגע רענאַטע פאַר איהר זיך נוקם זיין — — — האָט זי דען דעם געפיהל פון נקמה? — — — איהר שטאָלץ האָט זיך ווילד אויפגעשטעלט! וואָס פאַר אַ ווערטה האָט אָבער געהאַט דער שטאָלץ געגען די ליעבע, וואָס נישט קוקענדיג אויף אַלץ וואָס זי האָט זיך שוין אָנגעליטען, האָט דאָך אין איהר האַרץ ווי אַ העליש פלאַם געפלאַקערט?

אַננאַ איז די פאָטסדאַמער בריק אריבערגעגאַנגען. מיט פינסטערע בליקען האָט זי אַראָבגעקוקט אין דאָס שוואַרצע, פוילע וואַסער. דאָרט אונטען איז רוהיג! אָבער דאָ אויבען? זי קאָן נאָך צעהנדליגער יאָהרען לעבען! זי איז נאָך קיין דרייסיג יאָהר נישט אַלט! און די פעראַנטוואָרטונג פאַר איהר און פאַר'ן קינד, נישט נאָר די פעראַנטוואָרטונג נאָר אויך די ערהאַלטונג ביים לעבען פון קינד איז אויף איהר געלעגען! זי האָט טיעף אָבגעזיפצט און האָט נישט בעמערקט, אַז זי האָט זיך אָן פרײַליין בעטינאַ מאַרסו אָנגעשטויסען, וועלכע איז מיט אַ נאָטען־מאַפּע אונטער'ן אָרעם פון דער קאַרלסבאַדער שטראַסע אין דער פאָטסדאַמער שטראַסע אריינגעקעהרט.

— פרײַלײַן זאַנדערס, איהר געהט דאָך ווי אַ נאַכט־וואַנד־לערין, און איך ווינק צו אײַך און מאַך מיט די ליפּען פססס און פּעכטעל מיט די אָרעמס! — האָט די זינגערין מיט אַ לוסטיגע שטימע געזאָגט.

— פערצײַהט מיר, — האָט זיך אַננאַ אָבגערופען, ווי פון אַ פעסטען שלאָף געוועקט. מען האָט געקאָנט אָן איהר געזיכט און אָן איהר גאַנצע האַלטונג דערקענען, אַז עס קאָסט איהר פיעל מיה זיך אויף די פיס צו האַלטען — —

— דער ליעבער הערר גאָט האָט אײַך מיר צוגעשיקט אָדער איך האָב אײַך דורך די מאַכט פון מײַנע געדאַנקען ווי אָן אַ נישט זיכטבאַרען דראָטה צוגעצויגען; אַזוי שטאַרק האָב איך פון אײַך געקלערט! האָט די זינגערין ווײַטער גערעדט. — —

— פון מיר? — —

— יאָ, פון אײַך! אַ האַלבע שעה האָב איך הײַנט אין דער פריה פון אײַך גערעדט, אָהן אַנ'אָבשטעל! — —

— פון מיר? מיט וועמען?

— מיט מײַן צאָהן־אַרצט. איהר ווײַסט דאָך, מסתמא, אַז זײַט אַ וואָך בין איך ווידער אין זײַנע נעגעל. הײַנט האָב איך ענדליך מײַן ציעל דערגרײַכט און ברענג אַ גוטע בשורה! — — דערבײַ האָט זי אַננאַ'ן פאַר'ן האַנד אָנגענומען און איהר כמעט ווי אין אויער אַרײַנגעשעפּטשעט: ס'הײַסט מײַן צאָהן־אַרצט איז דער בעריהמטער אַלטער שאָלצינג, אַ זעהר רײַכער מאַן; רײַך אויף דעם חשבון פון זײַנע פּאַציענטען, וואָס מוזען נאָך פאַר זײַערע שמערצען מיט גוט און בלוט בעצאָהלען. אַ טיכטיגער אַרצט איז ער, דאָס קאָן מען נישט זאָגען — — — אָבער טײַער — — — — בררר! אָבער דאָך, דאָס געהט אײַך נישט אָן, ליעבעס פרײַלײַן. שאָלצינג איז דער ליעבענסווירדיגסטער פײַנסטער מענש, אַלט אונגעפעהר — — — —, נאַ, לאָמיר זאָגען צוויי־דרײַ און זעכציג יאָהר. ער איז אַנ' אַלמן, זײַנע קינדער זענען אַלע אויסגעגעבענע. ביז יעצט האָט איהם אַנ' אַדעליגע דאַמע די ווירטשאַפט געפיהרט. זי געהט אָבער קורצליך אַוועק פון איהם. זי האָט עפּיס ערגיץ גאָר אַ גרויסאַרטיגע שטעלע בעקומען. אַזוי איז דער דאָקטאָר געבליעבען גאַנץ אַליין. איך האָב דאָס געוואוסט און האָב אין איהם אַזוי לאַנג אַרײַנגערעדט, אַזוי לאַנג אַרײַנגעטענה'ט, אַז מיר איז שוין טרוקען געוואָרען אין מויל, ביז איך האָב בײַ איהם גע'פועלט ער זאָל אײַך וועלען זעהן! נו, און וועט ער אײַך נאָר דערזעהן איז שוין גענוג,

מעהר דאַרף מען שוין נישט! ער וועט אײַך נעהמען, דאָס איז בײַ מיר קײן שום ספק נישט? —

אַננאַ האָט די פּאָר פרײדיגע שטראַהלענדיגע זינגערין מיט אַ דאַנקבאַרען בליק אָנגעקוקט און געזאָגט:

— ווי גוט איהר זײַט צו מיר! מיט וואָס וועל איך אײַך דאָס קאָנען אַמאָל אָבדינען? —

— דערמיט וואָס איהר וועט די שטעלע אָננעמען, פרײַלײַן זאַנדערס, — האָט בעטינאַ געענטפערט מיט אַ העכסט צופרידענע שטימע און האָט גענומען ווײַטער רעדען, — ער בעוואָהנט אַ דירה פון צעהן צימערן. צוויי דערפון וועלען אײַך געהערען. וואָלט איהר זעהן אַ פּאָר רײצענדע צימערן, וואָס קוקען אַרויס אין גאָרטען. אײַער אַרבײַט וועט נאָר זײַן צו פיהרען די ווירטשאַפט, זאָגען וואָס צו קאָכען צו מיטאָג און אַכטונג געבען אויף די דינערשאַפט, צוויי דינסט-מײדלעך און איין דינער — — — עס זענען דאָ אַ סך געהילפען און טעכניקער. מיר דאַכט זיך אפילו, אַז זײ עסען בײַ איהם. די ביכער פיהרט שאָלצינג גופא, איהר וועט נאָר ברויכען איהם אַ קורצע צײַט בײַ די ביכער צו העלפען. דערפאַר בעקומט איהר פרײַ קוואַרטיר פאַר אײַך און אָפּטאָבען, אַלסדינג אַלסדינג פרײַ און נאָך זעכציג מאַרק אַ חודש. און שאָלצינג איז נישט קײן קאַרגער חזיר, איך בעט אײַך איבער, עס וועט קומען ווײַהנאַכטען אָדער געבורטס-טאָג וועט ער אײַך שענקען אודאי היבשע מתנות. בעטראַכט אײַך נאָר, פרײַלײַן זאַנדערס, אויף אַ פּאָר יאָהר זײַט איהר דאָך אודאי פערזיכערט און אויב איהר וועט זיך איינע די אַנדערע געפעלען, אפשר גאָר אויף אַ לאַנגע לאַנגע צײַט, דען נאָך זײַן טוידט וועט ער פאַר אײַך, אין זײַן צוואָה, פערזאָרגען! — —

— איהר זײַט אַנ' אָפּטימיסטין, ליעבעס פרײַלײַן מאַרסו, — האָט אַננאַ לאַבענדיג געזאָגט! — איהר האָט אין אײַער גוט האַרץ פאַר מיר שוין אַ גאַנצען גן-עדן זיך אויסגעמאָלט! אָבער — — — — —

— נישטאָ קײן אָבער! ביטע, געהט נאָר דאָרט אַהין און זעהט זיך אַלסדינג אָן! — האָט די קינסטלערין פערדריסליך געמורמעלט, זײַענדיג געקרענקט, וואָס מען האָט איהר התפעלות אַזוי קאַלט בעגעגענט.

— צו ווען וואַרט אויף מיר דער הערר דאָקטאָר? — האָט אַננאַ געפרעגט, שוין ווידער ערנסט —

— צום בעסטען נאָך היינט גופא. די זאַך מוז שנעל געטהון ווערען, דען זײַן דאַמע וויל שוין דעם ערשטען יאַנואַר קײן מעקלענבורג

פאָהרען. אָבּער גוּט וואָלט זײַן איהר זאָלט קוּמען בּײַ איהם נאָך זעקס דעם זײַגער, דאַמאָלס איז שוין בּײַ איהם נאָך די שפּרעך-שטוּנדע; בּיז זעקס אַרבּײַטען ער און זײַנע אַסיסטענטען פאַר עלעקטרישעס ליכט.

דאָס געשפּרעך האָט נאָך לאַנג געדויערט, מען האָט דעם פּראָיעקט אַרוּמגערעדט פוּן אַלע זײַטען. רעדענדיג אַזוי זענען זײ בּיז צוּ דעם בּאָטאַנישען גאָרטען געקוּמען און זענען זיך פאַרבּײַ דעם לאַנגען מויער ווײַטער געגאַנגען. דאָ האָבּען זײ אויך די פרוי קאָך געטראָפען, וועלכע האָט אָטמאָן אין אַ שפּאַציער-וועגעלע אַרוּמגעפיהרט. בּעטינאַ איז צוּ איהם מיט אַ פריידען-אויסגעשרײ צוּגעשפּרוּנגען. דער קלײנער האָט זיך געלאָזען ליעבּ האָבּען, קוּשען און האַלזען. ער גוּפא אָבּער האָט די אַלע ליעבּליבקײטען נישט צוּריק ערווידערט. נאָר אַננאַ אַלײן, וואָס האָט זיך צוּם ווענינגסטען מיט איהם געשפּיעלט און געלאַבּט, און וועלכע ער האָט שטענדיג געזעהן אַנ' ערנסטע און אוּמעטיג פערטראַכטע, נאָר זי אַלײן האָט דעם קינד'ס גאַנצע ליעבּע גענאָסען. צוּ איהר האָט ער זיך צוּגעקלעבּט, איהר האַלז מיט זײַנע קלײנע הענדטלעך אַרוּם-געקלאַמערט. איהר האָט ער דאָס געזיכט געגלעט און איהר זיסע קינדערשע קוּשען געקוּשט. אָפט האָט ער מפסיק געווען זײַן שפּיעל, איז איהר אויף דעם שויס אַרויפגעקלעטערט און האָט זיך אַזוי לאַנג אַרוּמגעשאָקעלט בּיז ער האָט אַ בּעקוועמען אָרט געפוּנען דאַן האָט ער זײַן קלײן קעפּעל פעסט געגען איהר בּרוּסט אָנגעשפּאַרט, האָט אויף איהר מיט בּרײט אויפגעריסענע אויגען געקוּקט און גאַנצע שעה'ן אַזוי רוּהיג געבּליבּען זיצען. אַננאַ האָט איהרע הענד אויף זײַן קראַפּט-שפּראָציגען קערפּער אַרויפגעלעגט און איהרע ליפּען אויף זײַנע לאָקען אַרויפגעפּרעסט, נאָר ווען נישט ווען האָט זי איהם אַ פרײַנדליך וואָרט צוּ-געוואָרפען. ווי אָפט האָט זי זיך פאַר איהם אויסגעווײנט, דערצעהלט אוּנטער שלוּכצען איהר בּיטער האַרץ, איהרע לײדען, איהר עלענד און איהרע הײסע בּענקשאַפט נאָך דעם פאָטער — — — — און ער האָט זיך מיט גע-פּרעסטע ליפּען, צוּ אַלעס צוּגעהערט גלײַך ווי ער וואָלט יעדעס וואָרט פערשטאַנען; דאַמאָלס האָט זי ערשט געפיהלט וואָס דאָס הײסט מוּטער-ליעבּע, וואָס איז אַזוי פעסט אין דאָס ווײַבּערשע האַרץ אײַנגעוואַקסען. —

אויך הײַנט האָט ער זײַנע אָרעמלעך נאָך איהר אויסגעשטרעקט. ווי שען האָט דאָס קינד אויסגעזעהן אין דעם דוּנקעל-בּלויען מאַנטעלע בּעזעצט מיט בּיבּער-פעלץ און אין דאָס בּיבּער היטעלע. דאָס זענען בּײדע געווען מתנות, וועלכע די פרוי ד ר אָ ס האָט איהם שוין אין סעפּטעמבּער צוּם ווינטער-גאַרדעראָבּע געשאָנקען, די דאָזיגע גאַרדעראָבּע איז אויף אײנע

פון די טײַערסטע באַזאַרגען געקױפט געװאָרען. פאַר דעם קלײנעם אָטטאָ איז בײַ דער פרױ פאָן דראָס קײַן זאַך נישט צופיעל געװעזען, נישט צו טײַער! ער האָט געמוזט װי אַ פּרינץ אױסגעפּוצט זײַן און אַזױ איז ער אױך געװעזען! אַננאַ האָט זיך צו איהם צוגעבױגען און איהם זײַן רײנעם קינדערשען שטערן געקושט, זײַנע ברױן־גרינליכע אױגען האָבען אין איהר זכרון אַנ׳ אַנדער פּאָר, עהנליכע צום קינדס אױגען, אַרױסגערופען, אַ פּאָר אױגען, װאָס זעהען זיך יעצט אָן די שענקײַט פון פּאַריז אָדער אַנ׳ אַנדער הײַצענדע שטאָדט אין דרום אײראָפּאַ. אפשר נאָך לאַבענדיג און גליקליך בײַ דער זײַט פון זײַן יונגע װײַב!? און זי מוז דאָ דאַרען און ציטערן פאַר די צוקונפט. זי זוכט אַרבײַט בשעת ער לעבט אין לוקסוס און מותרות! ער האָט צומאָל נישט אָנגעפרעגט אױב זײַן זון נױטיגט זיך נישט אין אַ קלײנעם טײל פון די מיליאָנען װאָס ער האָט אַזױ לײַכט בעקומען, װאָס האָט איהם נאָר געקאָסט אײן אײנציג מאָל ליגען זאָגען פאַר דעם שטאַאַט און דער קירכע! װי בעקװעם די מאַנסלײַט האָבען דאָס! אָ פאָדלער, פאָדלער מענש!

פערביטערט ביז צום טױדט, האָט זי זיך געזוכט עטװאָס אױפצומונטערן, און האָט, צו די זינגערין זיך װענדענדיג, געזאָגט:

— איך װעל בײַ אײער הערר שאָלצינג מײַן מזל פּרובירען. פרײַלײן מאַרסו, אָבער װען ער נעמט מיר מיט מײַן קינד, און עס איז נישט הינטער דעם עפּיס אַ נעץ אױסגעשפּרײַט, דאַמאָלס — — — — — דאַמאָלס — — — — ער איז דאָך נישט מעהר װי אַ מאַנסביל און װעט מן הסתם נישט זײַן קײַן יוצא מן הכלל. װאָרום בכלל זענען זײ אַלע — געמײנע אױסװאורפען — — דערבײַ האָט זיך איהר היבשעס געזיכט שטאַרק פערענדערט.

די זינגערין, װעלכע האָט זיך אױף אַזױנע װערטער נישט געריכט, האָט איהר פערװאונדערט אָנגעקוקט. צוערשט האָט זי זיך כמעט װי בעלײדיגט געפיהלט; אָבער עס איז גענוג געװעזען צו געבען אײן בליק אױף די צוזאַמענגעזונקענע פרױ, װאָס איז פאַר איהר געשטאַנען, אױף דעם אונשולדיגען קינד, דעם לעבעדיגען יתום, װאָס װײס נעבעך גאָרנישט זײַן לאַגע — — — און איהר כעס האָט זיך אין רחמנות פערװאַנדעלט. װאָס האָט די דאָזיגע פרױ זיך געמוזט אָנלײַדען? איהר זאַנפטער טאָן, איהר װײַבליכער צױבער האָט גאָרנישט צוגעפּאַסט צו איהרע פערביטערטע רעד. נאָך אײדער זי האָט בעװיזען צו ענטפערן, האָט זיך געהערט אַנ׳ אַנדער שטימע:

— נאַנו, די גאַנצע פּענסיאָן איז צוזאַמען? אָטטאָלע, אָטטאָלע, מײַן גאָלדען קינד!

דאָס האָט געזאָגט פרײַליין בערטהא ראָזט, װעלכע איז צו זײַ צוגעקומען. אויף איהר אָרעם איז איהר געהאַנגען אַ פּאָמפּאַדור, װאָס איז פאַר איהר פריהשטיק בעשטימט געװען. איין פּאַק העפטען האָט זי גופא געטראָגען, דעם צװײטען האָט אַ קאָלעגע פון איהר צוגענומען און געהאָלפען טראָגען. בײדע זענען פון דער שולע געקומען און בײדע זענען זײַ צוזאַמען דעם אײגענעם װעג געגאַנגען; װײַל זײַ האָבען בײדע אין איין גאַס געװאוינט. די ראָזט האָט דעם גוטען און בעשײדען אויסזעהענדיגען מאַן אַלס העָר שנעװײנד און איהר קאָלעגע פאַר די דאַמען פאָרגעשטעלט. צוערשט איז בעטינא צוגעקומען, דערנאָך אַננאַ. די לעהרערין איז גליהענד רויט און באַלד דערנאָך בלאַס געװאָרען, װען עס איז געקומען די רײהע איהר אָבגאָט פאָרצושטעלען; זי האָט נאָך קײנמאָל װעגען אַננאַ׳ס שיקזאַל אין דער שולע נישט דערצעהלט און דעריבער איז זי יעצט געבליבען אין דער גרעסטער פערלעגענהײַט נישט װיסענדיג װי זי זאָל איהר פאָרשטעלען: — דאָס איז אונזער ליבעם — — — — פר — — — פרײַליין זאַנדערס! — האָט זי מיט גרויס אָנשטרענגונג אַרויסגעשטאַמעלט, און דאָס איז — — — — — — — קוקט זיך נאָר רעכט אײַן אין דאָס בעצויבערנדיגע קינד! דאָס איז אונזער פּענסיאָנס־זונען־שײַנדעל, העָרר שנעװײנד! דער קלײנער אָטטאָ! דאָס איז דאָך צוקער זיס, נישט אמת?

אַננאַ האָט איהר מיט אַ שאַרפען בליק דורכגענומען און געשװיגען. װאָס האָט זי געזאָלט טהון? בעשעמען די בראַװע פרויען און איהר עלענד פאַר דעם דאָזיגען פיליסטער אויסדערצעהלען. האָט זי איהר שאַנדע אַזוי טיעף גערעכענט, אַז אַפילו די ראָסט, װאָס האָט איהר אײנפאַך פערגעטערט, האָט זיך אויך געשעמט דעם אמת אויפצודעקען? זי האָט די צײהנער פעסט צוזאַמענגעביסען, און פון װײַטען האָבען איהר אין די אויערן געקלונגען די װערטער פון פרעמדען העררן: זעה נאָר, װאָס פאַר אַ ליבער שעהנער יונגעל דאָס איז! נון, מײַן קלײנער העררר, קענען מיר שוין עפּיס אַרומלויפען אָדער פּלאַפּלען? — די אַנדערע האָבען געענטפערט און געלויבט אָטטאָ׳ס מעלות. און זי, די מוטער, איז געשטאַנען שװײַגענדיג און געמוזט פיהלען, אַז דאָס פערמעגען אַזאַ שענע בעשעפעניש איז אַ חרפה! האָט מען אַ טרוי־שײַן איז דאָס אַ גליק, האָט מען נישט — — —

אַנ'אומגליק, די גרעסטע שאַנדע. אַזוי ווי מיט שפּילקעס האָבען איהר אַזעלכע מאָמענטען געשטאָכען און איהר אַ לאָך אין האַרץ געבויערט. —

ענדליך האָט זיך דער הערר שנעווינד פון זיי צעשיידט. די דריי דאַמען זענען געגאַנגען איינע נעבען דער אַנדערער אַהיים צו. פרוי קאָך איז זיי נאָכגעגאַנגען מיט דעם קינדער־וואָגען.

— נו, וואָס זאָגט איהר צו מײַן קאָלעגע? — האָט פרײַלײַן ראָזע נעפרעגט, — נישט אמת אַ פײַנער יונגערמאַן?

— שײַנט ווירקליך צו זײַן זעהר אַ פײַנער יונגערמאַן, — האָט זיך פרײַלײַן בעטינאַ אָבגערופען, — ווער איז ער אייגענטליך?

— שטעלט אייך פאָר, ער איז אַ בעמיטעלטען פויערס אַ זוהן און האָט גאָר געזאָלט אַ לאַנדסמאַן ווערען; אָבער ער איז קעגען דעם ווילען פון זײַנע עלטערן געוואָרען אַ לעהרער און איז אַנ'אויסגעצייכענטער פּעדאַגאָג. פאַר איהם איז קײַן העכערע זאַך נישטאָ אויף דער וועלט ווי לערנען מיט קינדער.

— ער מוז אייך אַוודאי פערעהרען? — האָט די זינגערין האַלב לאַכענדיג האַלב ערנסט געפרעגט.

— וועמען מיך, אַלטע שאַבטעל, אַח, דו ליעבער גאָט! יענער האַלט מיר אפילו נישט אין די געדאַנקען!

— איז ער אַ חתונה געהאַטער? —

— געוועזען, זײַן פרוי איז געשטאָרבען, זײַן איינציגער זוהן איז צעהן יאָהר אַלט און לעבט בײַ זײַנע עלטערן אויפ'ן לאַנד! —

— אַזוי! נאַ, ליעבעס פרײַלײַן, אָט דעם דאַרפט איהר זעהן אַרײַנצוקריגען! עס שײַנט, אַז ער האָט אייך דאָך זעהר גערן!

ראָזע איז רויט געוואָרען ווי אַ פײַער, דערנאָך האָט זי שטאַרק אָבגעזיפצט און געזאָגט:

— מיך, ווײַל מיר זענען וועגס־קאָלעגען און נעהענדיג פון דער שול בעגעגענען מיר זיך אָפט און פלוידערן אַ ביסעל? אָ גאָט! אַזוי דום איז ער נאָך נישט! ער קאָן נאָך בעקומען גאַנץ אַנדערע, יונגערע — — —

און האָט ווידער טיעף אָבגעזיפצט.

— און לאָמיר שוין אָננעמען, אַז ער וואָלט וועלען, וואָלט איהר דען חתונה געהאַט מיט דעם העררן שנעווינד? האָט אַננאַ געפרעגט.

זי האָט נישט ווילענדיג אַלע מאַנסבילען פערגליכען אין געדאַנקען מיט דעם

ע־ענאַנטען שעגעם קאָנטהאַגען און האָט נישט געקענט בעגרייפען ווי אַזוי מען קאָן זיך פערליעבען אין די ראָזינע אַלטענליכע מיטעלמעסיגע מענשען.

בערטהא האָט איהר פערוואונדערט אָנגעקוקט און זיך אָבגערופען:

— אויב איך — — איך וועל?! אַח, דו ליעבער גאָט! זיין אַ רעבענס־געפעהרטין ביי אַנ׳אָרענטליכען בראַווען מאַן, האָבען אַנ׳אייגענע שטיקעל ווירטשאַפט, אַנ׳אייגענע היים, און אפשר וועט גאָט העלפען און איך וועל נאָך האָבען אַנ׳אייגען קינד! — — — נישט ברויכען יעדען פריהמאָרגען צו לויפען אין דער שולע און אַוועקלעגען די נאַל ביי די בערלינער עזות־פנים׳דיגע קינדער? — — — — — — נע, אַזוי פיעל גליק בין איך נאָרנישט ווערטה און ס׳איז נאָרנישטאָ פאַר מיר! ענטשולדיגען זי מיר; אָבער ביי דעם געדאַנקען מוז איך לאַכען! איך — — אַ ווייב, אַ געלעבטער בנאמנות! —

אַלע האָבען געשוויגען און געקלערט. אויך אין די לעבענס־לוסטיגע זינגערין האָבען עפּיס חלומות אויפגעשטיגען און אַ בענקשאַפט האָט פון זיי אַרויסגעלויערט — — — — אפשר האָט זי אַליין גאָרנישט געוואוסט דערפון! — קלערענדיג אַזוי זענען זיי אַהיים געקומען. פרוי קאָך האָט דאָס קינדער־וויגעלע אין אַ זייטענקעמערל אַריינגעפיהרט, וואו ער איז שטענדיג געשטאַנען. אַננאַ האָט אָטטאָ׳ן אויפ׳ן האַנד גענומען. אויפ׳ן ערשטען עטאַזש זענען געשטאַנען צוויי דאַמען פאַר אַנ׳איינגאַנג אין אַ וואָהנונג און האָבען אָבשייד גענומען פון דער הויזפרוי, וועלכע האָט נאָך מיט זיי נישט געהאַט אין גאַנצען געענדיגט דעם שמועס און איז דעריבער מיט זיי אין פאָדערהויז שטעהן געבליבען עס צו פערענדיגען. מען האָט זיך קורץ און העפליך פאַרבייגעהענדיג בעגריסט. אַננאַ האָט בעמערקט, ווי די איינוואָהנערין פון הויז האָט די אַנדערע פאַר׳ן האַנד געצופּט און זיי אויף איהר אויפמערקזאַם געמאַכט. זי האָט געהערט אָבגעריסענע ווערטער און פראַזען: „די אין טרויער" — — — „אַ קינד" — — — „נישט חתונה געהאַט" — — — „אויבען ביי דער באַלל" — — — „אַח, קוים צו גלויבען!" — — „ווייסט מען פון וועמען?" — — חאָטש די דאָזיגע ווערטער זענען געשעפּטשעט געוואָרען אַזוי שטיל ווי עס איז נאָר מעגליך, פונדעסטוועגען האָט איהר אויער וועלכעס איז פון אַ מיסטרויאיש־זיין אונגעהייער געשאַרפט געוואָרען, אַלץ אויפגעהאָרכט. מיט שטייגענדיגער צערטליכקייט האָט זי איהר קינד געפּרעסט צו איהר ברוסט. — — — אויבען אויפ׳ן דריטען עטאַזש איז די מאַרטו געבליבען, און צו די איבריגע געזאָגט:

— אויף װידערזעהן, בײַם טיש! —

— אויף װידערזעהן! — האָבען די איבריגע איהר אָבגעענטפערט; די זאַנדערס און ראָזט זענען נאָך אויף דעם פערטען עטאַזש אַרויפגעקלעטערט.

— פרײַלײַן אַננאַ, איך בין אין מײַנע אײגענע אויגען זיך פאַרגעקומען װי אַ פראָסטער פערדרעכטהער, װי אַ מין יהודה איש קריות! מאָרגען אָבער װעל איך מײַן פעהלער גוט מאַכען. איך װעל דעם הערן שנײַװינד מײַנע דומע שרעקען דערצעהלען. ער האָט עפּיס אַזאַ מילדקײַט, עפּיס מענשליכעס מיטגעפיהל! ער בעגרײַפט אַלעס און ענטשולדיגט אַלעס. איך װעל דערמיט אין זײַנע אויגען װערען אַ סך אַראָבגעפאַלען און דאָס האָב איך פערדיענט! — האָט די ראָזט האַסטיג גערעדט און האָט אַננאַ'ס האַנד אַרומגעקלאַמערט, דערבײַ האָט זי איהר מיט בעטענדיגען בליק אָנגעקוקט.

— אָבער, ליעבעס קינד, — האָט זיך אַננאַ אָבגערופען, איהר האָט געהאַנדעלט גאַנץ נאַטירליך!

— נײַן, נײַן, איך האָב דום געהאַנדעלט, — האָט זי לויט, װי אויף זיך גופא בעזערנדיג געשריען. באַלד האָט זיך אַ טהיר געעפענט, אין דעם קאָרידאָר האָט זיך בעװיזען דוװאַראָל אין אַ שמוציגע, צעריסענע סאַמעטענע מאַרינאַרקע. אין האַנד האָט ער נאָך דעם פעדערהאַלטער געטראָגען. זײַן געזיכט האָט געהאַט דעם אויסדרוק פון אַ שאַפענדען קינסטלער. ער האָט זיך פון זײַן אַרבײַט ערשט נישט לאַנג אויפגעהויבען.

— נאַ, װאָס געפינען? — האָט ער אַננאַ'ן קורץ געפרעגט, און פלוצלונג האָט זיך זײַן מינע פערענדערט. ער האָט אויסגעזעהן גוט און אָנטײַלנעמענדיג. אַננאַ האָט שוין איהם גוט געקענט און האָט אין זײַן אַרט פרעגען קײַן פעראיבעל נישט געהאַט.

— גאָרנישט דערװײַל! — האָט זי איהם גוטהערציג געענטפערט. —

— צום טײַװעל! — האָט ער, קלאַפּענדיג מיט'ן פוס אויף דער פּאָדלאָגע פאַר כעס, געשריען. — גאָר קײַן שום אויסזיכט אויך נישט?

— אפשר? —

— װאָס? —

— װירטשאַפטס־פיהרערין בײַ אַ צאָהן־אַרצט!

— נאַ? — האָט ער אונצופריעדען דורך די צײַהן דורכגעזײַט און

דערבײַ זיך אין קאָפּ געקראַצט. — קומט נאָר מיט מיר היינט צו אַ זיצונג, פרײַלײַן זאַנדערס, איך האָב אַ פּלאַן! —

אַננאַ האָט קיין גרויס חשק נישט געהאַט דערצו, עפּיס איז איהר זײַן פערשיין „גײַע גריבען“ נישט גאַנץ שטאַרק געפעלען. פאַר וואָס עס איז איהר נישט געפעלען, מיט וואָס צו מאָטיווירען עס, האָט זי אַלײַן נישט געוואוסט; אָבער ביז אַהער האָט זי זיך געהאַלטען פון די פערזאַמלונגען פון דערוויַטענס און האָט איהם דעריבער געענטפערט:

— איך מוז נאָך היינט זײַן בײַ דעם צאָהן־אַרצט.

— מיר הויבען דאָך אונזערע זיצונגען ערשט אַכט דעם זייגער אָן! דאָס איז בלויז אַ פוילער תירוץ! —

— מיר וועלען נאָך רעדען וועגען דעם, העררדוואַראַל! —, איהר ווייַבליכע ווײַכקײַט, דאָס קינד אויף איהר אָרעם האָבען איהם ווי שטענדיג אויך היינט בעצויבערט. —

— גוט, — האָט ער זיך אָבגערופען, — אָבער איהר זאָלט עס נישט אָבלעגען, וואָרום די קומענדיגע זיצונג וועט ערשט זײַן אין אַכט טאָג אַרום. און דאָ געפינט איהר גוטע ברידער, וואָס האָבען אַ מאַסע בעקאַנטשאַפט און קענען אײַך אַ גרויסע טובה טהון. זײַט דאָך נישט קיין קינד, איהר האָט דאָך, דאַכט זיך, שכל און ריינעם פערשטאַנד! איך האָב פון אײַך שוין אַזוי פיעל דערצעהלט, אַלע גריבען פרעהען זיך מיט אייך! — —

— אָט דריבער הייל איך טאַקי דאָרטען נישט געהן, איך וויל נישט זײַן קיין שפּיעלצײַג, וואָס מען טראָגט עס אַרום אַלעמען וויַזען, — האָט זי בײַ זיך אין האַרץ געטראַכט; אַרויסגערעדט אָבער האָט זי דאָס נישט. און כדי צו געבען דעם געשפּרעך אַנ'אַנדער ווענדונג האָט זי געזאָגט: הו, איז אָבער דער יונג שווער, מײַנע הענד זענען מיר אין גאַנצען אָבגעחלש'ט, און דערבײַ האָט זי אָטטאָ'ן אויף דער פּאָדלאָגע אַנידערגעזעצט, — לויף! מײַן ליעבלינג און גיעב דעם אָנקעל אַ פּאַטש אין האַנד! —

— נאַ, קום נאָר אַהער קערל, איך האָב פאַר דיר שענע פּאַפּיערנע קעסטלעך בעקומען געשאָנקען! — האָט דוואַראָל אונטערטאַנצענדיג געזאָגט און דערבײַ די טהיר אין גאַנצען אָפען־געמאַכט. דאָס צימער איז פול געוועזען מיט רויך־וואָלקענס און האָט שרעקליך אויסגעזעהן. דער קלײנער אָטטאָ איז אָבער, ווי עס ווײַזט אויס, שוין דערמיט געוואוינט געווען און עס האָט איהם נישט געשטערט. דרײַסט איז ער אין צימער אַרײַנגעטראַמפּעלט און באַלד זיך גענומען צום פּאַפּיער־קאָרב, וועלכער איז

פאַר איהם אַנ'אינטערעסאַנטעס שפּיעל־צײַג געװעזען. באַלד האָט ער בײַרע הענדטלעך טיעף אין קאָרב אַרײַנגעשטעקט.

— דער װאָרם האָט אַ מערקװירדיגען אינטערעס פאַר ליטעראַטור, — האָט דער שרײַפטשטעלער לאַבענדיג געזאָגט, — ער װעט נאָך אַמאָל אַ רעדאַקטאָר זײַן דען צוערשט פאַטשט ער שטענדיג אויף די שער און די פאַפּיערען אין קאָרב!

— זײַט איהר שוין מיט אײער נאָװעלע פאַרטיג? — האָט אַ נ נ אַ, נאָך אַלץ פון קאָרידאָר אַרויס, געפרעגט.

— הײַנט מוז עס פאַרטיג װערען! דאָס װעט שוין אײנמאָל זײַן אַ נאָװעלע, איהר װעט זעהן מען װעט דאָס פון די הענד חאַפּען. איך מאָל דאָרטען נאָר אַ פאַרצײַטיגען טיפּ! די דײַטשען קאָן מען נישט טיעף גענוג טאַקסירען! אָבער פערקױפען װעט זיך דאָס. גיט נאָר אַכטונג, אין דרײַ װאָכען װעט מען שוין קײַן אײן אײנציגען עקזעמפּלאַר פון דער ערשטער אױפלאַגע נישט בעקומען, געלד פערדיענט מען נאָר פון אַזױנע לײַכטע נאָװעלען, דער עולם האָט נישט ליעב קײַן האַרטען ביסען, איהם מוז מען נאָר געבען צעקײַעטע, דאָס שלינגט ער לײַכט אַראָב! אָי האָבען מיר דאָס אַ פּובליקום! ער האָט טיעף אָבגעזיפצט. — מײַן װערק „סאָציאַלע ניפּטבײַלען" האָט מיר הײַנט דער עזעלקאָפּ, דער פערלעגער, צוריק־געשיקט, און דאָס מאַנוסקריפּט צעקנײטשט און מיט פעטס און טינטפלעקען — — — — אײנפאַך „מען קען עס נישט געברױכען". דאָ איז שוין קײַן שום נישטאָ בײַ אונזערע פּראַכטפּולע געזעצען! באַה! עס איז דאָך אײנגעשיקט געװאָרען נישט פערלאַנגענדיג פריהער! — — איז דאָך אָבער אויך אַ סחורה! װאָס, אפשר נישט? און נון? — — — אָבער לאָמיר דאָס איבערלאָזען אויף אַנ'אַנדער מאָל! אָבער איהר װײסט? אַ נ נ אַ איז געשעהן? — —

— װאָס פאַר אַ נ נ אַ?

— די װיענער האָבען בעצאָהלט פאַר אַלע זיעבען פעליעטאָנען אויף אַמאָל. צװײ הונדערט מיט צעהן מאַרק אויף אײן קלאַפּ, און מזומנ'ע געלד, איך האָב געמײנט איך װעל משוגע װערען! — — — צו מײַנע צרות אָבער האָט די פרוי בכלל דערזעהן דעם בריעפטרעגער אָנקומען און איז אויף מיר אָנגעפאַלען!

— דאָס האָט זי זעהר ריכטיג געטהון, די אָרעמע פרוי מוז דאָך אויך אַמאָל צו איהר געלד קומען! האָט זיך אַ נ נ אַ אָבגערופען.

— און װאו זאָל איך בלײַבען? מיט די צעהן מאַרק װאָס זי האָט

מיר געלאָזען זאָל איך בעצאָהלען דעם שנײַדער, דעם שוסטער, אין קאַפע און דעם ציגאַרענהענדלער, וואָס? —

— רויכט מען נישט און מען געהט נישט אַזויפיעל אין קאַפעהײַזער, און מען גיט נישט שטענדיג דעם קעלנער צוואַנציג פעניג טרינק־געלד!

— האָט אַ נ נ אַ זיך האַלב ווי געבעזערט. —

— טאָ זאָל מען זיך ליבער אַרײַנשיסען אַ פוליע אין שטערן. זאַנ־ד ע ר ס! מען איז מעהר נישט ווי אַ זינדיגער בשר ודם, עס ווילט זיך דאָך אַמאָל לעבען ווי אַמענש, נישט זײַן אַ מעלקעדיגע קוה פאַר זײַן פרינציפאַל און ליוועראַנט! — — — אָ ט ט אָ, דו קלײנער רעשעלע, לאָז דאָרטען דעם בוינגען ליגען! דערבײַ האָט ער אַ האַסטיגען שפרונג געטהון און פון קלײנעטס האַנד זײַנע אַרבײַט אַרויסגעריסען. — איהר זעהט נישט, אַז דער קלײנער בענגעל איז צום רעדאַקטאָר בעשאַפען געוואָרען. יעצט האָט ער געוואָלט מײַן שענעם מאַנוסקריפּט אין פאַפּיער־קאָרב אַרײַנוואַרפען! — — אָט דאָ קום אַהער, שרעטעלע, דאָ איז פאַר דיר קעסטעלעך און דאָס בילדער־בוך! — —

ד וו ו ז אַ ר אָ ל האָט די בײדע זאַכען דעם קינד דערלאַנגט, וועלכער איז דערמיט איבערגליקליך צו דער מוטער צוגעלאָפען.

— עס איז דאָך שרעקליך, העדר דוואָראָל! — האָט די מוטער געזאָגט. — דאָס בילדער־בוך האָט איהר דאָך נישט בעקומען געשאָנקען. דאָס האָט איהר דאָך געקויפט! איהר זײַט שוין אַ פערפאַלענער מענש! —

— דאָס איז שוין נישט אײער זאַך, איבערהויבט פאַקט זיך יעצט אַרוים פון דאַנען! איך טוז די העלדען פון מײַן ראָמאַן גליקליך מאַכען! און רעדענדיג האָט ער די טהיר צוגעשלײַדערט.

— אָט אַזוי איז ער שוין, — האָט אַ נ נ אַ האַלב לאַכענדיג האַלב ווײנענדיג געזאָגט צו ב ע ר ט ה אַ'ן וועלכע איז שוין אין איהר צימערל געשטאַנען. — קוים האָט ער אַ פאָר מאַרק אין קעשענע פערשווענדעט ער עס צוליעב זײַן גוט האַרץ. דער מענש וועט שוין קײנמאָל אין זײַן לעבען נישט פיהרען קײן רעגעל־מעסיג, געאָרדענט לעבען און אַלץ צוליעב זײַן לײַכטזיניגקײַט און שטאָלץ. דאָ נישט לאַנג האָט ער זײַן גאַנצע האָנאָראַר פאַר זײַן נאָוועלע: „זײַנע יונגסטע" אַנ'אָרעמען קאָלעגען אַוועקגעשענקט! —

— מיר געפעלט דאָס גאָרנישט, איס געגענטײל, — האָט ב ע ר ט ה אַ זיך אָבגערופען. — איך וויל שוין דערפון גאָר נישט הערען, אַזוי רעגט

עָס מיִךְ אוֹיף. דער מענש וועט אַמאָל שטאַרבען אוֹיף דער גאַס, סײַדען עָס וועט זיִךְ פאַר איהם געפיִנען אַנ'ענערגיִשע פרוֹי!

— נוּ, דערצוּ געהערט מוּט, אוּן מען מוּז איִן איהם ביִז צוּם משוּגע ווערען פערליִעבט זײַן, אַז ניִשט — — — — הײַסט דאָך מען וואַרפט זיִךְ בְּיָדַיִם איִן דאָס גרעסטע אוּמגליִק אַרײַן! דוואַראָל איִז אַ פראַכטפאָלער חבר, אַ גוּטער ברוּדער, אָבער איִן די ראַהמען פוּן אַ פאַמיִליען־לעבען פאַסט ער ניִשט אַרײַן! דאָךְ, ביִטע, פרוֹי קאָךְ, נעהמען זי דעם יוּנגעל, איִךְ מוּז נאָךְ די אַדרעסען פוּן דעם אַדרעסען־קאַלענדאַר אַרוֹיסשרײַבען. דער קוֹיפמאַן וויִל די פראָספּעקטען פוּנאַנדער שיִקען אוּן האָט שוֹין געמאָהנט.

— וויִפיִעל קאָנווערטען האָבען זי נאָךְ? — האָט די ראָזט געפרעגט מיִט אַ הײַס רחמנוּת'דיִגע שטיִמע.

— אַנ'ערךְ פיִער הוּנדערט זענען שוֹין אָנגעשריִבען, בעדאַרף איִךְ נאָךְ טוֹיזענד אָנשרײַבען! — האָט אַננאַ רוּהיִג אוּן ערנסט געענטפערט. —דאָךְ מאַךְ איִךְ עס מיִר לאַכט. איִךְ שרײַב יעדעס קאָנווערט גלײַךְ צווייִ מאָל, פערשפּאָר איִךְ פיִעל נאָכצוּזוּכען. הערר שוּלץ האָט מיִר צוּ זײַנעם אַ שוועסטער־קיִנד רעקאָמאַנדיִרט. יענער איִז אַ קוֹיהלען־הענדלער אוּן האָט די זעלביִגע קוּנדען. באַלד ווי יענער וועט נאָר בעקוּמען זײַנע רעקלאַמען־פּראָספּעקטען פוּן דרוּקער, קאָן איִךְ איהם באַלד אַ טײַל פוּן די אַדרעסיִרטע קאָנווערטען געבען.

— טאָמער בעשטעלט אָבער יענער ניִשט?

— דאַמאָ״ס איִז מײַן שפּעקוּלאַציע אַ נאַריִשע אוּן איִךְ וועל האָבען געאַרבײַט אוּמזיִסט! — אַננאַ האָט געצוֹיגען מיִט די אַקסלען. —איִךְ האָף, אַז ער וועט זײַן צוּזאָג האַלטען. חאָטש דער פרײַז איִז זעהר אַ ביִליִגער, פוּנדעסטוועגען פרעה איִךְ מיִךְ זעהר מיִט די אַרבײַט, וואָס פערמעהרט מײַן קלײַנעם קאַפּיִטאַל מיִט נאָךְ עטליִכע מאַרק. אַדיע דערווײַל, קלײַנע, אוּן מאַכט זיִךְ איִבער מיִר ניִשט קײַן שווערע געדאַנקען, עס וועט שוֹין מסתמא רעכט ווערען!

אַננאַ איִז אַרײַנגעגאַנגען איִן איהר ציִמער, צוּ וועלכען זי איִז שוֹין ביִסלעכווײַז צוּגעוואוֹינט געוואָרען אוּן די פוּסטקײַט איִן איהם האָט שוֹין אוֹיף איהר ניִשט אָנגעטראָגען אַזאַ אוּמעט. זי האָט איהר טאָאַלעטע שוֹין אײַנגעאָרדענט צוּם מיִטאָגס־מאָלצײַט אוּן האָט זיִךְ גענוּמען צוּ שרײַבען די

אַדרעסען. די דאָזיגע אַרבײַט האָט זי דורך אַנ׳אַנאָנסע אין לאָקאַל-אַנצײַגער בעקומען, איהרע געדאַנקען זענען אָבער הײַנט גאָרנישט געווען בײַ דער אַרבײַט. זי האָט נאָר געטראַכט וועגען דאָס יונגע פּאָר, וואָס געפינט זיך יעצט אַזוי ווײַט פון איהר. פאַר די אויגען איז איהר געשטאַנען אָ ט ט אָ׳ס קרעפטיגער וואוקס, זײַן אומעטיגליכער שמײַכעל, זײַנע ערנסטע קלוגע אויגען. אין איהר זכרון זענען די טעג פון צ י נ אָ וו י ט ש אַרויפגעשוואוּמען, וואו ער האָט איהר אַזוי צניעות׳דיג ערקלערט זײַן ליעבע, וואו זי האָט אין זײַן צערטליכע ליעבע דאָס גרעסטע הימעלשע גליק גענאָסען — — און שפּעטער — — — — די שטונדען בײַ איהם אין דער היים, וואו עס האָט אין איהם די לײַדענשאַפט מיט איהר גאַנצען גלוט אויפגעפלאַמט — — — ווי שעהן איז ער דעמאָלס געוועזען! — — — — — און דאָס אַלץ פערשווענדעט ער יעצט אויף זײַן שעהנע, רײַכע יונגע פרוי! זי געניסט יעצט זײַן ליעבע, זײַן שעהנקײַט, דאָס גאַנצע אונענדליכע גליק — — — — און אַלץ בהיתר, אַזוי שטאָלץ אַזוי זיכער! — בשעת זי מאַטערט זיך דאָ און קוועלט זיך אין עלענד און נויט — — —

אַ נ נ אַ האָט זיך מיט די הענד אויף דעם טיש אָנגעשפּאַרט, דעם קאָפּ אין די הענד בעהאַלטען און לײַכט אָבגעזיפצט: אָטטאָ! אָטטאָ! דער קלײנער בײַם שפּיעלען האָט די ווערטער אויפגעהאָרכט און אַוועקגעלעגט זײַנע פּאַפּיערענע קעסטלעך מיט דעם בילדער-בוך און צו די מוטער צוגעלאָפען:

— מאַמאַ, אָט בין איך! — דער קלײנער שעלם נעבאַך האָט געמײנט, אַז דאָס רופט זי איהם.

זי האָט זיך אויפגעמונטערט און צערטליך צו איהם גערעדט: מײַן שעהן יונגעל, מײַן זיסער יונגעל! דערבײַ האָט זי איהם מיט קושען בעדעקט. אָבער איהר נאַטור ניִשט צו וועלען זיך גופא אָבנאַרען האָט איהר ווי געזאָגט, אַז נאָך אַלע ליעבליכקײַט, נאָך אַלע צערטליכקײַט וואָס זי בעווײַזט איהר קינד, איז דאָך די ליעבע צום מאַן — — — — — דאָס געפיהל פאַר דעם געליעבטען מאַן פיעל שטאַרקער בײַ איהר! אפשר איז עס דריבער — האָט זי זיך געטראַכט, — ווײַל דאָ קאָן איך מײַן בענקשאַפט שטילען, איך נעהם מײַן קינד אַרויף אויף מײַנע אָרעמס, איך און מײַן קינד זענען מיר אײנס! ער אָבער איז עפּיס אויסער אונז בײדען, ער איז ווײַט פון אונז און איך קאָן מײַן בעגעהר נאָך איהם מיט קײן זאַך ניִשט שטילען, דאַרום שטײַגט די בענקשאַפט נאָך איהם אין מײַן האַרץ אַלץ

שטאַרקער און שטאַרקער! אָ ט ט אָ האָט הערצליכע קינדערשע ליבעס־ווערטער צו זײַן מוטער געשעפּטשעט.

די קינדער־פרוי, וועלכע האָט אין אַ דערבײַאיגען צימער דעם קלײַנעם וועש געפּלעט, האָט דורך די טהיר אַרײַנגעקוקט און געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ. — וואָלט זי איהם נישט מעהר געזעהן! — האָט זי בײַ זיך געטראַכט. — זײַט דעם מיר זענען אין דעם פערשאָלטענעם נעסט געוועזען, האָט זי זיך אין גאַנצען פערענדערט. פריהער, אַז די פרוי האָט נאָך געלעבט האָט זי גאָרנישט אַזוי פיעל נאָך איהם געבענקט! קאָן זײַן, אַז ווען די פרוי פאָן ד ר אָ ס וואָלט נאָך געלעבט און זי וואָלט נישט געהאַט וואָס צו זאָרגען, וואָלט זי גאָר אַנדערש אויסגעזעהן? אפשר גרעמט זי זיך שטאַרק וואָס זי בעקומט קײַן שטעלע נישט. איך וואָלט שוין געוואָלט זי זאָל עפּיס וועלכע נישט איז בעשעפטיגונג בעקומען! דען בעקומען נאָר די האַלבע לויהן און די פּראָסטע עסענס און דאָס קריכען אויפ׳ן פיערטען עטאַזש דאָס איז שוין איבער מײַנע כּחות; לאַנג אויסהאַלטען קאָן איך דאָס נישט, און אונזער אײנע קריגט לײַכט אַ שטעלע! — — איהר לאָזען וויעדער אַזוי און אַוועקגעהן קאָן איך אויך נישט, עס וועט זײַן זעהר נישט אַנשטענדיג פון מײַן זײַט! — —

פרײַלײַן מ אַ ר ס ו האָט אַ נ נ אַ׳ן נישט נאָכגעלאָזען און זי האָט געמוזט איהר צוליעב זיך אויספּוצען איידער זי איז צום צאָהן־אַרצט געגאַנגען. די זינגערין איז געבליבען בײַ איהר אין צימער און האָט אַכטונג געגעבען. — אַזאַ הערר האָט אויך ליעבער אַ שעהנע ווירטשאַפטערין פאַר אַ נאַכטסאָוועז, און אַן׳עלעגאַנט געקלײַדעטער מענש קאָן גאָר אַנדערע פּרעטענזיעס מאַכען! — — — אָט אַזוי, יעצט וועל איך אײַך נאָך אַ ביסעל די האָר פריזירען און אײַך דעם שלײַער אַרומבינדען, אָט אַזוי! — — — — — איהר זײַט דאָך עפּיס אַ מין זעלטענע ערשײַנונג. נישט שעהן, אָבער טױזענד מאָל מעהר ווי שעהן: אַ האַרץ־געווינערין! ווען ער זאָל נישט פאַר אײַך באַלד ווערען די כּפּרה, ווײס איך נישט, איז ער אַן׳אײז־קאַלטע בריאה! — — — —

— איך וואָלט געוואָלט ער זאָל אויף מיר מיט אײערע אויגען קוקען! — האָט אַ נ נ אַ געזאָגט און איהר לײַכט די באַקען געגלעט. דערבײַ איז איהר פרײַלײַן מ אַ ר ס ו אויף דעם האַלז געפאַלען און איהר הערצליך געקושט: — זאָל זײַן מיט מזל, פרײַלײַן, נאָר נישט זײַן אַראָבגעפאַלען — — — פרײַלײַן ז אַ נ ד ע ר ס! איך קאָן אײַך גאָרנישט זאָגען ווי

גרויס מײַן שׂמחה וועט זײַן, אַז איהר וועט דורך מיר בעקומען אַ שטעלע! — —

— דאָס ווייס איך און איך דאַנק אײַך שוין פאַר אײַער גוט האַרץ. אויב עס וועט דערפון עפּיס יאָ ווערען אָדער נישט. און איבריגענס רופט מיך פּשוט פרײַלײַן־מוטער, איך בין עס דאָך און ווייס מײַן צונאָמען! —

די מאַרסו איז געקומען אין פערלעגענהייט ווי אַ קינד, אַז מען דערטאַפּט איהם בײַ עפּיס נישט שעהנעס. אַננאַ האָט פון איהר אָבשײַעד גענומען און מיט אַ האַרץ פול האָפנונג די טרעפּען אַראָבגעשטיגען.

זי איז מיט דעם טראַמוואַי צוגעפאָהרען ביז דעם ראָג פון דער פאָרנעהמער גאַס אין וועלכער דער בעריהמטער צאָהן־אַרצט האָט געוואוינט. מיט לײַכטע טריט איז זי אויף די טרעפּען אַרויפגעשטיגען. די אײַנפאַכע בעפּוצונג פון די טרעפּען, דער עדלער ריח פון די בלומען, האָט ענטציקט איהר צאַרטע זעלע וואָס האָט אַזוי שטאַרק נאָך שעהנקייט געדאָרשטעט. אויף די טרעפּען־פענסטער זענען געשטאַנען פּראַכטפולע פּאַלמען און שטענדער מיט בליהענדיגע און וואָהלריכענדיגע בלומען. די אײַנטריטס־טהיר האָט אויסגעזעהן ווי אַ שפּיגעל. זי האָט גאַנץ שטיל אָנגעקלאַפּט, אַ יונגער דינער אין אַ העלען קאָסטיום האָט איהר געעפענט און העפליך געזאָגט:

— די שפּרעך־שטונדען זענען שוין צו ענדע, גנעדיגעס פרײַלײַן.

— זײַ וועלען אַזוי גוט זײַן דעם הערן פּראָפעסאָר מײַן קאַרטע איבערגעבען, איך קום נישט אַלס פּאַציענטין.

דער דינער האָט, זיך שטום פערבויגענדיג, די קאַרטע פון איהר האַנד צוגענומען און איז דערמיט פערשוואונדען געוואָרען, אָבער אין אַ פּאָר מינוטען שפּעטער איז ער צוריקגעקומען און זיך לײַכט פערבויגענדיג געזאָגט:

— דער הערר פּראָפעסאָר לאָזט אײַך בעטען אַרײַנצוקומען!

דער דינער האָט איהר אַרײַנגעפיהרט אין אַ גרויס צימער, וועלכעס איז מיט עלעקטריש פײַער בעלײַכטעט געוועזען און מיט דעם געשמאַקפולסטען פּראַכט אײַנגעריכטעט געוועזען, טײַערע בילדער און בראָנז־פיגורען האָבען די וואַנד בעציערט — אַננאַ'ס אויגען האָבען זיך נישט געקאָנט זאַט אָנקוקען פון דער שעהנער און גאַנצער האַרמאָניע, וואָס האָט אין דאָס דאָזיגע צימער געהערשט. איהר פאָטער איז געוועזען אַ קונסט־פערעהרער. און האָט אין זײַן טאָכטער'ס האַרץ אײַנגעפלאַנצט די לײַדענשאַפט צו אַלץ וואָס איז שעהן און געשמאַקפול, און זי איז איהם דערין אַ טרײַע

שילעריִן און חבר'טע געוועזן! — דאָ קאָן נאָר אַן'עדלער מענש וואהנען! אַזאַ וואהנונג פּויט זיך נאָר אַן'עדלע נשמה אוים! — האָט זי בײַ זיך געטראַכט און איהר האַרץ האָט שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּען, בשעת איהר בליק האָט זיך אויף די אײנצעלנע געגענשטאַנדען פון צימער געוואָרפען. זי האָט נישט געזעהן, אַז שאָלציִנג האָט איהר שוין דורך די פאָר־טיערען בעטראַכט. ערשט דאַמאָלס ווען דורך אַ דריק פון זײַן האַנד איז אויך דער דערבײַאיגער צימער, אַ פּערסישער רויכער־צימער בעלײַכטעט געוואָרען האָט זי זיך אומגעקוקט. יעצט האָט זי איהם בעמערקט. ער איז צוגעגאַנגען נעהנטער. אַ שלאַנקער העְרר מיט אַ קאָפּ ווײַסע האָר מיט אַ פײַנעם שוישפּיעלער־געזיכט אָהן אַ באָרד. אויף זײַנע צאַרט־ווײַסע הענד האָבען טײַערע רינגען געבלישצעט, זײַנע קלײדונג און זײַן גאַנצעס בענעהמען איז געוועזן פון אַן'ערפאַהרענעם וועלטמאַן. געשיקט האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזט מיט אַננאַ'ן אין אַ שמועס וועגען קונסט און פּאָליטיק, נישט בעריהרענדיג דאָס טהעמאַ איבער וועלכע זיי האָבען אײגענטליך געברויכט צו רעדען. צו ערשט האָט זי איהם געענטפערט בעקלערענדיג זיך פאַר דעם אַ געוויסע צײַט, דערנאָך געשווינדער און פעסטער. זי האָט זיך זעהר גוט געפיהלט אין דער אונטערהאַלטונג און זי האָט גאָר ווי פערגעסען, אַז זי איז דאָ געקומען וועגען אַ שטעלע. זי האָט אַלץ פרײַער און מונטערער אַרום זיך געקוקט. דאָס געזיכט האָט אַ לײַכטע עדלע רויטקײַט בעקומען. איהר שלאַנקע געשטאַלט איז אומגעצוואונגען אין דעם פאָלסטער־שטול געזעסען. ער האָט זי געבעטען זי זאָל דעם זשאַקעט אויסטהון, כדי זי זאָל זיך אַרויסגעהענדיג נישט צוקיהלען. זי האָט זײַן עצה געפאָלגט. — שאָלציִנג האָט זיך נעהנטער צו איהר צוגערוקט איהר בײַם אויסטהון דעם זשאַקעט צו העלפען. ער האָט שוין געהאַט דערצו די הענד אויסגעשטרעקט, זי האָט איהם אָבער נישט צוגעלאָזען, העפליך דאַנקענדיג. מיט אַ זאַנפטען שמײכעל האָט זי צו איהם אַרויפגעבליקט און אַ שוידער געמישט מיט עקעל האָט איהר פּלוצלונג דורכגענומען. נישט ווילענדיג האָט זי זיך צוריקגעבויגען. זײַן בליק, וועלכער איז אַזוי מעסטענדיג אויף איהר פיגור געווענדעט געוועזן, זײַן פעסט־געקלעבטער שמײכעל אין דעם מויל־ווינקעל האָט איהר דערוואָרנט. ער האָט עס, ווײַזט אויס, בעמערקט, דען ער איז באַלד צוריקגעטרעטען און זיך איהר קעגענאיבער געזעצט. דער אונאַנגענעהמער צוג אויף זײַן געזיכט איז פערשוואונדען געוואָרען.

— האָבען זי שוין דאָס פרײַלײַן מאַרסו געהערט זינגען? — האָט

ער געפרעגט, און אז אננא האט צו איהם מיט דעם קאפ אויף נײן געשאקעלט, האט ער ווײטער גערעדט, — זי האט א פראכטפולע, סימפאטישע שטימע, אבער לײדער איז זי קראנק, און מוז שטענדיג פון א האלזארצט בעהאנדעלט ווערען! — —

— איך ווײס עס, הערר פראפעסאר, און בעט איהר דעריבער קײנמאל נישט, זי זאל מיר עפּיס זינגען. איך הער מעהר נישט אמאל דורך דער וואנד ווי זי איבט זיך אין זינגען. מיר וואהנען נישט אויף אײן עטאזש! —

— א, אזוי, מײן פרײלײן! — האט זיך שאלצינג אבגערופען — עס איז גוט, וואס זי איז אלס געזאנג־לעהרערין אנגעשטעלט! איבריגענס, שײנט מיר, האט פרײלײן מארסו זיך געוואלט אנ'אײגענע וואהנונג נעמען, ווי באלד אז זי קאן נישט מאכען איהרע קאנצערט־רײזען און מוז זיצען אויף אײן ארט. איהר וואהנונג איז צו ווײט פון איהרע שילערינען, און ווי זי זאגט, אויך נישט עלעגאנט גענוג!

— איך מײד אוים יעדען פערזענליכען געשפרעך מיט אונזערע פענסיאנערען, — האט אננא געענטפערט, — און ווײס דעריבער אײך קײן ענטפער נישט צו געבען. פרײלײן מארסו איז צו מיר זעהר פרײנדליך און נעמט זיך פאר מיר אן — — — און — — — — מײן קינד אזוי צוגעטהון, אז זי פערדיענט פון מיר דעם העכסטען דאנק! —

— יא, זי איז א ווארעמהערציגע, ליעבע דאמע! — האט דער פראפעסאר בעשטעטיגט, — זי האבען אין איהר א טרײען אנגעהמער און פערטײדיגער געפונען, פרײלײן זאנדערס! —

אננא האט זיך שטום פערבויגט. איהר הארץ האט אנגעהויבען צו פאכען. זי האט געפיהלט, אז זי שטעהט יעצט פאר אנ'ענטשײדונג.

שאלצינג האט אבגעהוסט לײכט און ווײטער גערעדט:

— דורך פרײלײן מארסו ווײס איך אײער לאגע, מײן גנעדיגע! הם, איך מוז מיר מודה זײן, איך בין אנ'אלטער, ערפאהרענער מאן, און האב מיר שוין הם, דאס אורטײלען, הם, איך מײן דאס פעראורטײלען שוין אין גאנצען אבגעוואוינט! אײער שיקזאל און די ארט ווי איהר עס טראגט דערוועקט מײן אויפריכטיגע סימפאטיע און בעוואונדערונג. — — — —

איך שטעה הײנט אזוי, אז איך ברויך נאך קײן מענשען נישט צו פרעגען! מײנע קינדער זענען שוין לאנג אויסגעגעבען, מײנע דינערשאפט אזוי לאנג טרײ און איבערגעגעבען ווי לאנג איך בעהאנדעל זײ גוט און בעצאהל זײ גוט. דאס אײנציגע אויף וואס איך דארף אכטונג געבען איז מײן פראקטיק.

נאָר צו לאַנג ווײל איך מיר דערמיט אויך נישט פערנעמען! איך וועל קירצליך מײַנע פראַקטיק אין גאַנצען אויפגעבען. דאַמאָלס בלײַב איך אַנ־אַלטער אײנזאַמער מענש, וואָס זײַן הײם זאָל איהם אויספילען דעם אָרט פון דער פערשוואונדענער פאַמיליע, פון דער בעשעפטיגונג. איך האָב ליעב אַ בעקוועמע הויז, אַ גוטע אונטערהאַלטונג, אַ פײַן־בעזעצטען טיש. מײַן ליעבע, גוטע פרוי פאָן ב ר י נ ק האָט זעקס יאָהר נאָך מײַן ווײַבס טוידט געפיהרט מײַן הויז אין בעסטען אָרדנונג. מיר שײַדען זיך זעהר נישט גערן פונאַנדער! —

אַ קורצע פויזע. ווידער האָט אַ נ נ אַ זײַנע בליקען אויף זיך געפיהלט. ווידער האָט זי זיך זעהר אונבעקוועם געפיהלט.

— אַ ווירטשאַפטערין בײַ אַן אַלטען מאַן זאָל — — — — — אין אַ געוויסען מאָס — — איהם די שטעלע פון אַ פרוי און קינדער אויספילען!

— איך קאָן אײַך גאָרנישט זאָגען, מײַן פרײַלײַן, ווי זעהר איהר זײַט מיר געפעלען! ווי איך זעה אין אײַך די אײנציגע אויספילונג פאַר מײַן געטרײַע ב ר י נ ק! — —

אַ נ נ אַ האָט זיך פערבויגט.

— פרײַלײַן מ אַ ר ס ו האָט אײַך מײַנע בעדינגונגען געזאָגט. אײַער קומען צו מיר בעווײַזט, אַז איהר נעהט דערויף אײַן! — איך פון מײַן זײַט האָב פיעל וועגען אײַך, פרײַלײַן זאַנדערס נאָכגעדאַכט. איך וועל אײַך נישט פערלײַקענען, אַז איך האָב שטאַרק, זעהר שטאַרק געקלערט און נישט געקאָנט זיך ענטשליסען. שוין נישט קוקענדיג פון דעם קאַמפף מיט מײַן פאַמיליע, אויף די אונאַנגענעהמע פראַגען פון אײניגע גוטע פרײַנד צווישען מײַנע פאַציענטען. מיט די אַלע קלײנינקײַטען וועל איך שוין פאַרטיג ווערען, אַזוי ווי איהר וועט פאַרטיג ווערען מיט אײניגע ווידערשפּענסטיגקײַטען פונ'ם פערזאָנאַל! — — — — איך ווײס, אַז איהר וועט זיך פון אײַער קינד נישט שײדען. און דאָס געפעלט מיר גראָד זעהר גוט! אָבער איהר דאַרפט אויף מיר נישט האָבען קײן פעראיבעל, אַז איך אַלטער מאַן וויל אַז בײַ מיר אין הויז זאָל זײַן רוהיג! אַ געזונדטער יונגעל אָבער, וואָס האַלט אין וואַקסען — — — — — ביטע אונטערברעכען זי מיר נישט!

אַננאַ האָט אַ בעוועגונג געמאַכט און געוואָלט עפּיס זאָגען: — — — ער האָט איהר אָבער נישט געלאָזט און ווײַטער גערעדט: די וואָהנונג ליעגט אין אַ זעהר גינסטיגע לאַגע. זומער איז דער גאָרטען פאַר מיר אַלײן בעשטימט. ווען איהר זאָלט עס פערשטעהן ריכטיג אײנצואָרדנען, וועל

איך דעם יונגע קוים שפּירען. עס פערשטעהט זיך אַלײן, אַז די קינדערפרוי מוזט איהר בײַ איהם װײַטער האַלטען, בכדי איהר זאָלט זיך קענען אין גאַנצען איבערגעבען מיר און די װירטשאַפט, בעצאָהלען די קינדערפרוי װעט איהר, פרײַלײן זאַנדערס! די קאָסט, נו, װאו עס װעלען אַזױ פיעל זאַט װערען װעט זי אויך נישט הונגעריג בלײַבען. איך האָב מיר אפילו בעשלאָסען איהר געהאַלט אויף הונדערט מאַרק אַ חודש פעסטצושטעל׳ען! ער האָט גערעדט קורץ און געשעפטליך. — זײַט איהר דערויף אײַנשטימיג?

שאָלצינג האָט זיך אויפגעהויבען, דאָס זעלבע האָט אויך אַננאַ געטהון. אַ סעקונדע האָט איהר פאַר די אויגען געשווינדעלט. זי האָט איהם אָנגעקוקט. ער האָט אויסגעזעהן ערנסט און אויפריכטיג.

— נון, פרײַלײן זאַנדערס, זײַט איהר מסכים?

— מסכים! — האָט זי געענטפערט קאַלט, און איהר שטימע איז װי אָבגעהאַקט געװאָרען פאַר אינערליכער אויפרעגונג. ער האָט איהר האַנד צו זײַנע ליפּען צוגעצויגען און דערנאָך געזאָגט:

— יעצט װילט איהר אַדאי די װאָהנונג זעהן? דאַרף איך אײַך בעטען?

אין עס־צימער האָט ער איהר פאָרגעשטעלט פאַר דער פרוי ברינק, װעלכע האָט זיך בײַם בופעט בעשעפטיגט. די פאָרנעהמע דאַמע געקלײדעט אין אַן עלעגאַנטע טואַלעטע, װאָס פּאַסט שוין נישט צו איהרע עלטערע יאָהרען איז איהר נישט געפעל׳ען. זי האָט זעהר נישט פײַן אויסגעזעהן און האָט איהר מיט די אויגען אַזױ עקזאַמענירענדיג בעקוקט, אַז עס האָט איהר אַנ׳עקעל אָנגענומען. די דינערשאַפט האָבען איהר אויך אַזױ אָנגעקוקט, האָבען זיך געסוד׳עט און געװאונקען. אַננאַ׳ס געזיכט האָט אָנגעהויבען פלאַמען פאַר צאָרן. איז דאָס איהר קינד װאָס האָט איהר שוין דאָ װידער געשאַדט? — װי אין חלום איז זי דורך די שעהנע, עלעגאַנטע צימער דורכגעגאַנגען. ער האָט איהר ערקלערט: — דאָ איז דער קאָרידאָר, ביטע! די דאָזיגע בײדע צימער זענען לאַבאָראַטאָריען, דאָס פאַר די טעכניקער. דאָ איז מײַן אָנקלײדע־צימער און דאָס דערבײַאיגע — מײַן שלאָפצימער. — דאָס װעט זײַן אײַער צימער, פאָרלויפיג װאָהנט דאָ נאָך די פרוי פאָן ברינק, דערבײַ האָט שאָלצינג אַ דרעה געטהון אַן׳עלעקטרישען קנאָפּ און אַננאַ האָט דערזעהן אַ װײַבליכען בעקװעמען צימער, פערשמעקט מיט פערפומע. קעגענאיבער די בעט פון צימער איז

געװעזען אַ טהיר פערהאָנגען מיט פאָרטיערן. אַ נ נ אַ ׳ס האַרץ האָט אָנגעהױבען שטאַרקער קלאַפּען. אַ שרעקליכער חשד איז איהר אין די געדאַנקען אױפגעשטיגען. װאָס זאָל דאָס בעדײַטען? פון דאָרט איז געװען אַ גלײַכער װעג װאָס פיהרט צו ש אָ ל צ י נ ג ׳ס שלאָף־צימער. זי האָט זיך אױף אַ װײַלע אָבגעשטעלט, האָט זיך צו איהם אױסגעדרעהט און איהם אָנגעקוקט. ער האָט אַ לײַכטען שמײכעל געטהון. פון זײַן שעלמישען בליק איז אַ נ נ אַ אײַז־קאַלט געװאָרען.

— און װאו זאָל דאָס קינד מיט זײַן ניאַנע װאָהנען? — האָט זי געפרעגט זיך בעהערשענדיג. —

— ביטע, קומען זי מיט מיר! — האָט ער איהר געענטפערט און איז מיט איהר ביז צום ענדע פונ׳ם לאַנגען קאָרידאָר געגאַנגען. אַ פליגעל־װאָהנונג אין גאָרטען איז מיט זײַן װאָהנונג צוזאַמען קאָמבינירט געװעזען. אײגענטליך האָט זיך געקאָנט דאַכטען, אַז עס איז גאָר אַ בעזונדער װאָהנונג געװעזען און דאָך, אַז מען האָט געװאָלט, איז עס מיט די אַנדערע צימערן פערבונדען געװעזען.

— אַזױ, דאָ האָט צולעצט געװאָהנט מײַן חתונה געהאַטע מאַבּער. יעצט לעבט זי אין פ אַ ר י ז. איך מײַן, אַז די זעקס צימער זאָלען מיר מאַכען אַלס װאָהנונג פאַר אײַך דרײַען! דאָ װעט איהר קענען אונזשעניערט זײַן אַ מוטער צו אײַער קינד! און דאָרטען װעט שלאָפען דער קלײנער מיט דער ניאַנע! — —

אַנגאַ האָט די הענד צוזאַמענגעקרעמפּפט און מיט אַ ציטריגער שטימע געפרעגט:

— אפשר װאָלט איך דאָ אױך געקאָנט שלאָפען! הערר פראָפעסאָר? — — זי האָט זיך בעקלערט, אַז זי װעט מוזען זײַן אַזױ װײַט אָבגעשײדט פון איהר אָטטאָ און אַ שװידער איז איהר דורך אַלע גליעדער דורכגעגאַנגען. דאָס געזיכט איז איהר געװאָרען בלאַס װי בײַ אַ מת. האַסטיג האָט ער זײַן אָרעם אױף איהר אַרױפגעלעגט. זײַן געזיכט האָט זיך מיט פאָטערליכער אױסדרוק איבער איהר אַריבערגעבױגען און מיט אַ צערטליכע טײַלנעמענדיגע שטימע האָט ער איהר געפרעגט:

— װאָס איז אײַך, מײַן אָרעם קינד?

און חאָטש די װערטער זענען אַרױסגעזאָגט געװאָרען אַזױ װײך, פול מיט רחמנות און װי מיט טרעהרען דורכגעװײקט, דאָך האָט עס אױף איהר אַ שלעכטע װירקונג געמאַכט. זי האָט אין זײַנע אױגען, צו װעלכע

זי האָט איהר בליק אויפגעהויבען, עפּיס נישט הײמליכעס דערזעהן! עפּיס האָט דאָרטען געלויערט! און דער דרוק מיט וועלכער ער האָט איהר צו זיך געפּרעסט! — — אננאַ האָט געוואָלט זיך אַרויסרײַסען, אַנטלויפען. ער האָט איהר אָבער פעסט געהאַלטען. זײַן שטימע איז געוואָרען אַ מין הײסער אײַנגעהאַלטענער שעפּטשען. ער האָט איהר געמאָלען איהר שרעקליכע לאַגע, אַז דאָס קינד וועט איהר אומעטום זײַן אַ שטערונג, אַז בײַ איהם וועט זי לעבען רוהיג און נישט בעדאַרפען זאָרגען. ביסלעכווײַז האָט ער זיך אײַנגערעדט אַלץ מעהר און מעהר דערהיצט, ווען ער האָט איהר רײַצענדען קערפּער אַזוי נאָהנט נעבען זיך דערשפּירט. ער האָט איהר אַלץ פעסטער אַרומגעקלאַמערט, זיך אַלץ טיעפער געבויגט איבער איהר געזיכט, וואָס איז אַ ווײַלע בלאַס אַ ווײַלע טונקעל-רויט אויפגעגליהט. — ער האָט זיך בײַ איהר געבעטען, אַ גן עדן אויף דער וועלט צוגעזאָגט, איהר מיט קאָמפּלימענטען בעשאָטען. — דאָס יונגע ווײַב איז אין גאַנצען ווי געלעהמט געוועזען. עס האָט אויסגעוויזען גלײַך ווי די אויפרעגונגען, די אַנגסטען וואָס זי האָט די לעצטע צײַט איבערגעלעבט האָט איהר די כחות אין גאַנצען אַוועקגערויבט און זי איז נישט מעהר אים שטאַנד געוועזען זיך צו וועהרען. זי האָט געוואָלט עפּיס רעדען, עפּיס טהון, זי האָט עס אָבער נישט געקאָנט. ער האָט איהר געלאָזען אין אַ שטוהל זיך אַניעדער-זעצען און איז פאַר איהר אויף די קניע געפאַלען, כסדר איהר די הענד געגלעט, — נישט בעוועגענדיג זיך האָט זי זײַנע צוזאָגען אויסגעהערט, אַז זי וועט שוין מעהר נישט דאַרפען זאָרגען. — גליקליך און אָהן זאָרג וועט איהר יעצט אין אײַער פּראַכטפּולסטען שעהנקײַט וויעדער אויפבליהען! אײַער קינד וועל איך פאַר אַ טיכטיגען מענש ערציעהען, אננאַ, אננאַ'שי, מײַן —

פלוצלונג האָט זי צוריק איהרע אַמאָליגע כחות בעקומען. זי איז אויפגעשפּרונגען. ער איז געשטאַנען אַ דערשראָקענער.

— אַזוי, אַזוי הײסט עס פערשטעהט איהר דאָס, — האָט זי צאָרניג געשריען, — דאָס ווילט איהר! אָ נאָט, אָ נאָט — און דערבײַ האָט זי די הענד צוזאַמענגעבראָכען.

—נון, איהר נאַרישעס קינד, האָט איהר דען געמײַנט, אַז איך וועל מיר אַנדערש אַרויפנעמען אויף'ן האַלז אַ ווירטשאַפטערין מיט אַ קינד? בעדאַרף איך דען איבערהויפּט אַ דאַמע? האָ האָ! — — איהר ווילט זײַן די ערשטע, וואָס וויל זיך אַנטקעגען נאַטירליכע זאַכען אַנטקעגען-שטעלען. זײַט קלוג, פרײַלײַן, און פרעגט זיך אויס בײַ אַנדערע אַלמן'ס און אַלטע בחורים, וועט איהר הערען וואַס מען דערלעבט מיט די אַזוי גענאַנטע הויז-

ראַמען! פון די פײַנסטע, סאַי אַ פרוי, סאַי אַ מײדעל! האָט דאָך שכל, קינדער! נישט יעדען טאָג טרעפט זיך אַזאַ גוטע שטעלע און דערצו נאָך, אַז איהר האָט נאָך אַזאַ חסרון, אַז איהר טראָגט נאָך אַזאַ האָרב אויף דעם רו— — —

שאָלצינג האָט דעם אָנגעהויבענעם זאַץ נישט פערענדיגט. פער לעגען האָט ער אויף אַננאַ געקוקט. זי האָט איהם אָן אַ זײַט אָבגעשטויסען, איז דורך דעם קאָרידאָר ווי אַ בליץ פאַרבײַ די צימער און פאַרבײַ די ברינק דורכגעלאָפען. בליטר און טויב איז זי ווײַטער געלאָפען ביז צום ענטרע, האָט די טהיר אויפגעריסען און ווי אַ שטורם פון די טרעפען אַראָב, אַרויס פון הויז און אין דעם טונקעלען טיערגאָרטען אַרײַן. טיעפע זיפצען האָבען זיך פון איהר ברוסט אַרויסגעריסען. אַנגסטען שווײַס האָבען איהר בעגאָסען. שמערץ, שרעק, אויפרעגונג, קרענקונג, ביטערקײַט און פערצווײַפלונג האָבען זיך אין איהר נעראַנגעלט.

אַ היים איז זי געקומען שפעט. זי איז מעהר נישט געגאַנגען צו דעם אַלגעמײַנעם אָבענד-טיש. פרוי קאָך האָט פאַר איהר דאָס עסען בעהאַלטען. דוּוואַראָל איז אין זײַן פעראײַן געוועזען. פרײַלײַן ראָזט וויעדער בײַ אַ קאָנפערענץ. דאָס פרײַליין מאַרסו אויף אַ קאָנצערט. אַננאַ האָט דעריבער געקאָנט פערבאָרגען איהרע פערווײַנטע אויגען און דעם טיעפען וואונד פון איהר בעלײַדיגטער און געקרענקטער זעלע. נאָר די טרײַע קאָך האָט זי געזאָגט: — וויעדער נישט! יענע האָט נאָר מיט דעם קאָפּ געשאָקעלט און געזאָגט:

— גאָט וועט שוין העלפען! אין איהר שטימע האָט געקלונגען אַ מין זיכערהײַט, אַ מין פעלזען-פעסטע איבערצײַגונג.

---

## זיעבענטעס קאַפיטעל.

גאָט האָט אָבער נישט געהאָלפען! דאָס ביסעל מזומנע געלד איז צושמאָלצען געוואָרען. אַננאַ זאַנדערס האָט בעקומען אָפט בעשעפטיגונג אויף אַ קורצע צײַט. דוּוואַראָל האָט איהר פערשאַפט איבערצושרײַבען ראָמאַנען און נאָוועלען. זי האָט גענײַט קינדער-קלײדער, איבערגעמאָלט פאָטאָגראַפיעס, געשריבען אַדרעסען, געשטיקט, גערעטושירט. — דערבײַ האָט זי געטוזט אַרומלויפען גאַנצע שטונדען, זיך פאָרגעשטעלט, נעאַנטוואָרט אויף אַנאָנסען-אָנפראַגען, אַלץ אָבער איז געווען אומזיסט, קײַן פעסטע שטעלע האָט זי נישט בעקומען. דאָך האָט זי

איהרע כחות נאָך נישט פערלאָרען. אַדרבא, איהר שטאָלץ איז ווי גרע⸗
סער אויסגעוואַקסען, איהר ענערגיע האָט זיך פערדאָפּעלט. דאָס קינד
איז דאָך דאָ! אין באָללס פּענסיאָן זענען פאָרגעקומען פערענדערונגען.
בעטינע מאַרסו האָט זיך אין דער וויקטאָריאַ⸗גאַס אַריבערגעצויגען.
זי האָט עם געהאַלטען פאַר אַ פּערזענליכע בעליידיגונג, וואָס אַננאַ איז צו
שאָלצינג נישט געגאַנגען, חאָטש זי האָט אַלץ אַזוי גוט איינגעאָרדענט.
אַננאַ האָט איהר די אמת'ע סבה נישט געזאָגט, נאָר אַנדערע תירוצים
און אויסרעדען אָנגעגעבען. אַזוי־אָרנאָך האָבען זיי זיך צעשיידט ברוגז'לעך.
בעטינאַ האָט אַננאַן גערופען די „גאַנז מיט דעם הויכען שנאָבעל" און
שיער שיער איז צוליעב דעם נישט אויסגעבראָכען אַ שאַרפע מחלוקה מיט
דוואַראָל, וועלכער האָט זיך אויף דעם צאָהן־אַרצט ערקונדיגט און פער⸗
שטאַנען דעם אמת, וועלכען די שטאָלצע אַננאַ האָט אויף קיין אופן
נישט געוואָלט מודה זיין. אַלע האָבען אַננאַ'ן געטרייכט און צוגעזאָגט
במעט, אַז אויף דעם נייעם קוואַרטאַל וועט זיך פאַר איהר געפינען בע⸗
שעפטיגונג, און זי האָט שוין מיט דער גרעסטער אונגעדולד אויף דעם
געוואַרט. און אַזוי וואַרטענדיג איז אויך דער ווערנאַכטס־יום־טוב אָנגע⸗
קומען און אַוועקגעגאַנגען. אין דעם הייליגען אָבענד האָבען פרוי ראַט
באָלל און איהרע פּענסיאָנערן בעוויזען אַננאַ זאַנדערס זייער
סימפּאַטיע. יעדער איינציגער האָט פאַר דעם קליינעם אָטטאָ, דעם
ליעבלינג פון פּענסיאָן געבראַכט געשענקע.

ווען אָטטאָ איז געבאָרען געוואָרען האָט איהר דאָס פאָרמונדשאַפטס⸗
געריכט בעשטימט אַנ' אָפּעקון: אַ מענש וואָס האָט געהאַט אַ סך געשעפ⸗
טען און קלאָפּאָטען אויפ'ן קאָפּ, און האָט זיך מיט זיין אָפּעקונשאַפט זעהר
וועניג געקימערט. דעם פערגאַנגענעם ווערנאַכטען האָט ער אַננאַ'ן אין
דער דראָסטישער וואָהנונג בעזוכט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף די רייכע
וואָהנונג, אויף דעם געזונדען קרעפטיג געוואַקסענעם קינד און האָט זיך
געזעגענט זייענדיג שטאַרק צופריעדען. היינטיגעם מאָל איז ער אויך גע⸗
קומען. אַננאַ האָט איהם פון איהר פערענדערטע לאַגע צו־וויסען גענע⸗
בען און איהר נייע אַדרעסע איהם אָנגעוויזען. — דעם דריי און צוואַנציג⸗
סטען אין דער פריה האָט ער דעם קליינעם אָטטאָ דורך אַ שפּיעל־וואַרען⸗
געשעפט אַ שויקעל־פערד געשיקט. מיטאָג־צייט האָט ער זיך אַליין מטריח
געווען, זייענדיג אויפגעמונטערט דערצו פון זיין פליכט־געפיהל, און איז
אויף דעם פיערטען עטאַזש אַרויפגעקלעטערט. דער אַלטער העָרר איז
אָבער דאָרטען פערבליעבען אַ גאַנץ קורצע צייט, האָט דאָס קינד אָנגע⸗

קוּשט און באַלד אַוועקגעגאַנגען. ער האָט זיך קענען אננא'ן זעהר פערלעגען געפיהלט. זי איז געוועזען אַ דאַמע, וועלכע האָט זיך קענען איהם געהאַלטען ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּאָרנעהמע, שטאָלצע דאַמע. ער האָט אויך בעמערקט ווי שטאַרק זי לײַדט און קוטט אָב פאַר די זינד וואָס זי איז בעגאַנגען, מיט וואָס פאַר אַ פּײַנליכען בליק זי האָט אויף איהם געקוקט. ער האָט נישט געוואַגט איהר עפּיס צו פרעגען, האָט נאָר אויסגעדריקט זײַן צופריעדענהײַט וואָס דאָס קינד וואַקסט אַזוי קרעפּטיג און זיך געזעגענט, הײַנט הײַנט איהם אַננאַ מיט אומעטיגע בליקען נאָכגעקוקט! —— וואָלט ער געפרעגט! — וואָלט זי דאָך געהאַט דעם מוטה איהם צו דערצעהלען פון איהר יאָמערליכער לאַגע! —— אָבער איהר פערשאָלטענער שטאָלץ. איהר שעמעוודיגקײַט האָט איהר אָבגעהאַלטען בײַ איהם עפּיס אַנ' עצה צו פרעגען. אַזוי איז זי געזעסען פערצאַגט מאַכענדיג זיך אַלײן די ביטערסטע פאָרווירפע ביז זי האָט דערקענט פון דרויסען דוואראָלס טריט אויף דער קאָרידאָר-פּאָרלאָגע און זײַן פּײַפען האָט איהר אין די אויערן אַרײַנגעגרילצט. ער האָט זיך אונטענטשלאָסען פאַר איהר טהיר אָבגעשטעלט, אַ ווײַלע אָבגעוואַרט און דערנאָך אָנגעקלאַפּט. —— זיפצענדיג האָט זי זיך אויפגעהויבען און איהם דעם געוועהנליכען „אַרײַן" צוגערופען.

— איך בין עס, מאַדאָנאַ! איז עס ערלויבט? דרויסען איז אַ קעלט מיט אַ ווינד, בררר! די מענשען זענען אַלע משוגע געוואָרען! אין ערגעץ קאָן מען נישט אָנקומען! קײַן געלעגענהײַט נאָך צו געפינען אַנ'אָרט אויף די באַהנען! — האָט ער אין אײן אָטהעם-צוג געזאָגט און האָט זיך די פינגער געריבען.

— זעצט אײַך. הערר דוואראָל, און וואַרעמט אײַך אָן! —— ——

— איז עס ערלויבט? אָח, איהר זײַט אַ מלאך! — ער האָט זיך אין אַ שטוהל אַרײַנגעוואָרפען. — ווײַסט איהר וועמען איך האָב געזעהן?

— נו? —

— ערשטענס הויך! דער מענש האָט שוין אָנגעקריגען אַ נײַע מציאה: אַ רײַצענד מײדעל. ער איז אַזוי פערטיפט געוועזען, אַז ער האָט מיר נישט בעמערקט. —

— יאָ, גליקליכע יוגענד! —

— יאָ, ווײַסט גאָט! אָבער עס געהט װײַטער: בײַן ראָג האָב איך זיך מיט בערטהאַ ראָזע אָנגעשטויסען. —

— איהר זאָגט דאָס אַלץ אַזוי מאָדנע!

— יאָ, איך בין געוועזען אונהעפליך; דאָס אַלטער שיצט נישט פאַר

קיין נאַרישקייט. אונזער צנועה'דיג מלאך'ל איז זיך געשטאַנען מיט אַ פאַר־קלערט פנים פאַר עפּיס אַ הערן, און ביידע האָבען זיך געשאָקעלט און געשאָקעלט די הענד, אַז איך האָב געמיינט ס'וועט גאָר קיינמאָל קיין סוף נישט נעמען. נאַטירליך, ווייסט איהר ווער דאָס איז, דאָס דערקען איך שוין נאָך אַייערע מינעס! זאָל בערטעטשקע עפּיס אויסזיכט האָבען? עי, עי! נאָ, געשמאַק דאַרף מען צו איהר האָבען; אָבער אויף איהם גלויב איך דאָס! דער טאַן נעמט איהר! גוטען אַפּעטיט! —

אַ נ נ אַ האָט געשמייכעלט. זי האָט געוואוסט, אַז הערר שנעווינד רייזט היינט אָב אויף אַכט טאָג צו זיין זוהן. צווישען די ביידע קאָלעגען האָבען זיך געהיימע בעדעם געוועבט. זי האָט זיך דערמיט געפרעהט און האָט אויסגעמידען אפילו מיט אַנ' איינציגע פראַגע אָדער בעמערקונג צו בעריהרען די דאָזיגע ענטוויקלענדיגע קנאָספּען. —

— איהר זאָלט זיך איבער מיין ליעבע ר אָ ז ט נישט לוסטיג מאַ־כען, הערר ד ו ו ו אַ ר אָ ל, — האָט אַננאַ איהם געבעטען.

— ניין, ניין, זאָל זי גליקליך ווערען, איך פערגין איהר יעדען אַנדערן אָהן שום קנאה! — האָט ער לאַכענדיג פערזיכערט. — די ב אָ ר מ ע ר האָט יאָ דאָ נישט לאַנג אין דער פערזאַמלונג גרויסע און וויכטיגע ווערטער גערעדט; איין דאַמע פון אונזערע „גריזעכען” איז גאָר אַרויס פון די כלים און האָט אונזערע מריע ב אָ ר מ ע ר ערקלערט פאַר דעם איבערגעצייגטעסטען אַפּאָסטעל פון דער נייער פרוי! —

— אַזוי? יאָ, זי איז אַנ' אינטערעסאַנט מיידעל און געפעלט מיר שטענדיג! רעדענדיג אַזוי האָט אַ נ נ אַ די אויגען אַראָבגעלאָזט. פריילין י ו ל י ע ב אָ ר מ ע ר האָט זיך נאָך אַלץ פון איהר געהאַלטען פון דער ווייטענס און עס האָט אויסגעוויזען, אַז זי בעמערקט גאָרנישט דאָס בעמיהען זיך פון אַ נ נ אַ, וועלכע האָט געוואָלט איהר סימפּאַטיע געווינען.

— איך ווער פון איהר נישט קלוג, — האָט זיך דער שריפטשטע־לער אָבגערופען. — אַזוי דאַכט זיך דאָך, פּראָקלאַמירט זי „פרייהייט אויף יעדען געביעט”, „רעכט פון דעם אינדיווידיום, פון פרט”, „זיך אויסלע־בען” און דערביי איז זי אַזוי אַ וצדקתד'לע! אין אָנפאַנג האָט זי מיך זעהר שטאַרק אינטערעסירט. איך האָב געאַרבייט אויף אַלע כלים, אָבער זי איז געבליעבען קאַלט ווי אַנ'אייז! —

— דאָס גלויב איך שוין!

אַ קורצע פויזע איז אײַנגעטרעטן, דערנאָך האָט דער שרײַבטישטעלער װײַטער גערעדט:

— זאָגען זי נאָר, פרײַלײַן זאַנדערס, מיר דאַכט, איהר האָט דאָ נישט לאַנג געהאַט העררן־בעזוך... און אין זײַן שטימע האָט זיך געהערט אַנ'אָבקלאַנג פון קנאה. דערבײַ האָט ער זיך פערבויגען, כדי איהר שאַרפער אָנצוקוקען.

— יאָ! — האָט זי קאַלט אָבגעענטפערט.

— הם, אַ פאָרנעהמער העדר, עלעגאַנט געקלײדעט.

— אָ, יאָ, דאָס איז געװעזען אַטטאָ'ס אָפּעקין, װעלכען דאָס געריכט האָט בעשטימט, — האָט זי רוהיג געענטפערט, — איך זעה איהם הײַנט צום פיערטען מאָל.

דװואַראָל האָט אױפגעעטהעמט און װײַטער געפרעגט:

— איז ער אַנ'אַלמן?

— װי װײַט איך װײס איז ער עס נישט! — אָדער דעם ריכטיגען אמת זאָגענדיג, איך װײס, אַז ער האָט אַ פרוי! —

— נאַ, זעהר קלוג פון זײַן זײַט. זאָגט מיר נאָר, מײַן ליעבע זאַנדערס, קאָן ער אפשר אײַך העלפען?

— איך האָב איהם קײַן זאַך נישט געזאָגט.

— איהר זײַט — — און נישט ענדיגענדיג זײַנע רעד האָט ער אַ שפרונג געטהון און האָט זיך אין אױװען אָנגעשפאַרט. — אַך קינד, קינד, אײער שיקזאַל האָט מיר אין גאַנצען אומגעאַנדערשט. װען איך הױב נאָר אָן — —

— אָ, מיט װאָס קאָן איך אײַך אָבדאַנקען פאַר דעם װאָס איהר אינטערעסירט זיך אַזױ שטאַרק פאַר מיר, און איהר זײַט מיר שױן אַזױ נוצליך געװעזען און אַזױ פיעל טובות געטהון. ליעבער העדר דװואַראָל.

ער האָט זיך אין קאָפּ געקראַצט און געזאָגט:

— משוגע האָט איהר מיר שױן געמאַכט. מאַדאָנאַ! אַזױ װאָס — — לױפט אַרום, מוז אַ שטיקעל ברױט זוכען, װיל אַרבײַטען און געפינט נישט! אַ װײַב װי איהר, און דאָס אַלץ װעגען — — — — — הימעל־דונערװעטער, װאָלט איך געװעזען אַזאַ רײַכער חזיר, אַזאַ מיט געלד אָנגעשטאָפּטער הונד װי לײַט זעגען, איך װאָלט שױן געװאוסט װאָס דערמיט צו טהון! — — — — בין איך אָבער דער גרױסער קבצן און אַ בעל חוב איבער'ן קאָפּ — — — — — —

אננא האָט איהם ערשטזינט אָנגעקוקט און מיט גרויס אכטונג געזאָגט:

— דווואַראַל וואָס רעדט איהר? איהר מיינט דאָך מיר נישט פאַרצושלאָגען.

— אַח נאָט, ווייב, מאַדאָנאַ, ווען איהר וואָלט געוואוסט, וואָס — — — — — אָבער איך טאָר נישט! — — — — — ניין, ניין, ניין! — נאָר איין זאַך זאַנדערס! — — זעהט איהר ס'איז מיר אַזוי אין קאָפּ דורכגעלאָפען — — — — די מענשען זענען אַלע פאָדליעצעס אָדער עזעלקעפּ! — — איך בין אויך נישט בעסער, איך בין אַנ'אָבגעלעבטער שלימזול, אַ לא־יוצלח, אַלץ — — — — —

— איהר זייט אַ פראַכטפולער גוטער פריינד! — האָט אַננאַ געזאָגט געריהרט און איז צו איהם נעהנטער צוגעגאַנגען און איהם די האַנד דערלאַנגט. ער האָט עס אָנגענומען מיט ביידע הענד און צערטליך און פעסט געדריקט.

— זעהט איהר, אַנ'אַנשטענדיגען נאָמען האָב איך, אַננאַ, האָט ער, נאָך אַלץ האַלטענדיג איהר האַנד אין זיינע, געזאָגט. — אויב איהר קאָנט פון דעם וועלכע נוצען האָבען — — — איך מיין, אַז איהר נעמט זיך דערמיט קיין שום פליכט נישט אַרויף און איך אויך נישט! אָבער ווען איך זאָל אייך מיין נאָמען געזועצליך געבען און דעם יונגעל אייערן אויף מיין נאָמען פערשרייבען — — — דאָס וועט מען קענען, ווען דאָס נייע בירגערליכע געזעץ־בוך וועט אין איהר פולען קראַפט שוין אָנהויבען גילטען — — — — זעהט איהר, די נרעסטע שוועריגקייט וואָלט שוין דאַמאָלס געוועזען אַריבער! — — צו אַל די שוואַרץ יאָהר, דאַמאָלס וועט איהר שוין זיין אַ פרוי, און ווער עס וועט דאַמאָלס נאָך דערמאַהנען אָן אייער פערגאַנגענהייט, דעם זאָל דער טייוועל צונעהמען! און קיינער וועט דאָס גאָר אויך נישט טהון! — — — — איך האָב דאָס מיר אַזוי — — — אויסגעטראַכט! — האָט ער אַ רעכט ביסעל פערשעמט געענדיגט.

אננאַ איז פון זיינע ווערטער אַזוי צערודערט געוואָרען, אַז זי האָט צוערשט קיין וואָרט נישט געקאָנט ענטפערן. ענדליך האָט זי זיך צוזאַמענגענומען און מיט גרויס אָנשטרענגונג געזאָגט:

— איהר ווייסט נישט וואָס איהר רעדט. — דערמאַהנט עס מעהר נישט, קיינמאָל נישט, הערר דווואַראַל, קיינמאָל נישט! איהר הערט! איך וויל עס נישט! — — — איהר דערלאַנגט מיר דאָ אַ זיס פערפיהרערישען געטראַנק; אָבער עס איז פערגיפטעט. איך וויל נישט.

קאָן נישט און דאַרף נישט מעהר פון דעם אַוואָרט הערען, איהר פערשטעהט! אָבער איך שווער אײַך, אַז איך וועל די דאָזיגע שעה קײנמאָל נישט פערגעסען, קײנמאָל נישט! איהר זײַט אַנ׳עדלער מענש, און די דאָזיגע ערוואַרטונג וועט מיר זײַן הײליג!

— אָבער זאַנדערס, קינד, וואָס רעדט איהר — — —

— גענוג! קײן וואָרט נישט מעהר דערפון, ליעבער פרײַנד! פערשטעהט מיך נישט פאַלש, איך וויל נישט איהר זאָלט מיך פערלאָזען! בלײַבט מיר אַ גוטער פרײַנד. פון הײַנט מאָל אָן פערטרוי איך זיך אויף אײַך אין גאַנצען, און — — דערבײַ האָט זי זיך פונאַנדערגעווײנט און האָט זיך בײַם טיש געזעצט. ער איז צו איהר צוגעלאָפען און האָט איהר ליַ...ט די האָר געגלעט, און מיט אַ ציטערנדיגער פון טרעהרען פערשטיקטע שטימע האָט ער געזאָגט:

— קינד, קומט וועניגסטענס מיט צו די נײַע גריכען! איך שווער אײַך, אַז איהר וועט דאָרטען טרעפען אַזעלכע מענשען וואָס וועלען אײַך זעהר נוצליך זײַן.

— איך געה מיט, דוואַראַל, איך זאָג עס אײַך צו! די ערשטע זיצונג נאָך יום טוב. וועל איך זעהר גערן מיט־מאַכען, אויב איהר וועט מיר נאָר דאַמאָלס וועלען מיטנעהמען.

— אויב איך וועל דאַמאָלס וועלען מיטנעהמען? אַ שאלה דאָס איז אַ ביסעל! אַלע ערוואַרטען דאָך אײַך מיט אָפענע אָרעמס! — —

דוואַראַל איז אַרויסגעגאַנגען און האָט אַננאַ׳ן איבערגעלאָזען פערטיעפט אין שטורמדיגע געדאַנקען. האָט זי ריכטיג געטהון, וואָס זי האָט די דאָזיגע בכבוד׳יגע רעטונג, וואָס דוואַראַל האָט איהר אַזוי האַרציג אָנגעבאָטען, נישט אָנגענומען? האָט זי עס געראַרפט, האָט זי עס געקאָנט פאַר אָטטאָן, פאַר זיך גופא יוצא זײַן? איז דאָס נישט געוועזען אַ שטריק, וואָס מען האָט איהר, וועלכע איז אין אַ טיעפען גרוב אַרײַנגעפאַלען, צוגעוואָרפען בכדי איהר פון דאָרט אַרויסצוציהען? זי האָט נאָכגעקלערט. דער קאַמפּף פאַר׳ן דאַזײַן וואָלט זיך ווײַטער געגאַנגען. איהר גורל אָנקניפּען צו דוואַראָלס איז אַ שווערער נסיון, זי וואָלט ווײַטער נעמוזט אַרבײַטען און קעמפּפען. אפשר נאָך שווערער און האַרטנעקיגער ווי פריהער, דען זי וואָלט בעדאַרפט זײַן לײַכטזיניגע אָבגעלאָזענע נאַטור בעקעמפּפען און פון איהם אַ גאַנץ אַנדערן מענשען מאַכען! אָבער זי וואָלט דאָך פון איהר שרעקליכע לאַגע פאַר דער וועלט גערעטעוועט געוואָרען! זי וואָלט דאָך איהר חרפה פון

זיך געקאָנט רייִן אַראָבוואַשען! — — — — — — — און דאָך, אַ שוידער איז איהר דורך אַלע ביינער דורכגעגאַנגען. פֿון זײַנע בליקען האָט אַרויסגעקוקט נישט נאָר די עדלע מסירות־נפש פֿון אַ טרײַען פֿרײַנד! ניין, עס איז עפּיס נאָך וואָס דרינען געוועזען! עס איז געוועזען דאָס בעגעהרען פֿון אַ נאָך יונגען, קרעפֿטיגען, צו ליעבען פֿעהיגען מאַן — — די מעגליכקייט פֿון אַן׳אויפֿגעוואַכטע לײַדענשאַפֿט. און דערפֿאַר האָט זי זיך שטאַרק געשראָקען. דאָס האָט איהר געעקעלט. אָטטאָ פֿאָן קאַנטהאַגען איז איהר פֿאַר די אויגען געשטאַנען. אַלץ וואָס זי האָט פֿערמאָגט אַלס יונגע לעבענס־לוסטיגע, ליעבעס־בעגיעריגע און לײַדענשאַפֿטליך אויפֿברויזענדע — האָט דאָך נאָר איהם געהערט. אפשר ווייל זי איז פֿון קינדהייט אָן געוועהנט געוועזען נאָר פֿון איהם צו טראַכטען, ווייל זײַן שעהנקייט, זײַן גאַנצעס בענעהמען איז צום פֿערפֿיהרען בעשאַפֿען געוועזען! — און מערקווירדיג, גראַד יעצט, ווען דוואַראָלס ציגאַר האָט איהר צימער נאָך מיט איהר גערוך אָנגעפֿיהלט, ווען זײַן געשטאַלט איז נאָך דײַטליך פֿאַר אידרע אויגען געשטאַנען — — — גראָד יעצט האָט איהר בעוועלטיגט אַ שרעקליכע, גליהענדע בענקשאַפֿט נאָך קאַנטהאַגען. עפּיס אַ מין נצחון, וואָס אַמאָל איז ער אין גאַנצען איהרער געוועזען! — און באַלד דערויף האָט איהר בעהערשט אַ פֿאָלשטענדיגער צוזאַמענבראָך פֿון אַלע איהרע געפֿיהלען דורך דעם, וואָס זי האָט איינגעזעהן, אַז ער האָט געגען איהר געהאַנדעלט ווי דער פֿערדאָרבענסטער מענש אויף דער וועלט, אַז ער האָט איהר שוין היינט אין גאַנצען פֿערגעסען און פֿיהלט זיך איבערגליקליך מיט אַן׳אַנדערער. —

אין די ערשטע פּאָר טעג יום־טוב איז בײַ פֿרוי ראַט באָלל אין פּענסיאָן פֿאַר מיטאָג רעכט שטיל געוועזען. די הערדען זײַנען דאָס רוב געווען אַוועקגעפֿאָהרען. די דאַמען מיט דער פֿרוי ראַט באָלל אין דער קירכע. אַננאַ האָט די פֿרוי קאָך מיט דעם קליינעם אין טיער־גאָרטען אַוועקגעשיקט. זי האָט געוואָלט ענדיגען איבערשרייבען די נאָוועלע, וואָס אַ בעריהמטע שריפֿטשטעלערין האָט איהר דורך דוואַראָלס רעקאָמענדאַציע געגעבען איבערצושרייבען. — די רוהיגקייט אָבער, וואָס האָט אַרום און אַרום געהערשט, האָט איהר נערוועזיש געמאַכט. אין איהר איננעווייניג האָט עפּיס אונרוהיג געאַרבייט. איהר זעלע האָט געדאָרשט נאָך מוזיק. זי האָט זיך אויפֿגעהויבען און איז אין זאַל פֿון דריטען עטאַזש אַרונטערגעגאַנגען. דאָרט איז געשטאַנען דאָס קלאַוויר און דער נאָטען־

שראַנק פרײַ פאַר אַלעמען. — אַ נ נ אַ האָט זיך ווײַטער נישט אַרומגעקוקט. זי איז זעהר מוזיקאַליש געוועזען און האָט אַלץ געקאָנט נאָך דעם געהער שפּילען. זי האָט אָנגעהויבען לאַנגזאַם שפּילען, און פון איין שטיק צום אַנדערן איבערגעגאַנגען, אַלץ מיט מעהר אויפרעגונג אין גאַנצען צו דער מוזיק איבערגעגעבען. און נישט וויסענדיג אַליין ווי אַזוי — איז זי געקומען צו דער אָפּערע „באַיאַצי". — —

מיט דער מוזיק האָט זי אין האָטעל אין צ י נ אָ ו ו י ט ש דעם שפּאַציערענגעהער אין זאַל אַרײַנגעצויגען. ק אַ נ ט ה אַ ג ע ן בעצויבערט פון די וואונדער-שעהן קלינגענדיגע טענער איז אין זאַל אַרײַנגעקומען. מען האָט זיך דערקענט, בעגריסט. עס האָט זיך אָנגעהויבען די אַלטע שפּיעל, דער אָנהויב פון'ם סוף! — — — זי האָט ווײַטער געשפּיעלט, דעם קאָפּ טיעף אַראָבגעלאָזט אין אַ שוואַכע האַלטונג. נישט מערקענדיג אַליין זענען איהר אין שוים טרעהרען געראונען. — אַ נ נ אַ האָט נישט בעמערקט, אַרײַנקומענדיג אין זאַל און צולויפענדיג צום קלאַוויר, אַז י ו ל י ע ב אָ ר-מ ע ר איז געזעסען אין אַ ווינקעל מיט אַ בוך אין דער האַנד. די בילינגע פּאָרטיערען וואָס האָבען זיך אין זאַל געפונען האָבען איהר פערשטעלט. — די ב אָ ר מ ע ר איז געבליעבען זיצען זיך נישט ריהרענדיג פון אָרט. ווען זי האָט די מוזיק שפּיעלענדע בעטראַכט, צוערשט מיט אַנטיפּאַטיע פולע בליקען, דערנאָך אַ ביסעלע ווייכער ווערענדיג האָט זיך איהר דאָס האַרץ צוזאַמענגעפּרעסט. אַ נ נ אַ ס האַלטונג, איהרע טרעהרען, די וועקסלענדיגע מינעס אויף איהר געזיכט און די שווערע ערנסטע קלאַנגען האָט איהר, קעגען איהר ווילען, טיעף געריהרט, זי האָט זיך פאַרזיכטיג אויפגעהויבען און האָט געוואָלט פּרובען שטיל און אונבעמערקט צום טהיר צוקומען און זיך צוריקציהען. עס האָט אָבער אַ קנאַק געטהון באַלד ווי זי האָט זיך נאָר פון שטוהל אויפגעהויבען. זי האָט זיך דערשראָקען און די שפּיעלערין האָט זיך אַרומגעקוקט. איהרע פינגער האָבען זיך האַסטיג פון די קלאַוויר-שען אויפגעהויבען נאָכלאָזענדיג אַ מאָדנעם נישט אַנגענעהמען קלאַנג, און זי האָט מיט אַ האַלב דערשראָקענער שטימע געזאָגט:

— פרײַלײַן ב אָ ר מ ע ר, איהר זײַט דאָ? פאַרדאָן, איך האָב נישט געוואוסט, אַז איהר זײַט דאָ געוועזען, און רעדענדיג האָט זי זיך די נאָך פערעלדיגע טרעהרען פון איהרע אויגען אויסגעווישט. — —

— ביטע, דער זאַל איז פאַר אַלעמען און איהר האָט אויף איהם דאָס איינציגע רעכט וואָס איך! — —

— איך וואָלט אייך דאָך אָבער צוערשט געפרעגט אויב איהר זייט יעצט אויפגעלעגט צו הערען מוזיק, — האָט אַננאַ זיך אָבגערופען. — נאָר איך האָב געמיינט, אַז איהר זייט אין דער קירכע! — —

— איך? דאָס איז גוט, וואָס האָב איך דאָרטען צו טהון? — האָט די באָרמער געלאַכט. — —

— ווייס איך, עס איז דאָך היינט וועהנאַכטען — — — — תפלה טהון! — —

— נו, טאָ פאַר וואָס זייט איהר נישט געגאַנגען אין דער קירכע? ווען דער יום־טוב האָט אייך אַזוי אַ חשק צום בעטען אַריינגעגעבען! — —

— ליעבעס פריילעין, ווער עס האָט אַזוי פיעל געבעטען און אַזוי פיעל אומזיסט צום הימעל געשריגען אַזוי ווי איך, דער קומט סוף כל סוף צו דער איבערצייגונג: אַז דער דאָ וואָס זיצט אויבען טהוט וואָס ער וויל! און דיין תפלה איז אַן׳אומזיסטיגע אויב נישט אין גאַנצען אַ נאַרישקייט! — —

— אַזוי, איך נעהם עס אויף אַלס אַ בעווייז פון שוואַכקייט! פאַר מיר איז אַלץ, וואָס קעהר זיך אָן מיט רעליגיאָן — — — אָבגעווירטשאַפט. העכסטענס טויג עס נאָך אום דעם פעבעל אַ ביסעל איינצוהאַמעויען, ווייטער — —

— אָה, ניין, — האָט אַננאַ זיך אָבגערופען — זי איז מעהר ווי דאָס! עס איז געוויס אַן׳אָנשפּאַר און אַ שוץ פאַר דעם וואָס קאָן גלויבען! איך בין מקנא יעדערן; אָבער איך קאָן נישט מעהר, נאָך דעם וואָס איך האָב אַלץ געזעהן און דערלעבט! — —

די באָרמער האָט געצווינגען מיט די אַקסלען און האָט אַננאַ׳ן פינסטער אָנגעקוקט:

— הייסט עס, אַז איהר זייט אויף דעם ליעבען הערר גאָט ברוגז און איהר האָט איהם געקינדיגט? דאָס איז אייך געראָטען! אייגענטליך איז ער דאָך געוועזען; נון, איך מיין, — — — יעדער האָט זיך גופא זיין מזל אויסגעשמידט. ווען דאָס וואָלט זיך נישט איינגעגעבען, וואָלט דאָך נישט געווען קיין גרונד די אַזוי גענאַנטע רעליגיאָן אָן אַ זייט צו לעגען, נאָר איך מיין גראָד פערקעהרט! מען פליהט צוריק און מען קלאַמערט זיך אָן, ווען מען פיהלט זיך שולדיג און מען בעט מוחל זיין!

— זעהר ריכטיג — — — — — — אפשר! איך האָב מיר מיין מזל זעלבסט אויסגעריבט. ווען איך וואָלט אָבער געוועזען אַ פאַטאַליסטין אָדער אַן׳עכטע קריסטין, דאַן מוז איך אין אַ געוויסען זין די שולד אויף גאָט אַרויפוואַרפען און זיך דערביי טרייסטען. ער האָט די פרטים אַזוי איינגע=

ריכטעט, ער האָט עס אַזוי געוואָלט, ער האָט מיך אפשר געוואָלט אויס-
פּרובירן און איז אַלזאָ מײַן מיטשולדיגער געוואָרן. אָבער נײן, נישט אַזוי
מײן איך, די קויל האַלט זיך אין קויקלען, ווי עס קייקעלט זיך, וואו
עס האַקט אָן, דאָס איז שוין דאָרטען אויבען קײן נפקא-מינה נישט! אין
דעם זין בין איך אויך מיט דער רעליגיאָן פאַרטיג און פיהל מיך אַליין פער-
אַנטוואָרטליך פאַר אַלץ וואָס איך טהו און פאַר די פאָלגען דערפון! —

— זעהר גוט! אַזוי מײן איך אויך! וועט איהר פרײַלײַן זאַנדערס, הײַנט אַנדערש זיך אויספיהרען, ווען איהר וואָלט די וויכטיגסטע קאַפּיטלען פון אײַער לעבען נאָך אַמאָל קענען איבערלעבען? — —

די באָרמער האָט אַננאַ'ן וועלכע האָט זיך דערבײַ איהר ענטקעגען געזעצט, שאַרף אָנגעקוקט.

— וואָס פאַר אַ שאלה?! אָהן אַ שום ספק!

— הײַסט עס — — — איהר האָט חרטה?! — — — חרטה אויף אײַער פערגאַנגענהײַט, פערצײַהט מיר, אָבער — — —

— ביטע, מיר זענען אַליין, פרעגט און רעדט וואָס איהר ווילט, פרײַלײַן באָרמער! — אַננאַ האָט געזוכט צו געווינען די סימפּאַטיע פון דער דאָזיגער פרוי, וועלכע האָט זיך מיט איהר אַזוי פון ווײַטענס געהאַלטען. —

— וואָלט איהר געוואָלט האָבען עס זאָל נישט זײַן געפּאַסירט? — —

— געוויס, געוויס! —

— נישט אַפילו דעם מוט האָבען, אַז די טהאַט וואָס איהר האָט אַלס קלאָרער און בעזאָנענער מענש געטהון? —

אַננאַ האָט ביטער געלאַכט: — צוויי פאַלשע אויסדריקע מוז איך אײַך, די בעוואוסטע רעדנערין און לאָגיקערין צוריק נעהמען. אײנמאָל דעם אויסדרוק „די טהאַט" און דעם צווייטען מאָל דעם אויסדרוק „געטהון"! גלויבט איהר, אַז איך האָב מיר מײַן קינד מחמת פּרינציפּ גענומען? —

— דאָס וואָלט איך גאָרנישט געהאַלטען פאַר קײן אונרעכט, אדרבא איהר וואָלט דערמיט בײַ מיר אין די אויגען אויסגעקומען פיעל אָרענטליכער, איהר האָט דערצו די פולע רעכט געהאַט! —

— אַ, דאָס איז שוין גאָר אַ נײַע טהעאָריע! אָ, נײן, מײַן פרײַלײַן, איך האָב דערצו קײן רעכט נישט געהאַט, אַזוי לאַנג ווי מיר לעבען אין אַ מדינה וואָס איז געשטיצט אויף רעכט און גערעכטיגקײַט! —

— באַה, ווען איהר וואָלט אין געלד זאַכען אונאַבהענגיג געוועזען, וואָלט איהר, נישט דעם מאַן, אָבער דאָס קינד געוואָלט האָבען? —

— איך בעט אייך זעהר, דעם מאַן ניִשט, ניִשט! אָבער דאָס קינד? טפוי, איהם אַלזוי בלויז אַלס מיִטעל צום צוועק האָבען? דאָס העכסטע, דאָס הייליגסטע, וואָס מיר קענען האָבען דאָס קינד — פון אַ מאַן, וואָס מען ליעבט ניִשט? עפּיס ווי מען מאַכט אַ חשבון? ניין, ניין! דעריִבער נעהם איך פון אייך פריילײַן באָרמער צוריק דעם אויסדרוק „אַלס קלאָרער און בעזאָנענער מענש געטהון"! — אַלס אַ פרוי וואָס רעדט צו אַ צווייטער פרוי! — — — וואו עס שטעהען זיך דער מאַן מיט דער פרוי אין דער ליידענשאַפט איינס קעגען אַנדערן, הערט דאָס קלאָרע בעזיִנען זיך אויף! דאַמאָלס איז נאָר פאַרהאַן — — אָדער אַ גלייכער פערלאַנג פון ביידע צדדים זיך צו בעטײַבען אין אַ שכרות׳דיגען רויש וואָס לאָזט פאַר קיין לאָגיק מעהר קיין אָרט ניִשט, אָדער אַ ברוטאַלער ווילען, אונטערוועלכען דער שוואַכערער גיט זיך אונטער. און אויך דאָ קומט עס צו אַזעלכע מינוטען, ווען עס קאָן מעהר פון קיין קלאָרעס דענקען קיין רעד ניִשט זיין!

אַ נ נ אַ האָט זיך פערקוקט אויף דעם קעגענאיבערליגענדען דאַך, די פאַרב אויף איהר געזיכט האָט זיך יעדע מינוט געוועקסעלט. — יוליע באָרמער׳ס באַקען האָבען געגליִהט. מיט צוזאַמענגעקוועטשטע אויגען האָט זי אויף אַננאַ׳ן געקוקט. אַרום איהר מויל האָבען זיך צוויי טיעפע ליניען איינגעגראָבען. — וואָס האָב איך אַלץ געקעמפּפט און געאַרבײַט און שטודירט! — — — איך בין ניִשט מיאוס, און אויך אין מיר לעבט און שטרעבט אַלע ווייבערישע עמפּפינדונגען! וויפיעל האָב איך דעריִבער געקלערט און געפּאָרשט און געגריבעלט. איך זיץ אָבער דאָ ווי אַ דומע פאַר דער וואָס ווייסט, ווי אַ הונגעריגע פאַר אַ זאַטע! — אַזוי האָט זי זיך געטראַכט און פון איהרע אויגען האָבען אַרויסגעשטראַהלט חשד, קנאה, כמעט שנאה. זי האָט איהרע אויגען געשווינד אויפגעשלאָגען אויף אַננאַ׳ן, גלייך ווי זי וואָלט איהר ביז אין איהר טיעפסטע פערבאָרגענקייט געוואָלט אַריינקוקען, פון די דאָזיגע בליקען אָנגעצויגען האָט די זאַנדערס איהר אָנגעקוקט. זי האָט זיך דערשראָקען.

— זאָגען זי מיר, פריילײַן, — האָט יוליע מיט אַ הײַזעריגליכער שטימע אָנגעהויבען, — איהר לייקענט הײַסט עס אין גאַנצען אָב דעם פאַקט: אַז דאָס קינד קומט נאָר אַלס צוועק פאַר זיך נופא? איהר ווילט נאָר דאָס פער׳שכור׳דיגע ליידענשאַפט אַלס מאָביוו! טאָ ווי קומט נאָך איך אויס די גאַנצע עהע? קומט נאָר אַזוי ווי איך אין די דאַך- און קעלערשטיבלעך! קוקט זיך נאָר צו צום עלענד און קינדער-צאָהל וואָס דאָרטען

געפינט זיך! פרעגט צי ווייסען גאר אט די דאָזיגע אָנגעמאַטערטע און ביז צום לעצטען טראָפּען מאַרך אויסגעהאָרעוועטע מענער און פרויען פון דעם פער'שכּור'נדיגען רויש? מיר דאכט זיך, אַז זיי ברענגען נפשות אויף דער וועלט קענען זייער אייגענעם ווילען, האַלב צווישען שלאָפען און װאַכען! —

— דאָס גלויב איך אויך פרײַלײַן באָרמער! — האָט אַננאַ אָבּ־געענטפערט. — אָבער ווי קומט עס דערצו?

— דאָס זענען אַזעלכע רעטענישען, וועלכע מיר וועלען קיינמאָל נישט קענען אויפלעזען! מען קאָן די אונטערשיידען צווישען מענשען פון דער וועלט נישט אָבשאַפען. ווען דער מיליאָנער קאָן זיך ערלויבען דעם לוקסוס זיך אָנצושאַפען אַ ווילע מיט'ן גרעסטען קאָמפאָרט קאָן זיך עס אָבער דער אָרעמאַן נאָך נישט ערלויבען! וואָס עס קאָן אין דער עהע ווע־רען צי אַ קללה אָדער אַ ברכה, וואָס עס ווערט געזינדיגט אונטער דעם דעק־מאַנטעל פון דעם לעגיטימירבען, דאָס זעהען מיר דאָך אומעטום! אָבער — — זי האָט פּלוצלונג אויפגעהערט צו רעדען.

— ענדיגען זי דאָך, מײַן הימעל, מיר זענען דאָך אייגענע מענשען.

— אַלץ וואָס ס'איז נאָר מענשליכעס איז מיר נישט פרעמד! — האָט יוליע האַרט געענטפערט. — איך שטעה אין דער בעוועגונג און געהער צו די פאָרקעמפּפערינען, וואָס ווילען די אַלטע מויערן אײַנברעכען! דאָס האָב איך דאַמאָלס דער בּ אָ ל ל געזאָגט! — נעהמט איך דאָס קינד ווען איהר ווילט. —

— ווען מיר בעקומען אָבער דאָס קינד נישט ווילענדיג, אַפילו נאָרנישט טראַכטענדיג וועגען דעם? ווען מיר האָבען נאָר דעם מאַן גע־וואָלט און זײַענדיג איבערוועלטיגט און פערנאַרישט איהם דאָס העכסטע וואָס מיר פערמאָגען אַוועקגעגעבען? — — — גיבט איהר דען מיט אײַערע בעשטרעבונגען צו פרײַהייט אונז דאָס רעכט אויף דעם מאַן, נישט מורא האָבענדיג פאַר די פאָלגען וואָס ווילען דערפון אַרויסקומען? — —

יוליע האָט אין פלוג נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן נאָר נאָך־דעם ווי זי האָט אַ ווײַלע געקלערט האָט זי זיך אָבגערופען: — יעדעס רעכט איז פרײַ, און מיט געדעמפּפטער שטימע האָט זי צוגעגעבען: וואויל איז דעם וועך עס דערגרייכט צו אַזאַ הויכען פונקט וואו עס הערט אויף דאָס פערשאָלטענע קלערעניש! וואויל איז דער, וועלכע געפינט אַ מאַן, אויף וועלכען זי קאָן האָבען רעכטען!

אַננאַ האָט צוזאַמענגעשראָקען. זי האָט געקוקט אין דאָס אומעטי־גע געזיכט פון דער באָרמערן און אַ שוידער איז איהר דורך אַלע גליע־דער דורך: זי האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן דאָס דאָזיגע מיידעל און אַ רחמנות געפיהל האָט איהר האַרץ צוזאַמענגעפרעסט.

— פרײַליין יוליע! — האָט זי ווי אָהן זיך אויסגעשריען און זיך פון איהר אָרט אויפגעהויבען. —

— וואָס ווילט איהר? — האָט יוליע שטיל געפרעגט.

— ליעבעס פרײַליין, — האָט אַננאַ מיט אַ בעטענדיגע שטימע גע־זאָגט, — זאָגט מיר דעם אמת! איהר איינע האָט מיר פון אַלע וואָס וואהנען דאָ אין פּאַנסיאָן בעוויזען שנאה און נישט גונסטיגקייט! איהר זייט די איינציגע וואָס האָט מיין קינד נישט פערצערטעלט! פאַר אייך האָב איך מעהר ווי פאַר אַלע זיך געשעמט און געגרעמט. איהר זייט צו עדעל, צו הויך איך זאָל אייך קענען חושד זיין, אַז איהר האָט מחמת גאוה און שטאָלץ קענען מיר אַזוי געהאַנדעלט! איך בעט אייך, זאָגט מיר וואָס האָט איהר קענען מיר?

יוליע האָט זיך אויך אויפגעהויבען פון איהר אָרט. זי איז אין צימער אַרײַנגעגאַנגען, האָט עפּיס ווי געזוכט אין די ביכער, וואָס זענען אויף דעם טיש געלעגען און געזאָגט: יאָ, — ס'איז אמת, איך האָב אייך פיינד געהאַט! איך האָב מיך געעקעלט פאַר אייך! איך בין געוועזען אַנ־אַנהענגערין פון פרײַע ליעבע, פאַר קינדער אָהן התונה, אָהן חופה וקידושין; אָבער אַלץ אין דער טהעאָריע, אַלץ אין פּרינציפּ! איך האָב געהאָפט צו געפינען אין אייך די נײַע, שטאַרקע פרוי! איהר זייט אָבער געקומען פערגרעמט, פערשעמט! נישט פרײַ און שטאָלץ, נאָר עפּיס שרעקענדיג און שעמעוודיג! און אַרום אייך האָט זיך געוועבט דער צויבער פון עפּיס אַזאַ ווייכען, אַזאַ ווײַבליכען עראָטיק! עפּיס זייט איהר אין גאַנצען אַזוי ווײַבעריש — — עפּיס אין גאַנצען — — — — — — — — איהר וואַרפט אום אַלע פּרינציפּען, איהר מאַכט צו נישט אַלע טהעאָריעס! איך וואָלט אייך וועלען בעשולדיגען — אָבער איך קאָן דאָס נישט! איך וואָלט אייך צו־געשמייכעלט — איך וויל דאָס אָבער נישט! איך בין צוליעב אייך אַרײַנגע־פאַלען אין ספקות און פערשטעה נישט מעהר די וועלט, טויזענדער פראַ־גען דערשטיקען מיך· נישט שיער — — — —

— טאָ פרעגט זשע, און אויב איך וועל נאָר האָבען בכח אייך צו ענטפערן, וועל איך אייך ענטפערן! — האָט אַננאַ געזאָגט שווערמיטיג.

און אין דער דאָזיגער פּאָזע זענען זיי ביידע געשטאַנען. יוליע

האָט געפרעגט קורץ, שווער־אָטהעמדיג און אַננאַ האָט געענטפערט ערנסט און אין קורצע ווערטער.

— פון וואַנען האָבען זי דאָס קינד? איך מײַן — — ווי — — —

— איך בין אַ פעהלער בעגאַנגען, איך האָב זיך גלאָזט אײַנרעדען!

— האָט איהר אײַער פערפיהרער געליבט?

— מיט דעם גליהענדסטען פײַער, צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד, — דערבײַ האָט אַננאַ שווער אָבגעזיפצט.

— האָט ער אײַך אויך געליבט?

— אַזוי האָט ער מיר וועניגסטענס פײַעריג געשוואָרען און איך האָב איהם געגלויבט.

— איז ער אײַער ליעבע ווערט געוועזען? פאַר וואָס האָט ער אײַך אַוועקגעוואָרפען?

ער איז געוועזען אַ לעבע־קינד, געהאַט שלעכטע קאָלעגעס און — — שוין זאַט.

— האַסט איהר איהם הײַנט?

— איך ליעב איהם נאָך!

— ענטשולדיגט איהר איהם?

— נײַן!

— קאָן מען דען ליעבען ווען מען פעראַכטעט?

— איך קאָן!

— האָט איהר חרטה אויף אײַער בעגעהן?

— יאָ!

— יאָ?? — האָט פרײַלײן באָרמער געפרעגט און דערבײַ געקלאַפּט מיט די פיס אויף דער פאָדלאָגע.

— יאָ, איך האָב חרטה, שטאַרק חרטה!

— פרײַלײן זאַנדערס!?

— פרײַלײן באָרמער?

— ווען איהר האָט איהם געליבט?

— נישט קוקענדיג אויף דעם!

— ווען איהר האָט דורך אײַער געליבטען בעקומען דאָס העכסטע מיסטעריום פון דער ליעבע?

— ליעבער הימעל! —

— וואָס מײַנט איהר דערמיט?

— אַז דיעזעס מיסטעריום קעהר זיך מיט דער ליעבע גאַנץ וועניג אָן

— אזוי ?

— יאָ !

— און האָט איהר איהם דען ניִשט דאָס קינד צו פערדאַנקען ?

— מײַן קינד אָבער האָט מיר פאַר זײַן לעבען גאָרניִשט וואָס צו דאַנקען !

— הײַסט עס, איהר ליִעבט אײַער קינד ניִשט? איהר ווילט איהם ניִשט האָבען ?

— מוטער און קינד זענען איינס! ווי קאָן מען עס ניִשט ליִעבען? ווי קאָן מען אויסקומען אָהן דעם ווען עס איז שוין דאָ? געוואָלט האָב איך עס געוויִס ניִשט!

— נאַ, אוראי איז אַנגענעהמער צו זינדיגען און ניִשט דאַרפען שפּעטער לײַדען פון די בּיטערע פרוכט פון דער זינדע, — האָט באָרמער זיך אָבגערופען שאַרף. אננא האָט דערויף גאָרניִשט געענטפערט.

— ענטשולדיגען זי, אָבער קאָנט איהר אײַך פאָרשטעלען איהר זאָלט מיט דעם דאָזיגען מענשען נאָך אַמאָל — — —

— ניין, ניִשט האָבענדיג חתונה געהאַט, ניִשט!

— אזוי, הײַסט עס איהר זײַט אויסגערעכענט, דען איהר ליִעבט איהם נאָך, און מיט דעם געליִעבטען — — — — — — ס'הײַסט אַלזאָ ניִשט צוליִעב אָנגעבאָרענער שטאָלץ, ניִשט צוליִעב טיִעף אינערליכער טוגענד — — — —

— שטאָלץ פערשווינדעט, ווען מען ליִעבט אזוי! און אויסגערעכענטקײַט איז טוגענד — — —

— טפוי, דאָס זענען פוסטע פראַזען! — —

— ניין, דאָס איז ערפאַהרונג!

— אָבער חתונה האָבען מיט איהם וואָלט איהר געוואָלט.

— דאָס וואָלט פאַר מיר דאָס גרעסטע גליק געווען!

— אַהאַ, חתונה האָבען, זיך אָנטהון אַ צוואַנגס-יאַקע, זיך צוגעוועהנען צו דער פערשקלאַפונג, און אַלע אמת'ע געפיהלען אָבשוואַכען, אָבקיהלען — — — — —

— דאָס חתונה האָבען איז דאָס איינציגע ווען מען ליִעבט!

— אַלזאָ, הײַסט עס, איהר ברויכט, ווען איהר ליִעבט, צוערשט אַ ערלויבניִס פון דער פּאָליציי און פון דעם גײַסטליכען? —

— יאָ, איך ברויך בײדעס, כדי מײַן זעלע צו בערוהיגען, אָרדנונג אין מײַן װעזען צו ברענגען! אַזוי גוט װי איך װאַש מיר, קלײד מיר, כדי אָרדנונג אין מײַן קערפּער צו ברענגען!

— אַזוי, אַ בעקװעם לעבען! פּשרות מאַכען! —

— געװיס, געװיס. נאָר װען מיר האָבען חתונה, קרעפּטיגען מיר אונזערע אילוזיאָנען, װען מיר האַלטען אײן די געזעצען און מעקען אויס פון אונזער פאַנטאַזיע דאָס נאַרישע ליגען פון אינדיװידועלע פרײַהײַט, דאַמאָלס קומען מיר צו דער רוהיגקײַט, צום גליק!

— קומט אויס, לויט אײַער מײנונג נאָך, אַז דאָס גאַנצע בעשטרעבען פון מענשען דאַרף זײַן צו זײַן גליקליך דאָ אויף דער ערד. און אויף יענער װעלט?

— אין קײן יענער װעלט גלויב איך נישט! דאָ, אויף דער װעלט װיל איך מיר מײַן גליק שאַפען.

— דאָס העכסטע גליק האָבען — — — — — זי — — — — דאָך שוין גענאָסען?! — — —

— איך? נײן, פרײַלײַן, דאָס איז נאָר פאַרהאַן װען מען לעבט אין זיטליכער אָרדנונג.

— װי שװאַך און טרויעריג איהר זײַט!

— עס קאָן מעגליך זײַן.

— די באָרמער איז פון צימער אַרויסגעגאַנגען לײַכט שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. אַננאַ איז געבליבען אַלײן מיט איהר קומער. יוליע האָט זיך װידער געהאַלטען מיט איהר פון דער װײַטענס; אָבער איהרע אויגען זענען שוין נישט געװעזען פול מיט שנאה, נאָר מיט אַ שטענדיגען פערגרײבעלטען פרעגענדיגען בליק. —

---

## אכטעס קאַפּיטעל.

עס איז געװעזען נײַן דעם זײגער. אַ פראָסטיגער קלאָרער יאַנואַר־אָבענד. אַננאַ איז צוזאַמען מיט דעם יונגען רויך און דװואַראָל אין די בערלינער גאַסען געגאַנגען. זי האָט געזעהן די פינקעלדיגע שטערען; דעם הויך פון איהר אָטהעם און געהערט װי איהרע אַבזאַטצען פון די שיך האָבען אויף דעם שטײנערנעם ברוק געקלאַפּט. שמערצהאַפט האָט

זי עמפּפונדען די געזונדע פרישקייט פון דער דאָזיגער ריינער ווינטער־קעלט. זי האָט אַפילו נישט געוואָלט גיין, אָבער דער גוטהערציגער שריפטשטעלער האָט איהר אַזוי שטאַרק וועגען דעם געבעטען, אַז זי האָט איהם נישט געקאָנט ענטזאַגען. סוף כל סוף האָט זי שוין מעהר נישט געהאַט קיין תירוץ מיט וואָס איהם אָבצופאַרטיגען און האָט מיט איהם געמוזט מיטגעהן צו די נייע גריבען. רויך האָט בעמערקט מיט וואָס פאַר אַ פּיין זי האָט די דאָזיגע איינלאַדונג אָנגענומען און האָט באַלד ערקלערט אַז ער געהט מיט אַלס שוץ־ענגעל. ער איז אויך אַ שריפטשטעלער, חאָטש נאָר אַ מיטאַרבייטער אין איינציגע הומאָריסטישע בלעטער, וועלכע ער האָט מיט פערשידענע וויצען און אַנעקדאָטען פערזאָרגט. דוואַראָל איז אפילו מיט זיין חברותא נישט איבריגס צופריעדען געוועזען, ער האָט איהם אָבער נישט געקאָנט ענטזאַגען, נאָר דאָס האָט ער מיט איהם אויסגענומען אַ תנאי, ער זאָל בשעת דער זיצונג אַ ביסעל זיין לויזע צונג איינהאַלטען.

— נו, בעדאַרף מען יעצט אַראָבּרעדען זיך פון האַרצען אַלע באַרישקייטען וואָס האָט זיך ביי מיר שוין פון אַ לאַנגע צייט אָנגעזאַמעלט, — האָט רויך זיך אָבגערופען און האָט באַלד אָנגעהויבען דערציהלען און אויסשיטען אַלע זיינע פּוסטע וויצען איבער וועלכע ער גופא האָט הערצליך געלאַכט. דוואַראָל אָבער איז געווען אויפגערעגט און קיין געלעכטערס זענען איהם אין קאָפּ נישט געקראָכען. ער האָט געהאַט אויסזיכט צו בעקומען פאַר דער אָרעמער פרוי ערגיץ אַ שטעלע, נאָר ווייל די לעצטע צייט האָט זי געהאַט אַזוי פיעל אויסזיכטען און געוואָרען איז פון קיינער נישט, האָט ער דעריבער נישט געוואַגט פון די נייע האָפנונגען עפּיס צו רעדען. דער דאָזיגער מענש פון וועלכע די שטעלע פאַר אַננאַ'ן איז אַבהענגיג געווען האָט אויך היינט געזאָלט קומען אויף דער זיצונג, און דעריבער איז ער אַזוי אויפגערעגט געוועזען, גלייך ווי אין דעם וואָלט זיך געווענדט לעבען אָדער טויט.

— אָט דאָ זענען מיר שוין אויף אַנ'אָרט! — האָט דוואַראָל געזאָגט זיך אָבשטעלענדיג פאַר אַ בעשיידענער וואָהנונג.

— דאָ? — האָט רויך געפרעגט און האָט זיך געצויגען ביי דער נאָז. אַננאַ איז אויך עפּיס נישט ווילענדיג און אונזיכער מיטגעגאַנגען. זיי זענען איינציגע צימער דורכגעגאַנגען, אין וועלכע עס זענען וועניג געסט ביי קליינע טישלעך געזעסען. אין אַ דערבייאיגען צימער האָט מען געשפּיעלט ביליאַרד מיט גרויס התמדה. דערנאָך זענען זיי אויף אַ טרעפּ אַרויפגעקומען. רעכטס פון דער טרעפּ האָט זיך געפונען אַ גרויס צימער

אין װעלכען עס איז קענטיג געװעזען, אַז דאָרטען דאַרף זיך צוזאַמענקומען אַ פעראײן, עס האָט זיך געהערט דאָס לאַכען און פלוידערן פון אַ סך מאַנסבילשע שטימען אין דעם קאָרידאָר אַרױס; עס איז אָבער שװאַך געדעמפּפט געװאָרען דורך די דיקע פּריזע פאָרהאַנגען װאָס האָבען פערשטעלט דעם אַרײַנבליקען דאָרט. זײ זענען ביז צום ערשטען עטאַזש אַרױפגעשטיגען. — אַ שמאָלע גאַרדעראָבע אָן װעלכער עס האָבען זיך צװײ קלײנע זײַלען אָנגעשלאָסען, װאָס זענען אין אַ דערבײַאיגען גאָרטען אַרײַנגעקומען. אין דער רעכטער זײַט מעהרער נאָך פאָרנט צו איז געװעזען אַ גרױסער פאָרנעהמער זאַל מיט קלײנע דערבײַאיגע צימער װאָס אין איהם, לױט װי די אַהין און אַהער לױפענדיגע קעלנער האָבען געזאָגט, האָט מען אָבגעריכט אַ גרױסאַרטיגע חתונה. עס האָט זיך געהערט װי כלי־זמרים האָבען אָנגעשטעלט זײערע אינסטרומענטען און עס האָבען געקלאַפּט טעלער און גלעזער. —

— אַ שאָד, װאָס איך קאָן צו דער דאָזיגער סעודה קײן שותּף ניט זײַן! איך האָב גרױס אַפּעטיט צו די דאָזיגע כּבודים און טראַקטעמענטען װאָס זענען דאָ אױפ'ן טיש אָנגעשטעלט, — האָט רױך זיך אָנגערופען. די מאַדאַם באָלל האָט זיך הײַנט מיט איהרע קאָטלעטען און צוגעברױנטע קאַרטאָפעל ניט איבעריגס אױסגעצײכענט. איך קאָן די געריכטער איהרע די לעצטע צײַט ניט פערטראָגען! די אַלטע האָט אפילו געזאָגט אױף איהרע נאמנות אַז דאָס פלײש איז ערשט הײַנט געקױלעטע. זי האָט פאַר אונז דעם בעסטען חלק אױסגעקליבען, איך װײס מעהר ניט, אַז איך האָב בעקומען פּעך — מיר איז צװישען די צײהנער אַרײַנגעקומען בלױז מעהל, זעמיל־טײג און רינדערפּעט! דאָס פלײש האָט עפּיס געמוזט ערגיץ בײַ אַנ'אַנדערן אין טעלער פערבלאָנדזשען!

— איהר זײַט אַנ' אונדאַנקבאַרער מענש, — האָט זיך אַ נ נ אַ אָבגערופען, — הײַנטיגען מיטאָג איז שױן גאָר ניטאָ װאָס צו טאַדלען, מיר האָט עס גאַנץ גוט געשמעקט!

— װאָס אײַך האָט געשמעקט דערפון איז נאָך קײן ראיה ניט צו נעמען, — האָט רױך זיך געװיצעלט. — פאַר אײַך איז שטרױ אַנ'אכילה און רעגען אַ משקה. איך האָב מיך שױן װיפיעל מאָל אױף אײַך געװאונדערט, איהר עסט װי אין חלום און װײסען אַלײן ניט װאָס איהר שטעקט אין אײער װײַך, ערעל טײַלכעלע אַרײַן. דאָס האָב איך שױן פון שטענדיג אָן בעמערקט.

— הערט שױן אַ מאָל אױף מיט אײערע פױלע װיצען, — האָט

דוווארא ל פערדריסליך געזאָגט. מיר זענען שוין אויפ'ן ריכטיגען אָרט און מוזען די אויבערקלײדער אויסטהון. דארף איך אייך בעטען מיר אייער מאַנטעל צו געבען, פרײלײן זאַגדערס? ער האָט איהר געהאָלפען בײם אוועקגעבען איהרע זאַכען.

— עס מוז יעצט אַ ודאי אַ פאָרטראַג געלעזען ווערען, אַז עס איז אַזוי מאָדנע שטיל, — האָט דער שריפטשטעלער דערבײ געזאָגט, — זאָנסט קען מען דאָ הערען קולות אַזש צום טויב ווערען! און ווירקליך האָט מען דורך די טהירען אַרויסגעהערט אײניגע מיט התלהבות געזאָגטע ווערטער. אַ פרעמדער איז געשוואונד אויף די טרעפ אַרויפגעשטיגען און איז אין די גאַרדעראָבע אַרײן.

— סערוואוס דוווארא ל!

— סערוואוס פליניוס!

אָט אַזוי האָבען זיך די בײדע חברים בעגריסט און הערצליך די הענד געשאָקעלט. דער יונגער מאַן וואָס הײסט פליניוס, האָט אויסגעזעהן פערהונגערט, מאָגער אַז מען האָט איהם געקאָנט אַלע בײנער אויסצעהלען, געטראָגען האָט ער אַנ'אַלטען שטאַרק אָבגעטראָגענעם אַנצוג. ער האָט אַננאַ'ן מיט ווײט אָפען-געריסענע אויגען אַ ווײלע אָנגעקוקט, דערנאָך האָט ער איהר זײן האַנד אויסגעשטרעקט און געזאָגט:

— ווילקאָמען בײ אונז, פרײלײן מוטער, הערצליך ווילקאָמען!

— — — איהר בעדאַרפט אײך נישט צו שרעקען, אײער טיטעל איז בײ אונז אַנ'עהרען-טיטעל; איהר ווײסט דאָך אַודאי אונזערע פּאַראָלע: אויס-לעבען פונ'ם יחיד אין פרײהײט און שעהנקײט!

אננא האָט זײן האַנד אַ זעקונדע געדריקט. איהרע גרויסע אויגען האָבען געקוקט דערשראָקען און ערשטױנט אויף דעם יונגען מאַן. רויך האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט.

— איך מײן מיר זאָלען שטיל און פאָרזיכטיג אַרײנגעהן. די „סענסי-טיווי" לײענט יעצט פּאָר איהרע דיכטונגען. עס איז כדאי צו הערען! — האָט דוווארא ל גאַנץ שטיל געזאָגט, און האָט זײן קאָפּ צוגעבויגען צו דער אײנגאַנגס-טהיר. ער האָט די קלאַמקע אַ קוועטש געטהון, האָט די טהיר אויפגעמאַכט און די אַנדערע אַ וואונק געגעבען. אַלע זענען אויף די שפּיץ-פינגער אין דעם זאַל אַרײנגעגאַנגען, כדי נישט צו מאַכען קײן גערויש. צוערשט האָט אננא קוים עפּיס געקאָנט דערקענען. אַ דיקער נעבעל פון ציגאַרען-רויך האָט זיך איבער'ן צימער אַרומגעטראָגען, און די געסט האָבען געזאָרגט, אַז דער דאָזיגער נעביל זאָל חלילה נישט געמינערט

טערען און נאָכאַנאַנד פון זייערע מיילער איהם פרישע מאַטעריאַל צוגעבלאָזען. די לופט איז געוועזען שלעכט און הייס, טרוקען און דעמפיג ווי אין נישט געלופטערטע צימערן. ערשט שפּעטער, אַז זי האָט זיך שוין עטוואָס צום נעבעל צוגעוואוינט, האָט זי אין׳ם האַאָס ביסלעכווייז אָנגעהויבען דורכצודרינגען און דערקענען די איינצעלהייטען פון איהם. ביי איהר אַריינקומען האָבען זיך פיעל אומגעווענדט, דאָ און דאָרטען האָט מען זיך אין אויער סודות איינגערוימט, איינינע האָבען איהרע בעגלייטער צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ, באַלד אָבער האָבען זיי ווידער אויפמערקזאַם צוגעהערט די פאָרלעזערין, וועלכע איז געשטאַנען אין דער פערבינדונגס-טהיר צווישען די ביידע קליינע זאַלאָן-צימער. זי איז געוועזען אַ הויכע שלאַנקע פרוי מיט סעצעסיע פערקעמטע האָר. איהרע אָרעמס זענען שוואַך און אונבעהאָלפען אַרונטערגעהאָנגען און מיט אַ מאַטע טאָנלאָזע שטימע האָט זי דעקלאַמירט איהרע ווידערוויליגע מיסטיש-עראָטישע געדיכטע, נאָר ווען זי איז צוגעקומען צו די אינטערעסאַנטסטע ווענדונגען אין איהרע געדיכטע, איז איהר שטימע קלאַנגפולער געוואָרען! זי האָט בעקומען התלהבות און איז אַריין אין עקסטאַז; דאַמאָלס האָט זי אויסגעשטרעקט די לאַנגע פינגער פון איהרע בלאַסע הענד און האָט איהר שמאָל געזיכט פערצערט אין אַ שמערצליכער גרימאַסע. אָבער זי האָט געווירקט! צווישען איהר וועזען און איהרע דיכטונגען איז געוועזען אַ געוויסע האַרמאָניע און דערמיט האָט זי איהרע צוהערער צו זיך צוגעצויגען. —

— אַ משוגע געוואָרענער באַנדוואָרם אין אַ רעפאָרם-קלייד, — האָט דער סטודענט *אַננאַ*'ן אין אויער אַריינגעהאַקט. *אַננאַ* האָט עס געהערט אָבער נישט פערשטאַנען, וואָס ער מיינט דערמיט. איהרע בליקען האָבען געשוועבט אויף די פערשידענע צוהערער, וואָס טהייל זענען געזעסען ביי קליינע אָדער גרויסע טישען און טהייל זענען געשטאַנען אָנגעלעהנט אויף די ווענד.

אַ זאָנדערבאַר געפיהל האָט *אַננאַ* *זאַנדערס* בעהערשט. זי האָט פלוצלונג געפיהלט, אַז זי קאָן צו די דאָזיגע „נייע גריכען" בשום אופן נישט געהערן, אַז זי געפינט זיך יעצט אונטער אַזעלכע מענשען, וואָס געהערען גאָר צו אַ גאַנץ אַנדער ספערע. רבונו של עולם, וואָס פאַר מיני טיפּען האָט זי זיך דאָ אָנגעזעהן. בלאַסע אָבגעלעבטע געזיכטער אויף שלעכט גענעהרטע און נעקליידעטע קערפּער, וואָס לאַדען צוליעב זייערע אידעען. — אַזעלכע וואָס האָבען מיט אַ כוון געגען די געזעצע געהאַנדעלט, כדי זייערע אונצופריעדענהייט ווי צום שאַרפסטען אויסצודריקען. קונסט-

פערעהרער בעהאָנגגען מיט זייד, סאַמעט און ברילִיאַנטען, כּדי די מאָרע מיטצומאַכען; אויסגעהונגערטע גריבּלער נעבען וואָהללוסטיגע בעלי תאוות, זאַטע וואָס האָבען קיין שום בעשעפטיגונג נעבען פערשמאַכטע וואָס קעמפּ־פען מיט זייער גאַנצער ענערגיע פאַר אַ שטיקעל טרוקען ברויט; מענער וואָס קיין זאַך אין דער וועלט איז ביי זיי שוין נישט מעהר הייליג און פרויען וואָס האָבען נאָך פון דער וועלט גאָרנישט גענאָסען און וואָס האַל־טען זייערע דאָרשטיגע מיילער אויסגעשטרעקט צום מינדסטען געניוס, און בּסך הכּל מענשען, וואָס האָבען אין זייער מלחמה פאַר'ן עקסיסטענץ נישט געקאָנט זיך דורכשלאָגען אַ וועג, מענשען מיט אַ גרויסען חשק אָבּער מיט אַ גאַנץ קליינעם מוטה און יכולת זייער חשק אויסצופיהרען. דאָרשטיג נאָך עפּיס, וואָס זיי ווייסען אַליין נישט און מיינען, אַז דאָ אין דעם ענגען קרייז וועלען זיי קאָנען זייער דאָרשט לעשען. דאָ האָט מען זיך געקאָנט פון אַלץ אָנהערען: ווי מען טאַדעלט דאָס שלעכטע, דאָס פער־דאָרבענע און מען לויבּט דאָס בעסערע. דאָ איז מען געווען געדולדיג און זיך איינגעהערט צו דעם, וואָס ערגיץ אַנדערש וואָלט מען גאָר מורא געהאַט אויף די ליפּען צו ברענגען. און דאָך זענען אויך דאָ די פערזאַ־מעלטע נישט מעהר געווען ווי אַ סטאַדע, וואָס לאָזט זיך פון איהר פאַס־טוך, לויט זייער מיינונג זייער געניוס, פיהרען וואו ער וויל.

ענדליך האָט די פאָרלעזערין געענדיגט לייענען איהרע געדיכטע און דאָס פּובּליקום האָט איהר בעשאָטען מיט אַפּלאָדיסמענטען. אַננאַ האָט געפיהלט דערביי עפּיס אַ מין עקעל געמישט מיט שאַנדע. איהר איז געווען פיינליך צוצוהערען ווי די דאָזיגע פרוי האָט מיט אַ גראָבער האַנד אַראָב־געריסען דעם שלייער פון די טיעפסטע ווייבּליכע סודות, ווי זי האָט איהר גאַנצע נשמה פאַר אַלע הערען און דאַמען פון זאַל אויפגעדעקט. דאָס וואָס מען זאָגט אַרויס ערשט דאַמאָלס, ווען מען קאָן שוין מעהר די דריקענדע געפיהלען נישט מעהר אין זיך איינהאַלטען, האָט די זאָגענאַנטע „סענסיטיווע” אין שלעכט צוגעפּאַסטע גראַמען און נישט אויסגעהאַלטענע ריטמען בּפרהסיא פאַר דאָס גאַנצע פּובּליקום אַרויסגעזאָגט.

— וואָס זאָגט איהר דערצו, זאַנדערס, געטליך, נישט אמת?

— האָט דוואַראָל זי געפרעגט. אַננאַ האָט דאַרויף בּלויס שווייגענדיג מיט'ן קאָפּ צוגעשאָקעלט.

— קומט דאָך, פריילין, איך וויל אייך פאָרשטעלען! — האָט דוואַראָל געזאָגט און אַננאַ'ן אָנגענומען פאַר'ן האַנד. נון האָבען איהר אין אויער אַריינגעקלונגען נעמען פון פערשיעדען־אַרטיגע קלאַנגען איינער

נאָך דעם אַנדערן. אָפט האָט דער שריפטשטעלער צוגעלעגט צו ערגיץ אַ נאָמען אויך אַ קלײנע האַראַקטעריסטיק פון דער פּערזענליכקײט. מען האָט זיך די הענט געשאָקעלט, הערצליכע ווערטער געזאָגט. אָבער דער ביטערער אונאַנגענעהמער געשמאַק אין איהר מויל האָט זיך אַלץ פערגרעסערט. דאָ האָט זי בעגעגענט אַ פּאָר דורכדרינגענדע בליקען, וואָס האָט זיך געדאַכט אַז זײ ווילען איהרע טיעפסטע אינערליכע געהײמניסע ענטדעקען און דאָרט האָט זי זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט אַזוינע בליקען וואָס האָבען בעוואונדערט איהר אויסגעהאַלטענקײט און דערבײ איהר ווי געטאַדעלט פאַר איהר פערברעכען, וואָס זי איז אַזוי לײַכטזיניג בעגאַנגען און דאָס האָט איהר שטאַרק נעקרענקט.

ענדליך איז זי צו ערגיץ אַ ווינקעל-טיש צוגעקומען. עס זענען אפילו אַרום איהם געזעסען אײניגע פּערזאָנען, אָבער זײ האָבען זיך צוזאַמענגערוקט און פאַר איהר אַנ'אָרט געמאַכט. ר ו י ך האָט אין אַ דערבײַאיגען צימער זיך צוזאַמענגעשמעקט מיט בעקאַנטע. ד ו ו אַ ר אָ ל אָבער איז נעבען אַ נ נ אַ'ן געבליבען און האָט איהר די געסט וואָס אַרום טיש פאָרגעשטעלט: מ אַ ר י ע ר אָ ז ע, די ר אָ נ ג ע ט, דיכטערין — — — ב אָ ר ק ע ר, רעדאַקטער, פרוי פון ש אָ ט ע ן זעהר אַ בעגאַבטע — — — דאָס איז ווידער דער פ ע ש ע ש ע פ פון ווין — — — — י אַ נ ו ס, אונזער ראַפאַעל — — — לײדער האָב איך נאָך נישט די עהרע? ער האָט אין מיטען אויפגעהערט רעדען און האָט מיט אַ פרעגענדיגער מינע אָנגעקוקט אַ הויכגעוואַקסענעם ברײטשולטעריגען העררן אין אַ פאָרנעהמען געזעלשאַפטס-אַנצוג. יענער האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט: „הויף-פאָטאָגראַף ק ר אַ פ ט", און זיך פערנײגט.

— זעהר אַנגענעהם. מײן נאָמען איז דוואַראָל. איך קען און בעוואונדער אײער פירמע שוין לאַנג. וואָס קעהר זיך אָן צו אַראַנזשעמענט און רעטוש נישט מעהר קײן פאָטאָגראַף נאָר קינסטלער פון דער ערשטער שטופע. ק ר אַ פ ט האָט זיך העפליך פערנויגט און זיך אַוועקגעזעצט. ער איז אַננאַן געזעסען וויזאַווי. ווידער האָבען זיך אָנגעהויבען די דעקלאַמאַציאָנען. אַננאַ האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט; אָבער באַלד זענען איהר די באַקען ווידער רויט געוואָרען פאַר חרפּה. די פּאָעזיע האָט זיך שטאַרק איבער די מאָס און איבער דעם ציעל אַריבערגעכאַפּט. פיהלט דאָס נאָר קײנער נישט אויסער איהר? זי האָט זיך אַרומגעקוקט טאָמער וועט זי בײַ עמיצען בעמערקען עפּיס אַנ'אונצופרידענע מינע, אָבער צו איהר בעדויערן זענען אַלע געוועזען בעגײַסטערט און האָבען זיך אויפמערקזאַם צו-

געהערט, פונקט ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט זיי זאָלען חלילה ניט אַ וואָרט פערפעהלען. זי האָט מיט פערדרוס די אויגען צו דר'ערד אראָבגעלאָזען, אָבער אָנגעצויגענעם פון אַ פרעמדען בליק האָט זי די ברעמען אויפגעשלאָגען. נון האָט זי זיך איינגעקוקט אין דאָס געזיכט פון'ם הויף־פאָטאָגראַף, וועלכער האָט איהר בעאָבאַכטעט. זיין הויכער שטערן, די גראַדע נאָז, דער גוטער קלאָרער אויסדרוק פון זיינע אויגען הינטער דעם גאָלדענעם פענסנע איז איהר געפאַלען. דער פרעמדער איז איהר זעהר בעקאַנט פאָרגעקומען. זי האָט געקלערט: וואו האָט זי איהם שוין אַ מאָל געזעהן; דער העל־ברוינער געדיכטער באָרד מיט די זילבערנע פעדעם דורכגעוועבט, די גאַנצע געשטאַלט — — — אָהן אַ שום ספק קאָן זי שוין דעם דאָזיגען מענשען פון פריהער. נישט פערזענליך האָט זי איהם געקאָנט נאָר פון זעהן. אפשר איז ער פאַר אַ יאָהרען ביי איהר געוועזענעם שעף געוועזען? — זיין פירמע איז איהר אויך בעקאַנט געוועזען. זי האָט געוואוסט, אַז ער געהערט צו די בעקאַנטסטע און טייערסטע פאָטאָגראַפען אין דייטשלאַנד.

די פאָרלעזערין האָט געענדיגט איהר געדיכט: „אָ פערלעש דאָך דאָס העלליכט פייער!" אַננאַ האָט איהר געזיכט אָבגעווענדעט, כדי נישט אַרויסצווייזען ווי זעהר דאָס ליעד איז איהר נישט געפעלען.

מען האָט געמאַכט אַ פויזע אויף אַ לענגערע צייט. דוואָראָל האָט בעשטעלט ביים קעלנער צוויי פאָרציעס שאָקאָלאַדע. — נו, ווי געפעלט זי אייך, זאָגט אַליין, האָב איך עפּיס איבערגעטריבען? — האָט דוואָראָל געפרעגט און געוויזען אויף זיין נאַכבאַרין. אַננאַ איז בלאַס געוואָרען ווי ליינוואַנד פאַר קרענקונג און געזאָגט:

— איך בעט אייך זעהר, — ,

— לאָזט איהם, פריילין זאַנדערס. מיר זענען זעהר צופריעדען, וואָס מיר זענען מיט אייך בעקאַנט געוואָרען. חדשים לאַנג האָט אונז דוואָראָל פון אייך און פון אייער קינד דערצעהלט! האָט די ראָנגהעט געזאָגט — אָבער האָט איהר געזיכטס־ציגע, הערליך! די ריינע פערקערפערונג פון שמערץ און ליידען! אז איהר וועט צייט האָבען מוזט איהר מיר אַ מאָל מיט אייער יונגע בעזוכען. איך וועל אייך מיט אייער קינד אין אַ זעהר ריהרענדע פּאָזע מאָלען. נאָר אַ סקיצע אראָבנעמען, אַזוי אַ מאָדערנע מאַדאָנע?!

הערליך, דאָס וואָלט פאַר מיר אַ פאָרוואורף געװעזען! — האָט זיך אַ נ נ אַ ם אָבגערופען.

אַ נ נ אַ האָט זיך אַרומגעקוקט ווי צוטומעלט און האָט אויסגעזעהן אַזוי דערשראָקען, אַזוי אַז פרוי פון שׂ אָ ט ע ן האָט די אָרעמס איהרע אויף דעם טיש אָנגעלעהנט און זיך האַלב אויפגעהויבען. זי האָט אַ נ נ אַ'ן דרייסט אָנגעקוקט און געזאָגט: וואָס איז אייך, קינד? איהר זעהט דאָך אויס, ווי איהר וואָלט מורא געהאַט מען זאָל אייך לעבעדיגערהייט נישט אויפעסען. דאָ ביי אונז האָט איהר גאָרנישט וואָס מורא צו האָבען! מיר אַלע בעטראַכטען אייך אַלס מוסטערבילד, אַלס באַהנברעכערין! עס ריהרט זיך שוין צווישען אונז, עס געהט אַ ליכטיגער שטראַהל אויף! — ק ו נ ץ לעבט מיט דער ס ע נ ס י ט י װ ו ע ן אין פרייער ליעבע. זי טראָגט פון איהם אַ קינד אונטער דעם האַרצען און דערצעהלט עס אַלעמען מיט שטאָלץ. די נייע גריבען וויסען נאָר די פרייהייט און די שעהנהייט. און ווער עס לעבט אונטער די פלאַטערדיגע פאָן פון די דאָזיגע פרינציפען דער שטעהט אַ סך אַ סך העכער פאַר דעם אַלטעגליכען מענשען.

— בראַוואָ! בראַוואָ! שאָטען! יאָ, פריילײן מוטער, איהר האָט אייער זוהן בעדאַרפט אַ נאָמען צו געבען בענווענוטאָ, דאָס הייסט דעם וואוילגעקומענעם! — — דערביי האָט דער וויענער ציניש געלאַכט: דאָס הייסט מיר לאַכען! איך בין פאַר די הערציגע שנעקעס די מערדער! אָבער דאָס איינציגע, וואָס מיר געפעלט נישט אין דער ליעבע דאָס איז די קינדער. די גריבען האָבען געהאַט אַמאָר, באַקכוס, הימען, ווענוס; אָבער פון אַ מאַדאָנע מיט אַ קינד האָב איך נאָך נישט געהערט!

אַ קאַמפף איז אויסגעבראָכען. אַ נ נ אַ האָט זיך געפונען אין אַ העכסט פיינליכער לאַגע. מיט ציטערדיגע הענד האָט זי איהר טאַס קאַפע צום מויל צוגעטראָגען. אין דער צייט וואָס די אַנדערע האָבען וועגען איהר געשטריטען און געמאַכט ציניש אָדער ראָמאַנטישע בעמערקען האָט זי זיך אויפ'ן העכסטען גראַד אָנגעשטרענגט זי זאָל נישט אויסברעכען אין אַ יאָמער־ליך געוויין. דאָס רעדען אַזוי בפרהסיא פון איהר זינד האָט איהר גאָר דאָס בלוט אין געזיכט אַריינגעשפאַרט און געקוועלט האָט זי צו דער טהיר געקוקט. אַה, ווי ווערט מען שוין אַמאָל לויז פון דעם דאָזיגען גיהנם. פלוצלונג האָט זי צוזאַמענגעשווידערט, — ק ר אַ פ ט האָט זיך צו איהר צו־געבויגען און געפרעגט:

— איהר זייט דאָ אויך צום ערשטען מאָל, גנעדיגעס פריילײן?

— יאָ! — האָט זי מיט די לעצטע כחות אַרויסגערעדט.

— איך האָב אַ שאַרפעם און אַ גוט געשולטעם פיזאָגנאָמיע־גערעכטנים, — האָט ער ווייטער געזאָגט. — איך ווייס זיכער, אַז איך האָב אייך שוין ערגיץ וואו געזעהן! דערביי האָט ער מאָדנע געשמייכעלט האַלב חוזק־מאַכענדיג האַלב גוטמוטיג.

— מיך געזעהן? דאָס קאָן זעהר מעגליך זיין, איך בין אַ לאַנגע צייט געווען עמפּפאַנגס־דאַמע און געשעפטס־פיהרערין אין דער רעטוש־אָבטיילונג ביי X. — האָט אַ נ נ אַ שטיל געענטפערט.

ער האָט אויף איהר געקוקט ערשטוינט און ווי ער וואָלט זיך עפּים דערמאָהנט געזאָגט: אָה, אַזוי? הייסט עס זייט איהר אויך געוועזען ביי דער פירמע ב ו י? אַרבייט איהר נאָך דאָרט?

— ניין, הערר קראַפּט!

— אַך זאָ־זאָ! נון פון דאָרטען הייסט עס קאָן איך אייך נישט; אָבער איך ווייס בעשטימט, אַז איך האָב אייך אין ציגאָוויטץ געזעהן. איך האָב דאָרטען מעהרערע יאָהרען פערבראַכט.

ביי אַ נ נ אַ'ן אויפ'ן געזיכט האָבען זיך אַלערליי קאָלירען געביטען, אָט איז זי בלוט־רויט געוואָרען און אָט איז זי באַלד ווי קרייד בלאַס געוואָרען. זי האָט זיך מיט אַלע כחות אָנגעשטרענגט צו האַלטען אויף די פיס און נישט צו פאַלען אין חלשות און האָט מיט גרויס מאַטערניש עפּיס אַנ'ענטפער אַרויסגעשטאַמעלט. יעצט האָט זי זיך ערשט דערמאָהנט, אַז זי האָט איהם אָפט געטראָפען געהענדיג ביים שטראַנד. זי פלעגט שטענדיג געהן צוזאַמען מיט קאַנט ה אַ ג ע ן. נאָר בלויז איין מאָל איז זי אין ציגאָוויטץ געוועזען, אין יענעם גליקליך — אונגליקליכען זומער. דערשראָקען האָט זי אויף איהם געקוקט; אָבער ער האָט איהר אָנגעקוקט מיט אַזאַ רחמנות'דיגען און מיטפיהלענדיגען בליק, אַז טרעהרען פון דאַנקבאַרקייט האָבען זיך איהר אין די אויגען געשטעלט. אַ נ נ אַ האָט געפיהלט, אַז ער ווייסט וועער דער פאָטער פון איהר קינד איז. דאָס האַרץ האָט איהר אָנגעהויבען קלאַפּען ווי מיט האַמערס. צום גליק זענען אַרייַנגעקומען נייע מיטגליעדער פון פעראיין און זיך ביי אַ נ נ אַ'ס טיש געזעצט. איינער האָט זאָגאַר אָבגערופען דעם הערר קראַ פּ ט אָן אַ זייט. ער האָט זיך אויפגעהויבען און איהר פריינדליך צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ — נון האָט זי גערעדט און געלעבט ווי אין אַ שווערען חלום. זי האָט געהערט ווי מען פרעגט איהר און ווי זי ענטפערט. קעגען איהר ווילען איז זי געוואָרען דער מיטעלפונקט אַרום וועלכער דער גאַנצער עולם האָט זיך געדרעהט. — אָה. ווי האָט דאָס

איהר געפּײַניגט. — מיט די אויגען האָט זי דעם סטודענט רויך געזוכט, ווי זי וואָלט בײַ איהם וועלען שוץ געפינען. זי האָט איהם אָבער נישט געקאָנט געפינען. זי האָט אויסגעקוקט אויף דוואַראָל ער זאָל איהר שוין פון דעם העלישען גיהנם אַרויספיהרען, איז ער אָבער אין אַ דערבײַאיגען צימער געווען. אַנגסטען שווײַס האָבען זיך אויף איהר פּנים געגאָסען; וואָלט זי האָטש דערזעהן דאָס געזיכט פון'ם פאָטאָגראַפען, וואָלט איהר אויך אַ ביסעל לײַכטער געוואָרען צום מוטה, איז ער אויך ווי פערזונקען געוואָרען. זי איז זיך פאָרגעקומען ווי אין אַ ווילדען מדבר צווישען בלוטדאָרשטיגע חיות וואָס ווילען איהר אויפפרעסען. אין די אויערן האָבען איהר געגרילצט שלאַג־ווערטער, אוטאָפּישע אידעען. זי האָט געמוזט אויסהערען ווי מען זינגט שבחים אַזעלכע טהעאָריעס און האַנדלונגען וואָס זענען איהר צום העכסטען גראַד עקליג און אָבשטויסענד געווען. — ענדליך איז דוואַראָל אַרײַנגעקומען און אַננאַ האָט פרײַ אָבגעאָטהעמט.

— זאַנדערס, קינד, קומט דאָך מיט! — האָט דער שריפטשטעלער געזאָגט, — איך וואָלט אײַך וועלען עמיצען פאָרשטעלען! זײַן געזיכט האָט דערבײַ געשטראַהלט פאַר עפּיס אַ שמחה וואָס אַננאַ האָט דערפון נישט געוואוסט. ער האָט איהר פאַר'ן האַנד אָנגענומען און אין אַן'אַנדערן זאַל אַרײַנגעפיהרט.

אין אַ ווינקעל פון'ם דאָזיגען זאַל האָבען זיך פערזאַמעלט די רײַכסטע עלעמענטען פון די נײַע גריכען. דאַמען אין עלעגאַנטע טואַלעטען מיט בליצענדיגע אוירינגלעך און בראָשען, מיט לאַנגע לאָרנעטען זענען געשטאַנען נעבען דרײַ הערען, וועלכע האָבען געקאָנט גילטען אַלס די אמת'ע טיפּען פון דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט, לויט די מעטאָדע פון די נײַע גריכען. אַז אַננאַ איז אַרײַנגעקומען איז מיט אַ מאָל שטיל געוואָרען. אַלע האָבען זייערע בליקען צו איהר געווענדט, דערנאָך האָט מען זיך אָנגעהויבען אײַנצורוימען סודות אין די אויערן. זי האָט געוואוסט, אַז דאָס רעדט מען פון איהר, אַז מען טאַקסירט איהר אָב און אַז מען האָט זיך איהר אַ סך בעסער פאָרגעשטעלט ווי זי איז אין דער ווירקליכקײַט. אַננאַ האָט לײַכט אָבגעזיפצט. מען האָט זיך געריכט צו זעהן עפּיס אַ מין אויסטערלישע פרוי און דאָ נאַ דיר נאָר אַ פּראָסט ווײַבעל אין וועלכער עס איז קײַן שום אויסערגעוועהנליכעס נישטאָ. עפּיס איינער אַ שטאַרקער הערר האָט פערלאָזען זײַנע חברים און איז צו אַננאַ'ן צוגעגאַנגען. דוואַראָל איז איהם אַנטקעגען געלאָפען און געזאָגט: „הערר דירעקטאָר בלום, אָט דאָס איז די דאַמע, וועלכע איך האַלט פאַר פאַסענד

צו אײער אונטערנעהמונג. ליבע זאַנדערס, — האָט ער זיך צו אַננאַ'ן געווענדעט, הערר דירעקטאָר בלום האָט אַ פרײַע שטעלע אין זײַן גרויסער קונסט-אויסשטעלונג און האָט נישט דאַגעגען אײַך די דאָזיגע שטעלע אָנצוטרויען! —

ער דיקער הערר האָט אַננאַ'ן די האַנד געדריקט, איהר מיט אַ בליק פון אַ געניטען סוחר אָנגעקוקט, האָט צופריעדען מיט'ן קאָפּ צוגע-שאָקעלט און גוטמיטיג געזאָגט:

— איך װעל זיך זעהר פרעהען אײַך בײַ מיר אין געשעפט צו האָבען פרײַלײַן זאַנדערס. איך ברויך פערשטעהט איהר מיך, אַ דאַמע — אַ קראַפט, וואָס זאָל זײַן דורך און דורך דאַמע פון קאָפּ ביז פוס און דאָס זײַט איהר! איהר זײַט פאַר מיר ווי געוואונשען. אײער שיקזאַל, אײער פריוואַטע פערהעלטניסע וועלען בײַ מיר קײַן ראָליע נישט שפּילען. ווילט איהר אפשר אַזוי גוט זײַן מיט מיר און מיט העררן דוואַראָל אונטען אין רעסטאָראַן אָבענד-ברויט צו עסען? דאָרטען וועלען מיר קענען זיצען אונגעשטערט און איך וועל אײַך קענען גענוי ערקלערן, וואָס איהר וועט בײַ מיר האָבען צו טהון. וועגען דאָס געהאַלט, וואָס איהר וועט לאַנגזאַם אַלץ אַ גרעסערס בעקומען וועלען מיר שוין מן הסתם דורכקומען!

— מיר האָבען שוין געגעסען אַבענד-ברויט, הערר דירעקטאָר, — האָט אַננאַ געענטפערט. — אויב איהר ערלויבט אונז וועלען מיר זיך בײַ אײַער טיש זעצען! —

— נאַטירליך, מיר וועלען טרינקען אַ גלאָז ביער און וועלען בעגיסען דאָס נײַע פערהעלטניס! — האָט זיך דוואַראָל אַרײַנגעמישט, מורא האָבענדיג די זאַך זאָל נישט אָבגעלעגט ווערען.

צעהן מינוטען שפּעטער זענען די דרײַ געזעסען אונטען אַרום אַ טיש. מען האָט געשמועסט איבער וואָס עס איז נאָר אַרײַנגעפאַלען אין מויל, ביז דער דירעקטאָר האָט זײַן מאָלצײַט אָבגעגעסען. ער האָט גע-הײסען ברענגען אַ פלאַש ווײַן און דרײַ גלעזער.

— מיר מוזען דאָך מיט עפּיס אָרענטליכעם אונזערע גלעזער אָנקלאַפּען, — האָט בלום געזאָגט. דערנאָך האָט ער זיך אָבגעווישט דאָס מויל, האָט אָנגעצונדען אַ ציגאַר און האָט דעם רויך מיט אַ צופריעדענער מינע דורך די נאָז געשטויסען, — ער האָט דוואַראָל'ן אויך מכבד געווען מיט אַ ציגאַר און האָט איהם, אַננאַ זאָל נישט זעהן, אַ וואונק-געגעבען ער זאָל זיי לאָזען אַלײן. דוואַראָל האָט גראָד דערזעהן

אַ בעקאַנטען, האָט בלומען העפליך געדאַנקט פאַר דער ציגאַר און איז צום בעקאַנטען געגאַנגען.

— דאָס איז גוט, וואָס מיר זענען געבליבען אַלײן! — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט. — נון וועט איהר מיר אַזוי גוט זײַן זאָגען, וואָס איהר קענט און ווי לאַנג איהר האָט זיך שוין דערמיט בעשעפטיגט.

— ווי לאַנג מײַנע בײדע עלטערן האָבען געלעבט בין איך בײַ זײ געוועזען. מײַן מוטער האָט דורכאויס פערלאַנגט איך זאָל דעם סעמינאַר פערלאָזען, ווײַל איך האָב געליטען אויף בלײַזוכט און איך האָב איהר, נאַטירליך, געפאָלגט, דאָך האָב איך אָבגעלעגט לעהרער־עקזאַמען. אַז איך האָב מיר שוין געהאַט ערהוילט האָב איך דורכגעמאַכט אַ האַנדעלס־קורס און האָב אויסגעלערנט די בוכפיהרונג און קאָרעספּאָנדענץ. מײַנע דאָקומענטען אויף דעם קאָן איך אײך באַלד ווײַזען, הערר דירעקטאָר!

— דאַנקע, איז נישט נויטיג, דערצעהלט נאָר ווײַטער!

— נאָך דעם ווי מײַן מוטער איז געשטאָרבען האָב איך בײַ מײַן פאָטער, אַ לעהרער אין גימנאַזיום, געפיהרט די ווירטשאַפט. דאָס האָט מיר אָבער נישט בעפריעדיגט און האָב דעריבער געזוכט מײַן טאַלענט אין צײַכענען צו פערפאָלקאָמען. איך האָב געמאָלען און זיך אויסגעלערענט רעטושירען און איבערמאָלען פון פאָטאָגראַפיעס. איך פערשטעה אַ ביסעל צו שניצען, בראַנדמאָלען, בראָנזירען און נאָך אַזעלכע קלײניגקײטען! —

— אויסגעצײכענט! איהר זײַט אַלזאָ אין דער קונסט־געווערב רעכט ווײַט אויסגעבילדעט, פרײַלײַן זאַנדערס! ווי שטעהט עס מיט שטיקען און האַנדאַרבײַט?

— מען האָט שטענדיג געלויבט מײַנע געראָטענע הענד און מײַנע מוסטערן צו שטיקערײַען! —

— אַזוי, דערצעהלען זי נאָר ווײַטער, ליעבעס קינד, עס אינטערעסירט מיך! — האָט בלום מיט אַ צופריעדענעם שמײכעל אויף די ליפּען געזאָגט. אַננאַ האָט אויף איהר שוים אַ בליק געטהון און גענומען זיך שפּיעלען מיט איהרע האַנדשוה, און ווײַטער דערצעהלט:

— דער פאָטער איז פריה געשטאָרבען. איך האָב די גרויסע ווירטשאַפט אויפגעלעזט און האָב זיך פערנומען מיט דער אײנריכטונג פון בלוים צווײ צימערן. מיר האָבען געהאַט זעהר פיעל פרײַנד און גוטע פרײַנד וואָס האָבען זיך פאַר מיר אינטערעסירט. אַ קוזין מײַנער האָט פאַר מיר בעקומען אַ שטעלע בײַ הערן X., מײַן אַרבײַט איז בעשטאַנען צו

עמפּפאַנגען די קונדען אין דער עמפּפאַנגס שטונדע און דערנאָך צו אַרבּײַטען אין אַטעליער, דאָס הײסט איך האָב רעטושירט אָדער איבּערגעמאָלען די בּעשטעלטע בּילדער.

— אַזוי! און ווי לאַנג זענען זײַ געוועזען בּײַ הערן X.?

— פינף יאָהר, הערר דירעקטאָר! —

— המ! און פאַר וואָס זײַט איהר אַוועק פון יענער שטעלע?

אננאַ האָט אַ ציטער געטהון און נאָך גרויס אַנשטרענגונג האָט זי קוים אַרויסגערעדט דעם ענטפער: איבּער דעם געבּורט פון מײַן קינד — —

— נו, נו, זאָל שוין זײַן! האָט איהר זיך שפּעטער נישט ווידער אַמאָל בּײַ X. געמעלדעט?

— נײן, צום ערשטען נישט, דען איך האָב עפּיס מעהר ווי אַ יאָהר געלעבּט בּײַ אַ בּעקאַנטע פאַמיליע, גוטע מענשען און פרײַנד פון מײַנע גרויס-עלטערן! —

— אַזוי, דאַרף איך פרעגען ווער דאָס איז געוועזען?

— געהײמראַטהה פאָן דראָס. דאָס הײסט דער אָנקעל איז שוין פון אײניגע יאָהר געווען געשטאָרבּען.

— איז דאָס דער אײגענער דראָס, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דער שעהנער בּאַלעטײַזע?

— יאָ, הערר דירעקטאָר!

— המ! ווי איך האָבּ מיר געלאָזט דערצעהלען זענען די דראָס זעהר רײַך געוועזען. פאַר וואָס האָט מען אײַך נישט פערזאָרגט מיט קײַן זיכערער עקסיסטענץ?

— אַ גרויס אומגליק איז פּלוצלונג מיט דער טאַנטע געשעהן, — האָט אַננאַ געענטפערט און טרעהרען האָבּען זיך איהר אין די אויגען געשטעלט. ער האָט עס בּעמערקט און האַסטיג געזאָגט: איך האָב וועגען דעם געלעזען! אַ קאַטאַסטראָפע אויף דער אײזענבּאַהן! נו, מילא — — — וואָס ס'איז שוין געשעהן וועט מען שוין קײנמאָל נישט אַנדערש מאַכען!

— — — — — ליעבּעס פרײַלײן, מײַן הויזווירטשאַפטערין האָט קירצליך חתונה, איך דאַרף אַלזאָ צום ערשטען פעבּרואַר אַ דאַמע. אַזוי לאַנג ווי מען וועט דאַרפען די זאַלאָנען אין אָרדנונג האַלטען וועט איהר זיך מוזען דערמיט פערנעמען. איהר וועט דאַרפען עמפּפאַנגען די קונדען, זײ ערקלערן, זאָגען דעם פרײַז. מיט אײן וואָרט זעהן די קונדען צוצוציהען און זײ זאָלען בּלײַבּען אויף שטענדיג אונזערע. געוועהנליך מוזט איהר שטענדיג זײַן עלעגאַנט און זיבּער נעקלײַדעט. בּײַם פערקויפען האָט פיעל צו זאָגען

איהר זאָלט זײַן געשיקט און מונטער! מען דאַרף דעם קונד נישט נויטען
גאָר מען מוז פערשטעהן איהם אַזוי איינצורעדען, אַז עס זאָל איהם אָנ־
נעהמען אַ חשק צו געבען צו לייזען! דערפאַר צאָהל איך הונדערט מאַרק
אַ מאָנאַט; אַ חוץ דעם אַ קלײנעם פּראָצענט פונ'ם ריוח. — — נאָר דאָס
איז נאָך נישט גאָר! פון צעהן ביז פינף דעם װײַנער מוזט איהר זײַן אין
אינסטיטוט, עס בלײַבט אײַך אַלזאָ נאָך פיעל צײַט איבריג: דער פריה־
מאָרגען, נאָכמיטאָג און דער אָבענד. נישט אמת? — אָט די דאָזיגע לע־
דיגע שטונדען קאָנט איהר אויספילען מיט אַרבײַט קונסט־געװערבליכע
זאַכען. דערפאַר צאָהל איך פון שטיק. די אַנדערע פּרטים קאָן איך אײַך
גאָר אין געשעפט נופא זאָגען. איך מוז אײַך נאָר אָנגעבען אונגעפעהר די
נאָרם. די װאָס איז בײַ מיר ביז יעצט געװעזען איז נישט איבריגס פלײַ־
סיג געװעזען, װײַל זי האָט נאָך געמוזט איהר מוטער פערזאָרגען און
דערצו נאָך אַ כלה געװעזען, פונדעסטװעגען האָט זי געהאַט אַ גאַנץ היבשע
הכנסה פון צװײ הונדערט ביז צװײ הונדערט צװאַנציג מאַרק אַ חודש! —

אַ נ נ אַ'ן האָט אָנגעהויבען שװינדלען פאַר די אויגען. אַ רגע איז
איהר דאָס האַרץ פאַר גרויס שמחה שטיל געבליבען.

— נון, װאָס בלײַבט, זײַט איהר צופריעדען פרײַלײַן זאַנדערס
בײַ מיר אין געשעפט פון ערשטען פעברואַר אָנצוקומען? בעסער װאָלט
אפילו געװעזען, איהר זאָלט שוין אַ ביסעל פריהער מיט דעם געשעפט
בעקאַנט װערען.

בלום האָט זײַן האַנד אויפ'ן מיש אַרויפגעלעגט. אַננאַ האָט איהר
ציטערדיגע האַנד אין זײַנע אַרײַנגעלעגט און געזאָגט:

— איך װעל אַלע מײַנע כחות אָנװענדען אײַך צופריעדען־צושטע־
לען, איהר שטימע האָט דערבײַ לײַכט געציטערט און דער נײַער שעף
האָט דערבײַ געשמײַכעלט צופריעדען. דװאָראָל איז צוגעלאָפען מלא שמחה
און זײ אָבגעגעבען מזל־טוב.

מען איז נאָך געזעסען עפּיס מעהר װי אַ שעה דערנאָך האָט מען
זיך געזעגענט און אַ נ נ אַ איז צוזאַמען מיט דעם פאַר שמחה טאַנצענדיגען
שריפטשטעלער אַהײם געגאַנגען. אונטערװעגענס האָט זי איהם פאַר זײַנע
טהײַלנאַמע און זאָרגען פאַר איהר מיט ריהרענדע װערטער געדאַנקט.

— נו, װעט איהר נאָך אַמאָל אויך מיטקומען אין אונזער פעראײַן?
האָט ד װ ו אַ ר אָ ל לאַכענדיג געפרעגט און װי גרויס איז זײַן ערשטוינען
געװען, װען זי האָט איהם אויף דער דאָזיגער פראַגע מיט אַ נײן אָבגע־
ענטפערט. — נײן, מײַן בעסטער פרײַנד, האָט זי מיט אַ בעשטענדיגען טאָ

געזאָגט, — בעפרייען זי מיר פון דאָס דאָזיגע מיטגעהן! זאָגט אויף מיר וואָס איהר ווילט, סענטימענטאַל, אַז איך בין קליינקעפּעלדיג, בעגרענצט, איך בין עס נישט! אָבער גלויבט מיר, איך האָב אַזוי פיעל געזעהן, געהערט און איבערגעלעבט און אַזוי פיעל איבערגעקלערט אין די שרעקליכע צייטען און שטענדיג בין איך אַלץ ווידער געקומען צו דער איבערצייגונג: עס איז פאַרהאַן אונגערעכטיגקייט אין דער נאַטור, אין דער שטאַאַטס־פערוואַלטונג; אָבער עס איז נאָר איין מאָראַל פאַרהאַן! עס איז נאָר איין וועג דאָ, וואו מען געפינט דאָס אמת'ע גליק און דאָס איז דער נאָרמאַלער וועג פון דעם זיטליכען דורכשניטס־מענש! אייערע „נייע גריכען" שטעלען זיך פון יענע זייט פון גוטס און שלעכטס, פראָקלאַמירען נאַרישע שלאַגווערטער, רעדען מיט פייער פון „רעכט", „פרייהייט", שעהנהייט", „זיך אויסלעבען"! דאָס אַלץ איז שעהן, פערפיהרעריש, אָבער בלויז אין דער טהעאָריע מעגליך. אין דער ווירקליכקייט, ווי שיללער זאָגט, שטויסען זיך די זאַכען שטאַרק אָן איינס אָן דער אַנדערער וואָס אין די געדאַנקען לעבען זיי איינס מיט'ן אַנדערן אַזוי בשלום. לאָזט מיר ליעבערסט, מיין בעסטער גוטער פריינד אין דער היים זיצען! מיין ביטערע ערפאַהרונג, וואָס האָט מיר אַזוי דעם גאַנצען מוט אַראָבגעשלאָגען, לאָזט מיר נישט איך זאָל זיך צווישען די דאָזיגע לייט מישען, וואָס וואַרפען אויף מיר אַ שרעק אַרויף, יאָגען מיר אַ שווידער דורך אַלע ביינער דורך און וועלכע איך האַלט פאַר אָבגענאַרטע אָבנאַרער! —

קיינמאָל האָט נאָך אַננאַ נישט אַזוי לאַנג און אַזוי ענערגיש גערעדט. דער שריפטשטעלער האָט צוערשט געשוויגען ווי בעשטירצט, ענדליך האָט ער זיך אָבגערופען:

— יאַ — — — אָבער — — ביי אונז האָט איהר דאָך נישט געפונען קיין קלאָגער, קיין ריכטער, ביי אונז האָט מען אייך דאָך ריכטיג פערשטאַנען!

זי האָט זיך אַ קורצע ווײַלע ווי מישב געווען און דערנאָך געזאָגט:

— אפשר, דוואַראָל. אָבער זייט אויף מיר נישט בעז, איך קאָן מן הסתם ביז צו יענער הויכקייט נישט אַרויפשטייגען. — איך — האָב שטענדיג געהאַט דאָס געפיהל: גאָט זאָל מיך היטען פאַר מיינע פריינד, פאַר מיינע פיינד וועל איך מיך שוין אַליין אָבהיטען! — — — — — איהר דאַרפט אייך נישט געפינען בעליידיגט פון מיינע ווערטער, גיט מיר ליעבערסט אייער האַנד! איך וועל דעם הײַנטיגען אָבענד קיינמאָל נישט פערגעסען.

איך האָב דאָך אַייך צו פערדאַנקען וואָס איך האָב בעקומען אַ זיכערע עקזיסטענץ! בארמהאַרציגער גאָט, איהר קאָנט אַייך גאָרנישט פאָרשטעלען, ווי איך האָב מיך געשראָקען! — —

דער גוטהערציגער שריפטשטעלער, וואָס האָט זיך צוערשט געפונען אַ ביסעל בעליידיגט האָט איהר, געריהרט פון איהרע לעצטע ווערטער, באַלד מוחל געווען און איהר מיט אַ טייל־עמענדיגען מאָן געענטפערט:

— אָה, איך שטעל עס מיר גאַנץ גוט פאָר! זיך און אַ קינד דורכצושלעפען און נישט וויסען ווי אַזוי? בררר! און איהר פרײַלײַן זאַנדערס, זייט אַ צו שווערבלוטיגע פערזאָן, צו מאַכען שולדען האָט איהר שוין גאָר קיין טאַלענט נישט! ווען איך קלער מיר אַזוי וועגען אַייך — — — — — וואָס איך קאָן אַייך דאָך אַזוי גוט — — — — ווײַס דער טייוועל — — — — דאַן הויב איך אָן צו שטוינען פאַר דער עלעמענטאַרער מאַכט פון דער ליעבע! וואָס מוז דאָס זיין פאַר אַ קראַפט, וואָס קאָן אַזאַ נאַטור ווי אַייערע מאַכען ציטערן און איבערוועלטיגען! און, ליעבע זאַנדערס, איצט זאָג איך אַייך זייט „איהר" נישט בעז! — — טײַלמאָל פרעסט מיך די נײַגיריגקייט, אייפערזוכט, אַלץ וואָס איהר ווילט, דאָך וואָלט איך געוואָלט קענען־לערנען דעם מאַן וואָס איהם איז געלונגען אַייך צו פערפיהרען! — —

— דוואַראָל! —

— נו, נו! איך שווייג דאָך שוין, קינד לעבען!

שפּעט אין דער נאַכט איז אַננאַ געזעסען מיט אַ בלייפעדער און אין נאָטיץ ביכעל איהרע חשבונות געמאַכט. דעם 10 אָקטאָבער האָט זי געהאַט איהר איינגענם 1400 מאַרק. דערפון געהט אַראָב: דרײַ חדשים דירה־געלד צו 170 מאַרק אַ חודש מאַכט אוים 510 מאַרק. — — דרײַ חדשים לויהן פאַר די טרייע און איבערגעגעבענע קאָך צו 12 מאַרק אַ חודש האָבען מיר 36 מאַרק. — פאַר דעם ווייהנאַכט־יום טוב 30 מאַרק. — — און ווי שפּאָרזאַם און אײַנגעהאַלטען זי האָט געלעבט איז איהר דאָך אוועקגעגאַנגען זייטיגע הוצאות נאָך 124 מאַרק. בסך הכל אַ סומע פון 700 מאַרק. בלייבט איהר, הייסט דאָס נאָך 700 מאַרק. דערצו האָט זי נאָך בעקומען פאַר אַלע איהרע ציירונג 230 מאַרק און פאַר איהר אַרבייט האָט זי ערוואָרבען אין דער גאַנצער צייט 197 מאַרק, דאָס איז ווידער 427 מאַרק. וואַרט נאָך אַמאָל אָקאָרשט, בין איך מיר נישט טועה? יאָ, עס שטימט 427 מאַרק! זי האָט אַלזאָ איהר נויט־גראָשען אויך אַ סומע פון 1127 מאַרק מזומן געלד אין

איהר קלײנעם אײזערנעם קאַסע־קעסטעל. דערפֿון איז װיטערער עפּיס אראָבגעגאַנגען; אָבער װיען זי זאָל פֿלײסיג אַרבײטען און נאָך דערצו צו־אַרבײטען דורך די װאָך עטליכע איבערשטונדען קען זי מיט איהר אָטטאָ גאַנץ אָרענטליך זיך דערנעהרען און דערצו נאָך אָבשפּאָרען עטליכע גילדען אויף שפּעטער. אָטטאָ׳ן קאָן זי זיכער אָנטרויען אויף דער גוטער פֿרוי קאָך. זי װײסט שוין אויף איהם אַכטונג געבען, אין דער צײט פֿון צעהן אַ זײגער אין דער פֿריה ביז פֿינף דעם זײגער פֿאַר נאַכט, װאָס זי מוז זײן אין געשעפֿט אויף די נײע שטעלע! זי מיז האָבען אַ פּערזאָן, אויף װעלכער זי זאָל זיך קאָנען פֿערלאָזען! די אָרעמע פֿרוי קאָן אָבער פֿאַר דעם פּרײז, װאָס זי צאָהלט איהר יעצט, לענגער נישט בלײבען, פֿאַר קײן פֿאַל נישט. זי מוז איהר װעניגסטענס געבען נײנציג טהאָלער, װעט זי מוזען פֿון זיך ניפּא אָבשפּאָרען און אַ ביסעל צולײדען. — דאָס ערשטע מאָל זײט זי װאָהנט דאָ האָט זי געקאָנט אײניגע שעה נאָכאַנאַנד רוהיג שלאָפֿען. אויף מאָרגען האָבען זיך אַלע אין פּענסיאָן געפֿרעהט מיט דער שטעלע, װאָס אַננאַ האָט אין אינסטיטוט בעקומען. זי אָבער איז מיט אָטטאָ׳ן אויף דעם בית־עולם געגאַנגען און האָט די קברים פֿון איהרע עלטערן אויפגעזוכט; האָט זיך פֿאַר זײ אַ ביסעל דאָס שװער־בײטער הארץ אראָבגעװײנט. דערנאָך איז זי אויף די קברים פֿון די פֿאַמיליע דראָם געגאַנגען. דאָס קינד האָט געמוזט אַרויפֿלעגען די קרענצע אויף די האַרט געפֿראָרענע קברים. שפּעטער, זײענדיג אויף דער גאַס שוין האָט אַננאַ געפֿיהלט דעם אטהעם פֿון מוטער־גליק, װען זי האָט פֿון די פֿערבײגעהענדע געהערט אויסרופֿען פֿון ערשטױנונג, קוקענדיג אויף דאָס װאונדער־שעהנע קינד איהרע, אָדער װען מען האָט זיך אָבגעשטעלט אויף איהם קוקען. — אָטטאָ, מײן זיסינקער, װעל איך נאָך אַ מאָל פֿון דיר נחת האָבען? — האָט זי דעם קלײנעם געפֿרעגט, װאָס האָט געגעבען איהר מיט זײנע קלײנע פֿיסלעך פֿעסטע טריט געשטעלט.

— זאַ! — האָט ער געענטפֿערט צערשטרײט, דען זײנע געדאַנקען זענען מעהר בעשעפֿטיגט געװען מיט אַ „קינד״ װאָס איז פֿאַר איהם פֿערבײגעגאַנגען װי מיט איהרע פֿילאָזאָפֿיע.

---

ניינטעס קאַפּיטעל.

װײַטער איז דער [illegible] שוין פֿאַר דער טהיר געשטאַנען, ווען

מען האט שוין די דאטע — דעם פירטען דעצעמבער געשריבען. — אננא זאנדערס איז געשטאנען אנגעטהון אין אנ'אײנפאכע שווארץ-זײדענע טאאלעטע אין דעם גרויסען זאל פון דעם קונסט-אינסטיטוט. זי האט געהאט פיעל צו טהון, דען דער באל'ד אנקומענדיגער יום-טוב האט א סך קונים געבראכט. יעצט, מיטאג-צײט איז עם אביסעל רוהיגער געווארען. זי האט זיך א פערמאטערטע אויף א טײערן שטול ארויפגעזעצט און האט די אויגען פערמאכט. אין דערהײם האט זי געארבײט שפעט אין דער נאכט און באלד אין דער פריה זיך פון זיסען שלאף מיט געוואלד ארויסגעריסען און ווידער זיך געזעצט פלײסיג ארבײטען. ווי מיט א בײטש געיאגט האט זי געארבײט מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג און זיך פון מויל אבגעשפארט, דעם ביליגסטען פערגניגען זיך נישט פערגונען. דאס ביסעל פרײע צײט וואס איז איהר געבליבען האט זי געשאנקען דעם יונגעל איהרען און די גוטע פרײנד. קײן צײט צום נאך-קלערען האט זי נישט געהאט, קוים האט זי זיך א שווער-אנגעהארעוועטע אין בעט אריינגעווארפען איז איהר באלד דער שלאף ארויפגעפאלען. דאך האט זי זיך געפיהלט גאנץ גוט און איז מיט איהר איצטיגען שיקזאל העכסט צופריעדען געוועזען. זי האט יעצט צוריק איהר בליהענדיג געזונד אויסזעהן בעקומען. געליטען האבען, פון איהר שווער ארבײטען, מעהר פאר אלץ איהרע האר, זײ זענען איהר אין גאנצען גרוי געווארען, אבער די ווײכע זילבערנע פעדים איבער איהר רײצענד פריש געזיכט מיט די לײכטענדיגע אויגען האבען איהר נאך שענער געמאכט. איהר וואוקס האט ווידער איהר פריהערדיגע זעלבסטשטענדיגע האלטונג בעקומען. מיט אײן ווארט, אננא זאנדערס איז יעצט, נאהנט צו דרײסיג יאהר, שענער געוועזען ווי פריהער! — איהר בעל הבית איז מיט איהר העכסט צופריעדען געוועזען און האט איהר שטענדיג גערופען „מײן גלאנצענדיגער ליכטיגער שטערן". ער האט איהר בעהאנדעלט זעהר גוט און פון אקטאבער האט ער איהר געהעכערט דעם לוין פון צוויי הונדערט דרײסיג מארק מיט'ן אײגענעם ווילען אויף צוויי הונדערט פופציג מארק. זי האט זעהר גוט פערשטאנען צו געווינען די אכטונג פון די קונים, ווען זי איז נאר בײם פערקויפען געשטאנען האט זיך שוין קײן קונד נישט געדונגען. די זאכען, וואס זי האט מיט איהרע געשיקליכע הענד אויסגעפערטיגט האבען א סך בעלנים געפונען און מען האט זײ באלד צו זעהר גוטע פרײזען פערקויפט. אין די שטילע זומער-חדשים האט זי שוין פארגעברײט אויף די ווײהנאכטס-צײט. — — זײט דעם ערשטען אויגוסט האט זי שוין מעהר נישט געוואהנט בײ

באָל אין פּענסיאָן און האָט דעריבער שוין געקאָנט די פרוי קאָך אָבלאָזען.

פרײלײן בערטהא ראָזע איז געוואָרען פרוי לעהרער שנעווינד. די דאָזיגע טרײַע פרײַנדין איז אַנאַ'ן ביז צו לעצט טרײַ געבליעבען. זי האָט בײַ איהר מאַן געפּועלט אַרײַנצונעהמען אַננאַ'ן מיט איהר קינד צו זיך אין וואָהנונג. זי איז איבערגליקליך געוועזען וואָס זי האָט אַ היים פאַר זיך געפונען און האָט זיך אין גאַנצען פאַר איהר ליעבען מאַן אויפגעאָפּפערט און האָט דעם קלײנעם אָטטאָ'ן אַזוי צערטליך בעהאַנדעלט ווי זי וואָלט זײַן אײגענע מוטער געוועזען. זי האָט אָבער אויך אַננאַ'ן בעהאַנדעלט ווי אַ טרײַע שוועסטער און איז כמעט אײפערזיכטיג געוועזען אויף אַננאַ'ן ווען זי האָט זיך אַמאָל מיט דעם קינד צופיעל אָבגעגעבען. אָט די דאָזיגע נישט שעהנע און מאָגערע פרײַלײן, וואָס האָט פון לעבען אַזוי ווייניג גענאָסען האָט יעצט ערשט ווי אַ פערשפּעטיגטע בלום אָנגעהויבען צו בליהען. אויף דער פרײַלײן בערטהא ראָסט האָט זיך קײנער נישט אַרומגעקוקט, קײנער האָט איהר נישט די מינדעסטע אויפמערקזאַמקײט געשאָנקען. פרוי בערטהא שנעווינד אָבער, וואָס איהר געזיכט האָט פאַר גליק געשטראַהלט האָט אַלעמען צו זיך געצויגען און פעראינטערעסירט; עפּיס איז איהר געזיכט אויסגעקלערט, איהרע אויגען ליכטיגער געוואָרען. —

אַננאַ האָט געקלערט איבער די גוטע ווענדונג וואָס איהר שיקזאַל האָט אָנגענומען און שטיל גאָט געדאַנקט. אמת עס האָט זיך נאָך טיעף אין איהר האַרץ געפיהלט אַ פוסטקײַט, וואָס מען האָט עס נישט געקאָנט מיט קײן זאַך אויספילען! אָבער וואָס האָט זי געזאָלט טהון, מיט וואָס האָט זי זיך געקאָנט העלפען? בעסער, — פלעגט זי צו זיך אַלײן זאָגען, — וועגען דעם גאָרנישט צו קלערען; דאָס איז אַ וואונד, וואָס מען טאָר נישט אָנריהרען. ביסלעכווײַז האָט זי זיך חאָטש לפנים, פאַר לײַטען אין די אויגען, רוהיג פערשאַפט און פיעל גוטע פרײַנד בעקומען. זי האָט געפיהלט, אַז די וואָס קומען אין אינסטיטוט זענען פון איהר ווי בעצויבערט. זי האָט שוין אפילו פון אײנעם בעקומען אַנ'אַנטראַג. דער מאָנטער, וואָס האָט די עלעקטרישע בעלײַכטונג אין די זאַלאָנען פון אינסטיטוט מאָנטירט, האָט זיך צו איהר געשדכ'ענט. ער האָט איהר נישט נאָכגעלאָזען אפילו נאָך דעם ווי ער האָט זיך פון איהר גופא דערוואוסט פון איהר זוהן און, אַז זי האָט איהם ענטזאַגט איז ער טרויעריג און ניעדערגעשלאָגען פון איהר אַוועקגעגאַנגען. אַלע וואָס האָבען זיך אינ'ם אינסטיטוט געפונען: די מײד-

לעך אין געשעפט, די בוכהאַלטער, דינער, פערקויפערינס, די פיעל קונסט-האַנדווערקער אין די ווערקשטאַטען אַלע האָבען איהר גערופען „פרײַלײַן מוטער". עס פערשטעהט זיך, אַז נישט איהר אין די אויגען און נישט ווען דער שעף איז דערבײַ געווען, וואָרום ער האָט אַזעלכע געלעכטערלעך שטאַרק נישט געוואָלט ליידען. ער האָט שוין אַמאָל אַ יונגע פוצערין, וואָס האָט זיך ערלויבט פאַר איהם אין די אויגען אַננא'ן אַזוי אָנצורופען, פון געשעפט אַרויסגעטריבען און מיט כעס געשריען: „דרך ארץ פאַר פרײַלײַן זאַנדערס!" און פון דאַמאָלס אָן האָט קיינער נישט געוואַגט אויף אַננא'ן אַ שלעכט וואָרט צו רעדען. אָבער דאָס איז אַלץ געווען פאַר'ן שײַן; טיעף אינווענדיג אָבער האָט זיך ביים פערזאָנאַל פערבאָרגען אַן אַנטיפּאַטיע און שפּאָט קעגען אַננא'ן און זי האָט עס געוואוסט. זי האָט יעדע מינע, אויף איהר השבון מיט איהר שאַרף אויג אויפגעפּאַסט, דאָס שטילסטע כמעט האַלב-שטומען לויט, וועגען איהר, אויפגעהאָרכט. זי האָט אָבער געשוויגען, זי האָט זיך עס צוגעשוואָרען, אַז די בעזע וועלט זאָל איהר נישט פון איהר שטעלע פערטרײַבען! — זאָל מען אויף איהר זאָגען, אַז זי איז דעם דירעקטאָרס געליבטע, זאָל מען איהרע אַלטע חטאים פאָרוואַרפען אָדער איהר צוריקגעהאַלטענקייט פאַר גאוה ערקלערען — זי וועט זיך נישט אויף איין האָר אַנדערש פיהרען, ווי זי האָט זיך ביז יעצט געפיהרט! —

דוואראָל פלעגט צו איהר אָפט אַרײַנקומען אויף אַ פּאָר מינוטען. דעסגלייכען פלעגט אַמאָל אַרײַנקומען די פרוי ראַט באָל, דאָס פרײַליין קיהנ-בראַנד און רויך. איינמאָל האָט זיך אפילו יוליע באָרמער בעוויזען, האָט מיט אַננא'ן גערעדט ווי איהר שטייגער איז, קיהל, איראָניש און מיט איהרע בליקען אַננאַ'ס האַרץ דורכגעבויערט. נאָר ביים געזעגענען זיך האָט זי אַננא'ס האַנד אַלענגערע צײַט געהאַלטען און זי קראַמפּפהאַפט געדריקט; עס האָט אויסגעזעהן ווי זי וויל עפּיס זאָגען, האָט עס אָבער אַרונטערגעשלונגען און געשווינד אַוועקגעגאַנגען. —

דער הויף-פאָטאָגראַף קראַפּט איז צוויי מאָל ביים דירעקטאָר בלום וועגען געשעפטליכע אַנגעלעגענהייטען געוועזען און האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט מיט אַננא'ן אַ שעה צו פּלוידערן. דער ערנסטער צוריקגעהאַלטענער יונגער מענש האָט זיך, זענענדיג מיט אַננאַ'ן, פערוואַנדעלט אין אַ גוטען, צערטליכען און טרײַען מענשען. זי האָט איהם בעוואונדערט און זעהר היץ געשעצט. זי האָט איהם ליעב בעקומען אין האָט זיך פאַר איהם דאָס גאַנצע האַרץ אַראָבגערעדט. איבערהויפּט איז איהר געפעלען

פון איהם, וואָס ער האָט קיינעם נישט אויסגעזאָגט דאָס געהיימניס, וואָס ער ווייסט פון איהר און זיין בעטיהען זיך אויסצומיידען יעדען אויסדרוק אין רעדען, וואָס האָט נעקענט מרמז זיין אויף דעם פעהלער, וועלכען זי איז בעגאַנגען.

אָט איבער דעם אַלעם האָט אַ נ נ אַ ז אַ נ ד ע ר ס נאָכגעדאַכט, בשעת זי האָט זיך אַנידערגעזעצט. אַ שאַרף קלאַפּען פון פערדישע פּאָדקאָווע, אויף דעם אַספאַלט, וואָס זענען באַלד פערשטומט געוואָרען, האָבען איהר צו־וויסען געגעבען, אַז אַ וואָגען איז פאַר דער טהיר שטעהן געבליבען. זי האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צו דער ריעזען־גרויסער שויב אַ קוק צו טהון. זי האָט ריכטיג געהערט. צוויי עקיפּאַזשען האָבען אָנגעהאַלטען. אין דער ערשטער איז געזעסען אַ הויכער אַלטער אָפיצער מיט אַ שעהנער ווייס־האָריגע דאַמע. זיי קעגענאיבער אַ זעהר גרויסע, זעהר שלאַנקע יונגע דאַמע אין אַ לאַנגען מאַנטעל מיט אַ ציבעלין־קראַגען און בעזאַץ. אויף דעם זילבער־בלאָנדען האָר האָט זי געטראָגען אַ היטעלע פון דעם זעלביגען פעלץ גאַרנירט מיט שפּיצען און בלומען, וואָס האָט נאָך דעטאַליר נעלאָזט פאַרטרעטען דאָס בלאַסקייט פונ'ם וואונדער־שעהנעם געזיכט. נעבען איהר איז וויעדער געזעסען אַ רייצענד, בליהענד־שעהנע יונג מיידעל אין אַ געלבען סאַמעט־קלייד, וואָס איז מיט ביבער בעפּוצט געוועזען. אַ דינער אין אַ ליוורע האָט די טהיר פון עקיפּאַזש געעפענט. — אין דעם דערביי־איגען און אויך אַזאַ רייכען עקיפּאַזש זענען געזעסען צוויי אָפיצערן און איין הערר אין ציוויל, וועלכען אַ נ נ אַ האָט נאָך נישט געקאָנט דער־קענען. — זי האָט זיך פון פענסטער אָבגעצויגען און אַ שווערער זיפץ האָט זיך איהר פון האַרץ אַרויסגעריסען:

— די גרויסע וועלט! — — — אָ ט ט אָ'ס וועלט! — האָט זי זיך געטראַכט — און איך? — אַטיעפער קומער, וועלכען זי האָט מיט דער גרעסטער אַנשטרענגונג געוואָלט פון זיך פערטריבען, האָט זיך אויף איהר גאַנצעם וועזען אויסגעגאָסען. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געשווינד אַ בליק געוואָרפען אַרום זיך.

אין דעם עטאַזש, וואו אַ נ נ אַ איז געוועזען, האָבען זיך געפונען בילדער, סקולפּטורען, בראָנזען און אַנטיק־זאַכען. יעדע אָבטיילונג האָט איהר אייגענע פערקויפערין געהאַט. די ברייטע טרעפּ, וואָס איז מיט לויפער בעדעקט געווען האָט אינ'ם צווייטען עטאַזש געפיהרט, וואו עס זענען געווען לעדער סחורה, פּאָרצעלאַן, קריסטאַל און פּאַיאַנס. אויך אויבען זענען די הערען און דאַמען געשטאַנען אונטער אַ נ נ אַ'ס אויפזיכט.

זי אַליין האָט זיך שטענדיק געפֿונען אין דעם גרויסען איבערליכט-זאַל, אין וועלכען די בילדער זענען געשטאַקפּאָל אויסקאָרטירט געשטאַנען. אננאַ האָט בײַם עלעקטרישען גלעקעל אַ דריק געטהון וואָס האָט זיך אין אַלע אָבטײלונגען געלאָזט הערען און גערופען יעדערן אויף זײַן אָרט — די גופא איז אין די גאַלעריע אַרײַנגעגאַנגען, אין ווינקעל פון דער גאַלעריע איז אין אַ געצעלט פערוואַנדעלט געוועזען, וואָס איז נאָך פאָרנט אָפען געוועזען און פון עלעקטריש בעלײַכטעט געוואָרען. אויף אַ טיש אין דעם דאָזיגען געצעלט זענען געלעגען אַלערלײ בעדײַטענדע קונסט-צײַטונגען פון דער גאַנצער וועלט. דאָ האָבען געקענט די קינסטלער און די קונדען פון אינסטיטוט, אין דער צײַט וואָס זײ האָבען געמוזט צוואַרטען, לעזען און נאָטיצען מאַכען.

די נײַע קונדען זענען דערווײַל אַרײַנגעקומען אין די רײַכע, גרויס-אַרטיג פערפּוצטע צימערן. זײ זענען זיך אַרומגעגאַנגען פראַנק און פרײַ, ווי זײ וואָלטען די בעלי בתים פון אינסטיטוט געווען. זײער לאַכען, רעדען און סבינות-זאָגען האָט די גאַנצע וואָהנונג פול געמאַכט.

— איך געה מיט דער טאַנטע צוערשט אַרויף. מיר וועלען אינז שוין טרעפען בײַ די בילדער, — האָט זיך געהערט רעדענדיג אַ קלאָרע, עטוואָס דורכדרינגענדיגע שטימע.

— יאָ, אַז איך וועל מיט רענאַטען איבען פאַרטיג ווערען, קים איך דאָ אַהער! — האָט אַנ׳אַנדערע דאַמע וויעדער געזאָגט.

— גוט, מיר בלײַבען ערשט מאַל בײַ די בראָנזען, נישט אמת לו?

— האָט עפּיס אַהערר זיך אָבגערופען.

אַננאַ האָט זיך אין דאָס געצעלט געזעצט און האָט אַ זיפֿצער גענומען. דער נאָמען רענאַטע, וואָס זי האָט ערשט נישט לאַנג געהערט האָט איהר שרעקליכע אונרוהע פערשאַפט. זי וואָלט זעהר געוואָלט פון דאַנען אַוועקגעהן ביז איבער דער צײַט, וואָס זײ וועלען דאָ זײַן; עס איז אָבער שוין צו שפּעט געווען. זי האָט שוין מעהר נישט געקאָנט אַרויסגעהן נישט אָנטרעפענדיג די געזעלשאַפט. ניעדערגעשלאָגען האָט זי אויסגעוואַרט, נישט וויסענדיג וואָס פאַר אַ צויבערהאַפטע ווירקונג זי האָט אויף די קונדען געמאַכט; ווי איהר שעהנע דונקעלע געשטאַלט, איהר ליעבליך געזיכט מיט די ווײַסע האָר האָט אָבגעשלאָגען אויף די וואַרעם-רויטע זײַדען-פּלוש פון געצעלט. אין דער דאָזיגער בעלײַכטונג האָט זי געמאַכט דעם אײַנדרוק ווי אַ בילד אין אַ ראַם אײַנגעפאַסט. —

— אָט דאָ זענען די בילדער, אָטטאָ, קום נאָר אַהער מיט מיר!

אַז דער פּאַטער מיט ל ו און אַ ק ס ע ל מאַכען עפּיס אײנקױפֿע געדיערט
דאָס אַ הױבשע װילע, דאָס יונגע פּאָר איז מיט זײנע ברכות פֿאַר זײן נײע
חײם װי אַ קװאַל װאָס שעפּט זיך קײנמאָל נישט אױס!

— — אָ ט ט אָ! — — — — ר ע נ אַ ט ע! — — װאָס איז דאָס?
אַ נ נ אַ האָט זיך האַסטיג אין דעם טיש אָנגעהאַלטען. אַ שױדער איז איהר
דורך אַלע גליעדער דורכגעלאָפען. אַװעק! װי גאָט איז מיר ליעב אַװעק!
איך מאָר איהם נישט זעהן! עהרער זי האָט זיך נאָך געקאָנט איבערױבען
זענען אין זאַל צװײ העררען אַרײנגעקומען: אַ קירצער־אָפיצער און דער
אין ציװיל־קלײדער.

צו שפּעט! פֿאַר אַננאַ'ס אױגען האָט זיך די גאַנצע שטוב װי אין
אַ װילדען קרײז געדרעהט. איהרע שלײפֿען האָבען װי מיט האַמערס גע-
האַקט, איהר בלוט האָט װי מיט פֿײער דורך איהר גאַנצען קערפּער גע-
שטראָמט. זי האָט געפֿיהלט, אַז אָט באַלד פֿאַלט זי אין חלשות. זי האָט
געװאָלט אַ שרעקליכען חשק װילד אױפֿצושרײען; זי האָט אָבער פֿער-
ביסען די צײהן צוזאַמען־געביסען און זיך פֿעסט אָן דעם טיש געהאַלטען.
נאָר נישט קײן סענסאַציעס! נאָר רוהיג, נאָר געלאַסען! — — — דאָס
איז ער געװעזען! ער! אָטטאָ פֿאָן קאַנטהאַגען! איז דאָס אַרײנגעקו-
מען, שטאַרק און שטאָלץ װי אַ לײב אין װאַלד. דער שעהנער קאָפּ זיצט
פֿעסט אױף די אַקסלען! אָבער דאָס דרײסטע געזיכט איז שױן געעלטערט,
פֿערביטערט; פֿון אונדורכדרינגליכען ערנסט. דאָס אומגליק האָט זײן
שטעמפּעל דערױף אײנגעקריצט. ער האָט אױסגעזעהן װי דער פֿאָטער
פֿון'ם פֿרישען יונגען מאַן; דאָס אַלץ האָט זי אין אײן אױגענבליק בעמערקט
און האָט צוריקגעהאַלטען די ברענענדיגע טרערען, װאָס האָבען אין איהרע
אױגען געגליהט. אין האַלז האָט איהר געגומען שטיקען, שיער שיער
נישט דערװאָרגען געװאָרען. זי האָט זיך טיעף איבער דאָס בלאַט געבױגט
כדי מען זאָל זי נישט דערקענען. מערקװירדיג איז געװעזען דאָס גרױסע
רחמנות, די שטאַרקע, נאָך אױף אַ האָר נישט אָבגעשװאַכטע ליעבע, װאָס
זי האָט נאָך פֿאַר איהם אַזױ פֿריש געפֿיהלט; צװײ געפֿיהלע װאָס האָבען
איהר כעס איבערװעלטיגט, אַזױ אַז אַלע אַנדערע געפֿיהלען װי נקמה,
שנאה און כעס זענען אין גאַנצען פֿערשװאונדען געװאָרען.

— דאָרט זיצט אַ דאַמע! — האָט דער אָפיצער שטיל געזאָגט.
קאַנטהאַגען האָט גלײכגילטיג דאָרטען אַ בליק צוגעװאָרפען. זײ האָבען בע-
טראַכט די בילדער און געזאָגט זײערע מבינות. אײנער איז עמצעקט שטעה-
געבליבען פֿאַר אַ פּאָר יאַגד־שטיקער, און האָט זיך נישט געקאָנט זאַט

אָנקוקען פון די פּאָר פערד, וואָס זענען דאָרט געווען אויסגעמאָלט. אָטאָ איז זיך לאַנגזאַם ווײַטער געגאַנגען. ער האָט דעם מאַנטעל לויז געקנעפּעלט און האָט זײַן צילינדער אין דער האַנד געטראָגען. יעצט איז ער שוין גאָר נאָהענט פאַר אַננאַ'ס געצעלט געשטאַנען. ער האָט איהר געזעהן, האָט זיך דערשראָקען און האָט נאָך פעסטער אויף דאָס בילד געקוקט. נון האָט ער אַננאַ'ן דערקענט און אַנגסטען שוויים האָבען איהם אַרויסגעשלאָגען, דאָס געזיכט איז איהם ווי בײַ אַ מת בלאַס געוואָרען. שוידערנדיג האָט זי איהרע אויגען אויפגעשלאָגען, זי האָט זײַנע בליקען געטראָפען און האָט איהם איינינע סעקונדען שטאַרק אָנגעקוקט. די פאַרבען אויף איהר געזיכט האָבען זיך איינס נאָכ'ן אַנדערן געביטען. דער אויסדרוק פון זײַן געזיכט איז געווען טרויעריג און ווי פון אַ שרעקליכען לײַדען אָבגעמאַטערט. קאַנטהאַגען איז געשטאַנען און געשטאַנען.

— לעאָ! — האָט ער פלוצלונג מיט אַ טרוקענער שטימע אויסגעשריען, — איך האָב גאָר פערגעסען — — — — דו וואָלסט מיר טהון אַ גרויסע טובה, אַז דו וואָלסט רענאַ'ן דערמאַהנען זי זאָל פאַר דעם פּאַסטאָר און דעם לעהרער אויך בעזאָרגען איינינע קלייניגקײַטען! איך וועל דיר דאָס קיינמאָל די טובה נישט פערגעסען! —

— אַך, מיט'ן גרעסטען פערגניגען, — האָט זיך לעאָ אָבגערופען, מײַן שעהנע שוועסטער-קינד זאָל די דאָזיגע בכבוד'ע מענשען נישט פערגעסען. און באַלד איז ער פערשוואונדען געוואָרען. —

מיט איינינע האַסטיגע טריט איז קאַנטהאַגען צום געצעלט צוגעגאַנגען און איז פאַר אַננאַ'ן געשטאַנען. מיט פערצווייפעלטער געשווינדיגקײַט האָט ער איהר בײדע הענד אויסגעשטרעקט נישט אַכטענדיג דערויף וואָס זײַן צילינדער איז אויף דער ערד אַראָבגעפאַלען.

— אַננאַ, איהר זײַט דאָ? — האָט ער שטיל געשעפּטשעט.

זי האָט איהר קאַלטע האַנד אין זײַנע אַרײַנגעלעגט, ער האָט זײַנע ליפּען דערויף געפּרעסט. אַ ברענענדיגער שטראָם האָט אַ שפּאַר געטהון פון דעם בעריהרטען אָרט צו איהר האַרץ צו.

— ווי געהט עס אײַך און דעם קינד? לעבט עס? איז עס געזונד? — —

— יאָ! — האָט זי קוים אַרויסגערעדט און די אויגען צו דער ערד אַראָבגעלאָזען. שרײַען האָט זי געוואָלט, זיך איהם אויפ'ן האַלז וואַרפען פאַר גרויס שמחה.

— וואָס טהוט איהר דאָ, אננאַ? — האָט ער איהר געפרעגט און האָט איהר אָנבליק מיט די אויגען געשלונגען.

— איך האָב דאָ אַ שטעלע! — האָט זי געענטפערט און געקוקט צום אײנגאַנג, דען די שטימען, וואָס האָבען זיך פון ווײַטען געהערט זענען וואָס אַ סעקונדע אַלץ נעהנטער געקומען. —

— אננאַ, איך שווער אײך, עס געהט קײן טאָג נישט אַוועק איך זאָל נישט מיט גליהענדער חרטה און פּײַנליכען שמערץ אָן אײך דענקען, איך בין דאָך אַזוי — — — ער האָט זײַנע ווערטער נישט געענדיגט. ער איז אויך גלײך מיט אננאַ'ן מעהר צום דרויסען צו צוגעגאַנגען און זיך אײַנגעהאָרכט, טאָמער קומט ווער און אַז ער האָט קײנעם נישט בעמערקט האָט ער ווײַטער געזאָגט: מיר בלײַבען אין בערלין צוויי טעג, קאָן איך אײך און דאָס קינד דאָ, אָדער ערגיץ אַנדערש וואו האָטש אײן סעקונדע זעהן? איך בעט אײך! — —

ער האָט אַזוי גוט פערשטאַנען צו בעטען! עס האָט איהר דורך אַלע בײנער דורכגענומען; אָבער זי האָט ענטשלאָסען געענטפערט: נײן! — —

— אננאַ, אננאַ, ווען איהר וואָלט געוואוסט — — —

— — נײן, קײנמאָל נישט! קײנמאָל נישט! —

קאַנטהאַגען איז געשווינד פון איהר אַוועקגעגאַנגען און האָט זיך בײַ ערגיץ אַ בילד אַוועק־געשטעלט, נאָך דעם ווי ער האָט האַסטיג זײַן ציליג־דער אויפגעהויבען. דער גענעראַל איז מיט זײַן טאָכטער און אײדעם אין דער גאַלעריע אַרײַנגעקומען.

— דײַן פערלאַנג, ליעבער פלעמיאַניק, איז ערפילט געוואָרען; אַ״יך איז אויפ'ן בעסטען אופן בעזאָרגט געוואָרען, — האָט לעאָ מיט אַ פרײ־ליכען טאָן געזאָגט.

— נון לאָמיר אָקאָרשט די בילדער גוט אָנקוקען. מײַן ליעבע פּרוי מײנט, אַז פאַר'ן זאָל איז דורכאויס נויטיג צוויי לאַנדשאַפטען, לאָמיר זיי נאָר אַ ביסעל גענויער בעטראַכטען! — —

— דו, אָטטאָ, זעה נאָר ווי רײצענד! גיב נאָר אַ קוק דאָ אויף דעם בילד! די מוטער מיט דעם קינד — — — אַך ווי וואונדער־שעהן! איז אײער מאַריע לואיזע שוין אַזוי גרויס? — האָט דאָס יונגע מײדעל זיך אָבגערופען בעגײַסטערט צופיהרענדיג קאַנטהאַגען צו אַ בילד.

— איז דאָ גאָר קײַן פערקויפערין נישטאָ? — האָט דער גענעראַל געפרעגט און האָט זיך אומגעדולדיג אַרומגעקוקט. ער האָט אויף אַ נ נ אַ ז אַ נ ד ע ר ס געקוקט, אָ ט ט אָ האָט זיך. אויך צו איהר געווענדעט. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און איז מיט רוהיגער ווירדע צום טהיר צוגעגאַנגען.

— פאַרדאָן, גנעדיג פרײַלײַן; אפשר ווייסט איהר ווער דאָ איז די פערקויפערין? מען מוז דאָך האָבען אינפאָרמאַציאָנען און די פרײַזען אָנגעבען! האָט דער אַלטער הערר יעצט געזאָגט פרײַנדליך און וועלטמענניש צו אַ נ נ אַ'ן.

אַ נ נ אַ האָט לײַכט מיט דעם קאָפּ געשאָקעלט און געענטפערט: עס זאָל זאָפאָרט בעזאָרגט ווערען! און באַלד דערויף איז זי פון איהר געצעלט אַרויסגעגאַנגען. פאַר קײַן פאַל אין דער וועלט האָט זי נישט געקאָנט פאַר אָ ט ט אָ'ן אין די אויגען מיט די קונדען זיך פערנעהמען. זי האָט אַ דאַמע פון געשעפט צוגערופען און איהר געזאָגט: פרײַלײַן ר י ע פ פ ס ט אַ ל, געהט, זײַט אַזוי גוט, גלײַך אויף דער גאַלעריע אַרויף, ביז דער הערר דירעקטאָר וועט קומען. איך געה איהם שוין רופען, דען איך פיהל מיך קראַנק. דאָס בלאַסקײַט אויף איהר פנים האָט בעוויזען, אַז זי זאָגט דעם אמת, און באַלד איז זי אַראָב אין דעם פריוואַט-קאַנטאָר.

— מיר דאַכט זיך, פּאַפּאַ, איהר האָט די דאַמע בעליידיגט! דאָס מוז זײַן אָדער די בעל הבית'טע אָדער אויך אַ קונד ווי מיר! — האָט זיך דער חתן אָבגערופען. דאָס איז אַן אָריגינעלע, היבשע פּערזאָן, דאָס ווײַסע האָר און דאָס יונגע געזיכט! האָסט דו איהר געזעהן, אָ ט ט אָ? האָט לעאָ מיט אַ פיעבערהאַפטען טאָן געזאָגט.

— נײַן! האָט ער קורץ געענטפערט. דער דאָזיגער פאָרפאַל האָט איהם שרעקליך געפּײַניגט.

דערווײַל איז אָנגעקומען פרײַלײַן ר י ע פ פ ס ט אַ ל און האָט זיך פאַר די געזעלשאַפט טיעף פערנייגט, און געפרעגט מיט אַ בעשײַדענעם טאָן:

— מיט וואָס קאָן איך אײַך דיענען?

— שפּעטער, מײַן קינד! צוערשט זאָגט מיר, זײַט אַזוי גוט, ווער איז דאָס געוועזען די דאַמע, וואָס איז אָקאָרשט אַזוי האַסטיג אַרונטערגעלאָפען? — האָט דער גענעראַל געפרעגט.

— דאָס איז געוועזען, פרײַלײַן ז אַ נ ד ע ר ס, אונזער ערשטע דירעקטריסע, — האָט פרײַלײַן ר י ע פ פ ס ט אַ ל געענטפערט.

— אַח, אַנ'אָנגעשטעלטע דאָ אין געשעפט?! אַזוי? — האָט דער גענעראַל זיך אָבגערופען אַ ביסעל פערוואונדערט. ער האָט איך, קענטיג, בעמערקט אַננאַ'ס אויפפאַלענדע עלעגאַנטע ערשיינונג.

אַ נ נ אַ איז ווי פון הינד געיאָגט געשווינד אין ב ל ו ם'ס פריוואַט־צימער אַריינגעפאַלען און מיט דער גרעסטער אַנשטרענגונג קוים אַרויס־גערעדט:

— העדר דירעקטאָר! — זי וועלען אַזוי גוט און פריינדליך זיין און מיינע שטעלע, ביי זעהר פאָרנעהמע קונדען, איבערנעהמען. איך פיהל מיך פּיינליך — — —

מעהר האָט זי קיין כח נישט געהאַט אַרויסצורעדען. העדר ב ל ו ם איז דערשראָקען אויפגעשפרונגען און האָט איהר אַ שטוהל אונטערגעטראָגען און באַלד דערויף האָט ער איהר אַ גלאָז וויין צום מויל דערלאַנגט, וואָס איז נאָך פון זיין פריהשטיק אונבערירט געשטאַנען.

— טרינקט פריילין זאַ נ ד ע ר ס. געשווינד! עס לוינט מיר נישט, אַז איהר זאָלט מיר קראַנק ווערען גראָד פאַר די ימים טובים, ווען עס הויבט זיך אָן די רעכטע לייזונג ביי מיר אין געשעפט! איהר ערהוילט זיך דאָ דערווייל, איך גיה שוין אויף דער גאַלעריע אַרויף! — און באַלד איז ער פון זיין פריוואַט־צימער אַרויס.

דער פּראָקוריסט, שוין אַ בעיאָהרענטער פערהייראַטעטער מענש, האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט און צו דער פאַר קראַנק־געהאַלטענער אַ נ נ אַ צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— געהט, אָדער פאָהרט איך גאַנץ רוהיג אַהיים, פריילין זאַ נ ד ע ר ס, און רוהט איך איינינע טאָג אויס! איהר שטרענגט איך דאָ אין געשעפט אָן איבער אייערע כחות, דערצו אַרבייט איהר נאָך אַזוי שווער ביי זיך אין דער היים, עס איז גאָר קיין וואונדער נישט וואָס איהר זייט קראַנק געוואָרען! פערגינט איך אין די יום־טוב טעג אַ ביסעל רוה, געהט אַ רעכט ביסעל שפּאַצירען איהר זאָלט ווידער קענען בעקומען אַ געזונדע פאַרב! איך וועל, פאַר היינט, אייער שטעלע איבערנעהמען!

— איך דאַנק איך טויזענד מאָל! — האָט אַ נ נ אַ אָנגעשטרענגט געענטפערט. — איהר זייט צו מיר אַזוי גוט, העדר ב ר ו ן, און דעריבער רעדען איך, אַז איך קאָן וואַגען איך עפּיס צו בעטען! — —

— וואָס פאַר אַ ביטע, ליעבעס פריילין?

אַ נ נ אַ האָט געטראַכט וועגען דעם, וואָס אָ ט ט אָ האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך אויפהאַלטען אין בערלין צוויי טעג. זי האָט מורא גע־

האָט, אַז ער וועט שוין אויסזוכען ערגעץ וועלכען אויסרעד און וועט הײַנט אָדער מאָרגען קומען אַלײן צו זײַ אין געשעפט כדי מיט איהר צו רעדען אומגעשטערט. דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהר דאָס גאַנצע בלוט אין געזיכט אַרײַנגעשפּאַרט: קאָן איך אפשר, הערר ב ר ו ן אויך מאָרגען אין דערהײם בלײַבען? איך וועל גערן דערפאַר אין די יום־טוב טעג אָבאַרבײַטען! — האָט זי מיט אַ האַרץ־רײַסענדיגען טאָן איהם געבעטען. — —

— געוויס, ליעבעס פרײַלײַן, ווען עס איז נישט אַנדערש מעגליך, מוז עס אַזוי זײַן, ווי איהר זאָגט! איך ווײס אַז איהר האָט זעהר אַנ׳עדעלען האַראַקטער און וועט נישט טהון קײן זאַך נישט ווי דער יושר איז, איך איז אַ שאָד אפילו אײן אײנציגע שטונדע דעם געשעפט אויסצובּרענגען! איך וועל מיט דעם דירעקטאָר וועגען דעם שוין רעדען! —

— איך דאַנק אײַך פון טיעפסטען האַרץ! איבערמאָרגען אין דער פריה, האָף איך, בּעשטימט ווידער צו קומען! — — זי האָט זיך האַסטיג אָבגעזעגענט, האָט איהרע זאַכען איבערגעוואָרפען און איז אַרויס פון אינסטיטוט.

פרוי ש נ ע ו ו י נ ד האָט זיך דערשראָקען, וואָס אַ נ נ אַ איז אַזוי פריה אַהײם געקומען און זעהט אַזוי שלעכט אויס. זי האָט זיך געוואונדערט איבער איהר אונקלאָרען ענטפער און האָט דורכאויס געוואָלט רופען אַ דאָקטאָר, וואָס זאָל איהר עפּיס אַ מעדיצין פערשרײַבען. אַ נ נ אַ האָט איהר אָבער האַרציג געבעטען זי זאָל איהר נאָר צורוה לאָזען, דאָס וועט זײַן פאַר איהר די בּעסטע רפואה און איז מיט איהר קלײנעם אָ ט ט אָ צו זיך אין צימער אַרײַן. בּײַ דער אויפרעגונג, וואָס זי איז הײַנט אויסגעשטאַנען, האָט זי ווענינגסטענס דאָס קינד געמוזט בײַ זיך האָבען. — בּ ע ר ט ה אַ האָט בּעמערקט, אַז איהר פרײַנדין איז נישט קערפּערליך קראַנק נאָר גײַסטיג אויפגערעגט, און האָט איהר דעריבּער געלאָזט צורוה.

דעם גאַנצען מאָרגענדיגען טאָג האָט אַ נ נ אַ געאַרבּײַט מוסטערן און דער קלײנער אָ ט ט אָ האָט זיך דערווײַל געשפּיעלט פלײַסיג מיט אַ בוי־קאַסטען און דערבּײַ גאָבּאַנאַנד קינדיש געפּלוידערט. דאָס קלײנע בּעשעפּעניש האָט איהר צוריק איהר גײַסטיגע רוהיגקײַט געגעבען. הײַנט האָט זי צום׳ערשטען מאָל עמפּפונדען אַ דאַנקבּאַרעס געפיהל פאַר די עקזיסטענץ פונ׳ם קינד. די גאַנצע צײַט פון איהר אינערליכער קוואַלפולער צוריסענהײַט האָט איהר שרעקליך געפּײַניגט דער געדאַנק וואָס זי איז אַזוי אַלײן און עלענד אויף דער גאַנצער וועלט. דאָס האַרץ איז איהר שיער נישט אין שטיקער צעריסען געוואָרען, דערמאָהנענדיג זיך, אַז ער מיט זײַן פרוי און קינד

געניסט דאָס העכסטע גליק, קומט צווישען די גרעסטע און פיינסטע גע-
זעלשאַפטען און זי דאַרט און טריקענט צווישען פרעמדע, אומבעקאַנטע
און איהר פיינהאַסטע מענשען; היינט אָבער קוקענדיג אויף דאָס קליינע
בעשעפעניש'על האָט זי עמפפונדען אַ געפיהל פון צופריעדענהייט. איז זי
דאָך נישט מעהר אַזוי עלענד, האָט זי דאָך אויך עפּיס וואָס געהערט איהר,
עפּיס וואָס איז אַ טהייל פון איהר גופא. זי האָט דאָס קינד. אפילו אין
די שלעכטע ביטערע מינוטען און וועלכע זי האָט זיך געפינען איז דאָך די
מוטערשאַפט געוועזען עפּיס ערהאַבענעס, עפּיס געטליכעס. זי האָט היינט
איהר קינד אַזוי פיעל צערטליכקייט, אַזוי פיעל מוטער-ליעבע בעוויזען,
אַז דאָס האָט שוין דעם קליינעם אפילו געוואונדערט. ער איז פון איהר
[illegible] אַזוי איבערגליקליך געוועזען, אַז ער האָט איהר יעדע מינוט עפּיס
אַנ'אַנדער זאַך פון זיינע שפּיעלצייג געשאָנקען, דערביי האָט ער איהר
מיט זיינע גרויסע אויגען אַזוי האַרציג אָנגעקוקט און מיט צערטליכע ווער-
טער בעשטאַנען: — מאַמאַ, ליעבע, גוטע, שעהנע מאַמע. אָטטאָ אַרטיג
קינד! אָטטאָ מאַמאַ ליעב, אַזוי ליעב! און האָט איהר האַלז מיט שטו-
רעמדיגער צערטליכקייט געפרעסט. זי האָט איהם יעדעס גליעד בעזונדער
אויסגעקושט. איהר איז אויסגעקומען, אַז נישט נאָר זי קושט די קלאָרע
ריינע צינגע פון איהר קינד נאָר אויך דעם פאָטער פונ'ם קינד, וואָס זיינע
ציגע זענען יעצט אַזוי פערגרימט און פערביטערט. — ווערסט דו אויך
פערלאָזען און אויסקאַרפען דאָס מיידעל, וואָס דו ביזט איהר אַלץ אין
דער וועלט, אַלץ אין דער גאַנצער עביגקייט — — — —, צוליעב געלד,
אָטטאָ? — האָט זי דעם קינד געפרעגט, און אַז ער האָט אויף די נישט-
פערשטאַנענע פראַגע אונשולדיג לאַכענדיג מיט „יאָ" געענטפערט האָט זי
איהם זיין מיילכעל מיט איהר האַנד פערמאַכט.

אויפ'ן צווייטען מאָרגען, ווי נאָר דער זייגער האָט די צעהנטע שעה
אויסגעשלאָגען, איז אַ נ נ אַ אין איהר געשעפט אַריינגעקומען און האָט זיך
ביי איהר שעף געמעלדעט.

— געלויבט איז גאָט, אַז איהר זייט ווידער דאָ ביי אונז, פריילין!
— האָט ער פריינדליך אויסגערופען. — מיר האָבען דאָס נעכטען אַביסעל
געהאַט אַנ'אַרבייט, די טהיר איז אַ רגע נישט שטיל געשטאַנען, דער
אַרויס דער אַריין און איהר האָט אונז געפעהלט אויף יעדען טריט! —
איבריגענס האָבען די עהרענעכטיגע הערשאַפטען זעהר גוט געקויפט. איי-
נער פון די הערען, אַ געוויסער באַראָן ק אַ נ ט ה אַ ג ען, איז דאָ נעכטען
נאָך צוויי מאָל געוועזען און געמאַכט גאַנץ היבשע איינקויפע. גיט נאָר אַכ-

זונג, פרײַלײן זאַנדערס. אַז די זאַכען זאָלען גוט פּערפעקט ווערען און נאָך הײַנט מוז עס פערזאָרגט ווערען קײַן ריטערגוט — — — — אַט האָט איהר די אַדרעססע — — — דאַסעלבע זעבער עט. — איהר ווייסט, בּרון, — האָט ער זיך צו זײַן פּראָקוריסט געווענדעט, וועלכער האָט דורכגעזעהן די ערשט אָנגעקומענע פּאָסט, — דער באַראָן האָט די שעכטע פרוי וואָס איך קען פאַר אַ ווײַב, און דערבײַ זעהט דער מענש אויס! — דאַכט מיר אַ שענערן לעגט מען אין קבר אַרײַן! עפּיס אַזוי פערגרימט, פערקרימט און אונצופריעדען און אַזוי צערשטרײַט, אַז ער ווייסט נישט וואָס מען רעדט צו איהם און וואָס ער אַלײן רעדט!

— דאָ איז אַ בּריעף פאַר אײַך, פרײַלײן זאַנדערס! — האָט בּרון איבּערגעריסען בּלום'ען אין זײַן געשפּרעך.

— פאַר מיר? — האָט אַננאַ ערשטוינט געפרעגט, זי איז ווי אויף גליהענדיגע נאָדלען געשטאַנען. זי האָט אַרײַנגענומען אין איהר האַנד דעם קאָנווערט, אויף וועלכען עס איז געווען אויפגעדרוקט די פירמאַ פון אַ דערבײַאיגען קאַפע־הויז. און קוים האָט זי נאָר אַ בּליק געטהון אויף די שריפט איז זי געוואָרען אַ פערציטערטע. די שריפט איז איהר צו גוט בּעקאַנט, עס איז אָטטאָ'ס האַנדשריפט! — — — זי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו מאַכען אַ גלײַכגילטיגע מינע, האָט דעם בּריעף אין קעשענע אַרײַנגעשטעקט און געמאַכט אַ קורצע פערנײַגונג. דערנאָך האָט זי זיך געצוואונגען צו מאַכען צוערשט דעם געוואוינטען רונדגאַנג דורך דאָס גאַנצע געשעפט, די בּיכער דורכצוזעהן, זעהן צי ווערען די בּעשטעלונגען פּונקטליך בּעזאָרגט און דערנאָך איז זי אַוועק אין דער גאַלעריע. דאָ האָט זי ערשט דעם בּריעף אַרויסגענומען פון דער קעשענע און דעם קאָנווערט אָבּגעריסען. עס האָט איהר אָנגעהויבּען שווינדלען פאַר די אויגען און האָט זיך געמוזט אַנדערהאַלטען לייענען דעם בּריעף:

„איך בּין אַ צווייטען מאָל, אָבּער אומזיסט דאָ געוועזען, כּדי מיט אײַך צו רעדען! איך האָב קײַן מאָל נישט געוואַגט, אַננאַ, צו האָפען איהר זאָלט מיר מוחל זײַן! אָבּער איך האָב געוואָלט הערען פון אײַך, פון דעם קינד. איך בּין אויסער זיך, איהר, ליעבּע, טײַערע אַננאַ, מוזט זײַן בּײַ אַנ'אַנדערן אויף אַ שטעלע, זײַן פון אַנ'אַנדערן אָבּהענגיג. מײַנער אַ גוטער פרײַנד האָט זיך אײַנמאָל ערקונדיגט וועגען אײַך, און האָט זיך דערוואוסט, אַז איהר לעבּט זאָרגלאָז ווי אַ קינד אין אַ רײַך הויז, אײַערס אַ פערוואַנדטע! אַלזאָ, דאָס צוּמאָל איך נישט! — אַננאַ איך האָב קענען אײַך ווי דער געמײַנסטער, פערדאָרבּענסטער יונגיש געהאַנדעלט! אָבּער עס איז דאָ אַ

משפט אויף דער וועלט, אַ גערעכטער משפט און איך האָב מײַן שטראָף בעקומען. דער שיקזאַל האָט זיך אָן מיר נוקם געווען. אונגליקליכער פֿאַר מיר איז שוין קײַן מענש אויף דער וועלט נישט! קײַן מענש דאַרף אָבער פֿון מײַן אומגליק נישט וויסען. איהר מעגט איבער מיר טריאומפירען, ווי שלעכט איך זאָל נישט זײַן בין איך אייך טויזענד מאָל מקנא! די צינאַ־ווימצער טעג שטעהען פֿאַר מיר ווי אַ גן עדן פֿון גליק און אונשולד. — קושט פֿאַר מיר מײַן זיסען יונגעלע, און אויב עס איז אייך נאָר מעגליך ערציהט איהם אָהן שנאה צו מיר! זאָגט איהם, אַז זײַן פֿאָטער געהט אויס פֿאַר בענקשאַפֿט נאָך איהם און נאָך די פֿײַנע פֿרוי, וואָס ער האָט דאָס גליק איהר צו רופֿען מוטער!"

— אָטטאָ!

אַננאַ האָט דעם בריעף, וואָס איז שנעל און מיט אַ שלעכטער פֿעדער געשריבען געוואָרען, געלעזען און געלעזען. דערנאָך האָט זי איהם צוזאַמענגעלעגט און אויף איהר ברוסט בעהאַלטען. זי איז געזעסען מיעף געבויגט און אין זיך צוזאַמען־געזונקען און שטאַר אויף דער ערד געקוקט און טרעהרען האָבען זיך אויף איהרע באַקען ווי פֿון אַ קוואַל געגאָסען. — דער דאָזיגער בריעף וועט איהר אַ מאָל דיענען אַלס דאָקומענט מיט וועלכען זי וועט זיך פֿאַר איהר זוהן קענען פֿערענטפֿערן. ער איז ווי אַ הײַלענדיגער, אָבקיהלענדיגער און מחיה'דיגער פּלאַסטער אויף איהר וואַרעמע הויט געלעגען. — דערנאָך זענען געקומען קונדען און אַננאַ איז דעם גאַנצען טאָג מיט זיי פֿערנומען געוועזען. — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

גאַנצע חדשים זענען אַוועק. נאָך דעם ווינטער זענען געקומען פֿריה־לינג און זומער. דער דירעקטאָר בלום האָט אַננאַ'ן געגעבען אורלויב אויף דעם גאַנצען מאָנאַט אויגוסט. זי האָט איהם פֿערבראַכט אויף אַ זומער־וואָהנונג בײַ שנעעווינדס עלטערן. נאָך קאַניקול איז בערטהאַ מיט איהר מאַן צוריק נאָך בערלין געפֿאָהרען. — אַננאַ איז אַלזאָ דעם גאַנצען טאָג געבליעבען אַליין מיט אָטטאָ'ן! דאָס יונגעל איז געוואַקסען און געבליהט ווי אַ שעהנע רויז. דעם גאַנצען טאָג האָט ער געשטיפֿט און גע־לאַכט. ער האָט זיך באַלד געפֿונען חברים איבער וועלכע ער האָט ווי אַ נעבּיעטער געהערשט און זיי האָבען איהם־אויפֿ'ן וואונק געפֿאָלגט, זיך געלאָזט פֿון איהם האַרט בעשטראָפֿען ווען איהם איז אויסגעקומען אין שפּיעל מיט זיי, אַז זיי האָבען זיך געגען איהם פֿערזינדיגט. איהם האָט קײנער נישט געטאָרט זאָגען קײַן דעה. איין מענש אין דער גאַנצער זומער־

וואַהנונג האָט איבער איהם, אַחוץ דער אַלטער שנעוויַנד, געהערשט און דאָס איז געוועזען זיַין מוטער אַננאַ. איין איינציגער שטרענגער בליק פון איהר איז גענוג געוועזען איהם אין רעכטען קיראַוש אין זיַינע שטיפעריַיען אָבצושטעלען. אין ערשטען סעפּטעמבער איז זי מיט איהר שוין דריַי־יעהריג קינד צוריק נאָך בערלין געפאָהרען. בערטהאַ האָט איהר הערצליך עמפּפאַנגען; אָבער מיט אַ געוויסער פערלעגענהייט. אַז אַננאַ האָט איהר וועגען דעם געפרעגט האָט זי איהר דערצעהלט דעם אמת.

— אַח, אַננאַ, שוין צוויי מאָל איז דאָ געוועזען אַ הערר, וואָס וויל מיט אייך רעדען! איך האָב איהם געזאָגט, אַז איהר וועט ערשט היַינט אָנקומען און איהר מוזט באַלד אין געשעפט געהן. האָט ער מיט מיר אָבגערעדט, אַז ער וועט דאָ זיַין זונטאָג צוועלף דעם זייגער! — —

— אַזוי? אָבער איהר ווייסט דאָך, דאַכט זיך. אַז איך נעהם ביַי זיך קיין הערען נישט אויף, ווי אַזוי האָט איהר דאָס געקאָנט, בערטהאַ? — — —

— ער זעהט אַזוי אַריסטאָקראַטיש אויס און האָט מיר אַזוי שטאַרק געבעטען. ער מוז מיט אייך רעדען, קאָן דאָ זיַין וואָס עס וויל! האָט ער געזאָגט! — —

אַננאַ'ן האָט דאָס האַרץ אָנגעהויבען ווי אַ זייגער צו קלאַפּען און מיט גרויס אָנשטרענגונג האָט זי קוים געפרעגט:

— ווער איז דאָס געוועזען?

— צוערשט האָט ער זיַין נאָמען גאָרנישט געוואָלט זאָגען, אַז איך האָב איהם אָבער ענערגיש אָבגעזאָגט האָט ער געזאָגט ער הייסט: ראָדעק, אַייזשען פון ראָדעק! אַח, אַננאַ, מיר ווערט נישט גוט, אַז איך גיב אַ קוק אויף אייך, ווי איהר זעהט אויס, נון — — —

בערטהאַ האָט שיער נישט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין — נון, ווייס איך שוין — — — — ער איז אַ בעזער גייסט פון די פערגאַנגענע יאָהרען — ער איז עס! עמפּפאַנגט איהם ליעבערשט נישט!! ביטטע! אַח, דערבאַרמדיגער גאָט, איך וויל נישט וויסען אייערע סודות; אָבער מען זאָגט אויך דאָס אייגענע וואָס איך! — —

אַננאַ איז די טריַיע פריַינדין אויף דעם האַלז אַרויפגעפאַלען:

— איך דאַנק אייך זעהר פאַר אייער טיילנאַהמע, ליעבע בערטהאַ, אָבער בעאונרוהיגט אייך נישט צוליעב מיר. איך שווער אייך, עס איז נישט ווי איהר גלויבט, עס איז נישט אָטטאָ'ס פאָטער! אמת, ער האָט מיט איהם אַ גרויס שייכות, אָבער — — —"

— אפשר וויל ער מיט אײַך חתונה האָבען? — האָט פרוי שנעווינד געזאָגט מיט אַ פרעהליכער שטימע, — אַוראי, אַוראי! —

— איהר האָט ווידער נישט געטראָפען, — האָט אַ נ נ אַ געזאָגט זיך פאַסטענדיג מוט, — נאָר זאָל שוין זײַן וואָס עס וויל, איך וועל איהם עמפפאַנגען. איך בעט אײַך, ב ע ר ט ה אַ, איהר זאָלט זיך ווײַטער וועגען מיר נישט זאָרגען! איך פערזיכער אײַך, אַז דאָ שטעהט נישט פאָר קײַן סכנה חלילה, נישט פאַר מיר נישט פאַר מײַן קינד! נאָר איך מוז שוין געהן אין געשעפט! די זאַכען אויספאַקען וועל איך ערשט הײַנט אָבענד. וועט איהר מײַן יונגעל ווידער נעהמען אונטער אײַער השגחה, ליעבע ב ע ר ט ה אַ? — —

— אַוראי, אַוראי, מײַן פראַנצעלע איז אין דער שולע, איהר געהט אַוועק אין געשעפט, בלײַב איך דאָך אײנע אַלײן, און וואָס אַנ'אמת, איך האָב שוין נאָך דעם קלײנעם אָ ט ט אָ שטאַרק געבענקט. ער האָט מיר געפעהלט אויף שריט און טריט!

און באַלד איז זי שוין אויף די קניע פאַר'ן קלײנעם יונגעל געשטאַנען, זי האָט איהם דאָס היטעלע פון די לאָקען אַראָבגענומען. אַ נ נ אַ האָט זיך איבערגעטהון און איז געשווינד אין געשעפט אַוועק. — עפּיס האָט דאָרט געהערשט אַ נעוויסע אונאָרדנונג. זי האָט דאָס שוין באַלד פּסח בעמערקט. דעם דירעקטאָר האָט עפּיס געדריקט אויפ'ן האַרץ און ער איז אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענער. ער האָט געהאַלטען אין אײן רעכנען. זײַן שטענדיגע גוטמיטיגע און אַנשטענדיגע בענעהמען האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ פיעבעריגער האַסטיגקײט. אין געשעפט זענען ענדערונגען געמאַכט געוואָרען. מען האָט דעם פערזאָנאַל אַוועקגעלאָזען, דעם יאַגער פון וועלכען עס איז פיעל סחורה פערקויפט געוואָרען, האָט מען מיט קײַן נײַע נישט צוריק אויסגעפילט. די אַמאָליגע פעסטע פרײַזען זענען נישט מעהר אַזוי פעסט געוועזען. אפילו די פּריוואַט-בעשטעלונגען בײַ אַ נ נ אַ'ן האָבען אָנגעהויבען וואָס אַמאָל וועניגער ווערען און אין די ווערקשטאַטען זענען אײנציגע אַרטיקלען נאָר אין גאַנצען אויפגעהערט אויסגעאַרבײַט צו ווערען. אַ נ נ אַ האָט מיט אַ צעוויעהטאָגט האַרץ און אַ בעזאָרגט געמיטה בעמערקט, אַז אין דער לאַגע פונ'ם געשעפט איז אַ ווענדונג צום שלעכטען אײנגעטרעטען, און ווער ווײסט אויב עס שטעהט נישט פאָר גאָר אַ קריזיס.

זי האָט נישט געוואַגט צו פרעגען; אָבער זי האָט מיטגעליטען מיט דעם גוטען שעף, וואָס האָט אין די צוואַנציג חדשים, וועלכע זי האָט מיט

איהם צוזאַמען געאַרבײַט אין איהר עָרוועקט די וואַרעמסטע געפיהלען פון דאַנקבאַרקײַט און פרײַנדשאַפט. עס האָט איהר פיעל מיה געקאָסט צו פערבאָרגען איהר שמערץ פון איהם, אַז זי האָט איהם הײַנט געזעהן. די שווערע לאַסט פון זאָרג האָט דעם לעבענס־לוסטיגען מאַן שרעקליך פערענדערט. טרעהרען האָבען זיך אין איהרע אויגען געשטעלט און איהר האַנד האָט געציטערט אין זײַנע. ער האָט עס בעמערקט:

— יאַ, יאַ, ליעבעס פרײַלײַן! — האָט ער מיט אַ ביטערן טאָן געזאָגט. — דער ליעבער גאָט זאָרגט שוין, אַז בוימער זאָלען נישט אין הימעל אַרײַנוואַקסען. ווער האָט זיך דאָס גאָר געקאָנט פאָרשטעלען? נאָך מיט אַ פאָר חדשים פריהער איז בלום׳ס פירמאַ געווען אַזוי קוראַנט, אַזוי פרימאַ פעסט. הײַנטיגע צײַטען איז קײַן פירמאַ נישט מעהר זיכער! אַלץ פאַלט, אַלץ ברעכט און קנאַקט. צוערשט האָט מײַן באַנקיער באַנקראָטירט, באַלד נאָך איהם מײַן שווער און אין דער אייגענער צײַט האָט מען מיר די ערשטע היפּאָטעק געקינדיגט! נאָ, וואָס קאָן מען מאַכען, געהט אייך, ליעבעס פרײַלײַן, און זײַט איהר אויך נישט אַזוי אַראָבגעפאַלען! מיר וועלען זעהן, אפשר וועלען מיר זיך נאָך אַלעם קאָנען האַלטען! —

מיט אַ צובראָכען האַרץ איז אַננאַ צו איהר בעשעפטיגונג געגאַנגען, נאָכמיטאָג איז בײַ איהר געוועזען יוליע באָרמער און האָט איהר אײַנגעלאַדען זי זאָל זונטאָג צו איהר קומען אין איהר „בודע" בײַ מאַדאַם באָל אויף אַ גלעזעל קאַווע. נאָר נאָך צווײַ דאַמען וועלען זײַן — ווײַטער קײַנער נישט! זי האָט די אײַנלאַדונג אַרויסגערעדט מיט דעם קורצען, גראָבען טאָן צו וועלכען זי איז געוואוינט געוועזען. אַננאַ האָט די אײַנלאַדונג מיט דאַנק אָנגענומען. זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אונטער דער דאָזיגער אונפרײַנדליכער מאַסקע ליעגט אַ וואַרעם, געפיהלפול האַרץ פערבאָרגען. און דאָך האָט זי זיך פאַר דעם דאָזיגען טאָג געשראָקען. צוועלף דעם זײַגער וועט בײַ איהר זײַן קאַנטהאַגענס בעסטער קאָלעגע ראָדעק, וואָס היל ער אייגענטליך, ווײַסט גאָט וואָס פאַר אַ נײַ אומגליק איהר שטעהט דאָ פאָר! און נאָכמיטאָג ווידער בײַ פרײַלײַן באָרמער — — — — — — —
זי האָט זיך גלײַכצײַטיג געפרעהט און געשראָקען פאַר דער שטודירנדיגער, גײַסטעס־שטאַרקע לעהרערין. געפרעהט האָט זי זיך, ווײַל זי האָט איהר פאַר אַ גוטע פרײַנדין בעקומען און געשראָקען האָט זי זיך, ווײַל יעדעס מאָל, ווען זי איז נאָר מיט פרײַלײַן באָרמער געקומען אין אַ געשפּרעך האָט

זי מיט איהר געמוזט קעמפּפען. געמוזט אָדער זיך פערטהיידיגען אָדער אויף איהר אָנפאַלען.

---

## צעהנטעס קאַפּיטעל.

אַ נ נ אַ איז געזעסען און גענעהט אין דעם איינפאַכען אָבער בעקוועמען זאַל אין ש נ ע ו ו י נ ד׳ס וואָהנונג. דער לעהרער מיט זיין פרוי זענען שפּאַצירען געגאַנגען און האָבען זייער זוהן מיטגענומען. די פריינדין בעדאַרף צו זיין די גאַנצע בעל-הבית׳טע איבערן וואָהנונג, ווען ר אָ ד ע ק וועט קומען. אַ נ נ אַ האָט זיך אָנגעטהון אין אַ טייליאָרמאַדע-קלייד מיט קליינע רויטע שעמיזעטען און אַ שוואַרצען העררן-קראַוואַט, וואָס האָט איהר אויסגעצייכענט געקליידט. דער קליינער אָ ט ט אָ האָט אין דער דונקעל-ברוינער מאַטראָזען-בלוזע מיט דעם בריטען, ווייסען שפּיצען-קראַגען בעצויבערנד שעהן אויסגעזעהן. ער איז שטאַרק געווען פערטהון אין שפּיעלען זיך מיט בוי-שטיינער און סאָלדאַטען ווען דער ערוואַרטעטער גאַסט איז פון דעם יונגען דיענסט-מיידעל אין צימער אַריינגעפיהרט געוואָרען. —

ריטמייסטער ר אָ ד ע ק איז געוועזן אין עלעגאַנטע ציוויל-קליידער אָנגעטהון. אויף זיין שעהנעם געזיכט האָט זיך בעוויזען קענטיגע שפּורען פון אונבעקוועמליכקייט און פערלעגענהייט, ווען ער האָט זיך פאַר פריילין זאַנדערס טיעף פערנייגט. איהרע אויסערליכע רוהיגע האַלטונג און דאָס דערביי זיין פון קינד, האָט איהם גאָר אין גאַנצען פערטומעלט. ער האָט דעם קליינעמ׳ס האַנד, וועלכע יענער האָט איהם דרייסט אויסגעשטרעקט, פריינדליך און וואַרם געשאָקעלט און האָט בעטראַכט דעם וואונדער-שעהנעם יונגעל, וואָס האָט אויסגעוויזען פונקט ווי דער פאָטער זיינער.

— מיין גנעדיגסטע — — פערביייגונג — — — — גוטען מאָרגען, קליינער מאַן! — — —

— איהר ווילט מיט מיר עפּיס רעדען, העררר פון ראָדעק, האָט אַ נ נ אַ לאַנגזאַם און עטוואָס שווער געזאָגט, דערביי האָט זי איהם אָנגעוויזען אויף אַ שטוהל צו זעצען זיך — מיר ביידע האָבען, דאַכט זיך מיר, נישט קיין סך וואָס צו רעדען! איך וואָלט אייך דעריבער בעטען, איהר זאָלט באַלד צו אייער ציעל קומען! זי האָט זיך אויף א

שטוהל געזעצט און האָט אויף איהר גאַסט געקוקט מיט אַ פרעגענדיגע מינע.

— מײַן גנעדיגסטע, — האָט זיך דער גאַסט אָבגערופען, — איך האָב מיר אונטערגענומען זעהר נישט קײַן אַנגענעהמע אויפגאַבע, אָבער פערפאַלען, איך האָב צוגעזאָגט און מוז מײַן וואָרט האַלטען. איך בעט אײַך איהר זאָלט מיר גלויבען אַז פאַר מיר איז אויך פײַנליך דאָס זײַן יעצט בײַ אײַך!—

— איך גלויב אײַך דאָס גערן, העררר פון ר אָ ד ע ק, און איך בין פון מײַן זײַט גרײַט צו טהון אַלסדינג, כדי אײַך וואָס גיכער צו בע־פרײַען פון אײַער פײַנליכער לאַגע! — איהר קומט געוויס אין די שליחות פונ'ם העררר באַראָן קאָנטהאַגען?! —

— געוויס אַזוי, מײַן גנעדיגסטע! —

— דאָס האָב איך באַלד געװאוסט, נון, ערלויבט מיר אַ פּאָר ווערטער! — — — — — — אָ ט אָ ט ש ק ע, געה דו אַרײַן צו מאַריע און זאָלסט זיך דאָרט שפּילען! געשווינד מײַן גוט יונגעל, גיב דעם העררן דאָ, דײַן הענדטעלע און זאָג אַדיע! —

דאָס קינד האָט אַ ביסעל אומצופריעדען געקוקט אויף זײַן מוטער. דער דאָזיגער בעזוך איז איהם זעהר וואונדערבאַר פאָרגעקומען און דעריבער האָט עס איהם שטאַרק פעראינטערעסירט און נישט געוואָלט אַרויס פון צימער, נאָר דער מוטער'ס שטרענגער בליק האָט איהם געצוואונגען צו פאָלגען. אַז ער האָט שוין געהאַט די טהיר הינטער זיך צוגעמאַכט האָט ראָדעק געזאָגט פערוואונדערט:

— אַך, וואָס פאַר אַ שעהן, גוט־ערצויגען קינד דאָס איז!

אַ נ נ אַ ז אַ נ ד ע ר ס האָט איהר גאַסט פרײַנדליך געדאַנקט פאַר דעם קאָמפּלימענט, וואָס ער האָט איהר קינד געמאַכט און האָט נאָכדעם געזאָגט:

— ער דאַרף נישט זײַן דערבײַ, ווען איך וועל זיך מיט זײַן פאָטער אָבּרעכענען. — — — העררר פון ר אָ ד ע ק, אַז איך האָב אײַער פרײַנד — — — — — — געליעבט, דאָס בעווײַזט דאָס קינד — — — — — — — איך האָב נאָך געהאַט מיט איהם צו רעכענען אַזוי לאַנג ווי ער איז נאָך נישט געווען חתונה געהאַט. דאָס איז נישט מעהר דער פאַל. העררר פון ק אָ נ ט ה אַ־ג ע ן איז פערהײַראַטעט, דערמיט — — — —

— זײַט נישט אַזוי פערביטערט, מײַן גנעדיגסטע! איך ווייס אין וואָס פאַר אַ לאַגע אָ ט ט אָ איז דאַמאָלס געווען, ווי ער האָט זיך פערצווײפעלט געראַנגעלט מיט זײַן שיקזאַל. איך גופא האָב מיט איהם געקעמפּפט און

איהם געמוזט ברענגען צו בעזינונג, דען ווי די זאך איז דאמאלס געשטאנ־
נען איז דאך נישט מעגליך געווען, אז עס זאל ווערען א שידוך! אפשר
ווען איהר וואלט איהם פון די טרויעריגע — — המ — — — פאקטען גע־
לאזט וויסען, עהדער די דאזיגע — — — —

— מיין לאנגע, מיינע עמפפינדונגען און אייער עהרען־קאדעקס וועלען
קיינמאל נישט קענען האַרמאָניִרען! — האט אננא זיך אָבגערופען צאָרניג. —
— לאמיר יעצט דעם נישט רעדען! ווען עס וואלט געוועזען דער גוטער
ווילען, וואלט זיך שוין געפינען פערשידענע וועגען ווי אזוי די זאך וויעדער
גוט צו מאכען — האט אננא נאך א קורצען שווייגען ווידער אָנגע־
הויבען צו רעדען — וואלט אייער פריינד געהאט גענוג מוטה און
ערהרגעפיהל וואלט ער שוין געפינען א מיטעל ווי אזוי דאס אומגליק נישט
אין גאנצען אויף מיר אַרויפצוברענגען! צום ווייניגסטען האט דער העררר
באראן פון קאנטהאגען געמוזט בלייבען נישט התונה געהאט און נישט
נאך אַנ'אַנדער פרוי אין זיינע קעטען איינשמידען! איהר אלע, ווייזט אויס
האט ליעגען דעם אייערע אייגענע געזעצען! דעריבער לאמיר יעצט דאס פילא־
זאפירען בעזייטיגען! — — — דער העדר באראן פון קאנטהאגען
איז א … אין א טאטע. ער האט מיר און איך האב איהם גאָרנישט מעהר
וואס צו זאגען, דען אויב ער דענקט נאך יעצט פון מיר, פערזינדיגט ער זיך
שווער קעגען זיין יונגע פרוי! —

ראדעק איז געזעסען ווי א שטומער און האט געצופט זיין
האנדשוה די גאנצע צייט וואס אננא האט גערעדט. באלד ווי זי האט
געענדיגט רעדען האט ער נישט געפינען קיין ווערטער וואס איהר צו ענט־
פערן. א היבשע צייט איז ער געזעסען און געהאלטען די אויגען טיעף אין
דר'ערד אַרײַנגעגראבען, ענדליך האט ער זיך אָבגערופען:

— איהר זייט שטרענג, מיין גנעדיגסטע, און איך פערשטעה אייער
שטרענגקייט. אטטא שטעהט יעצט אָן דער זייט פון א פרוי, וועלכע מען
קאן דורכאויס נישט מעסטען מיט דעם זעלבען מאסשטאב וואס אייך, ער
איז אַנ' אומגליקליכער. די בארָאגין קאנטהאגען איז — — — —

— ביטע, — האט איהם אננא איבערגעריסען זיינע רעד, —
איך וויל נישט הערען קיין אורטהייל איבער די דאזיגע דאמע, זי געהער
זיך צו מיר גאָרנישט אָן. זי האט איהר מאן געליעבט און האט איהם
ביי איהר אייגענער פערזאָן געשענקט א שעהנע פרוי און דער עיקר די רייכ־
טהימער נאך וועלכע ער האט אזוי געגארט און אויך נאך א קינד דערצו! — —
— צוויי קינדער אפילו, פון וועלכע דאס עלטסטע איז טויב און דאס

צווייטע איז נישט לאַנג קוים פֿעהיג צום לעבען געבאָרען געוואָרען! — האָט ר אָ ד ע ק קאַלט אָבגעענטפֿער־ט.

אַ נ נ אַ איז בלאַס געוואָרען: — דערבאַרמדיגער גאָט! — — — — — אָרעמע פֿרוי! — האָט זי אויסגעשריען. — —

— ווי איהר האַלט דאָס שטענדיג צוזאַמען! — האָט ר אָ ד ע ק זיך אָבגערופֿען. — די דאָזיגע אומגליקליכע פֿרוי עמפּפֿינדעט קיין שמערצען מעהר, זי וואַרפֿט אַרויף דאָס גאַנצע אומגליק מיט אַ בעוואונדערנסווערטען געדולד אויף אַ שולד וואָס געהט בירושה איבער. די דאָזיגע אָרעמע פֿרוי, וואָס האָט זיך געקויפֿט איהר מאַן בלויז צוליעב אַ לוינע, אַ קאַפּריז, זי האָט זיך געוואָהטען מיט דער פּרינצעסין פּ אַ ט י ן און איהרע הויף־דאַמען, אַז זי וועט ווערען באַראָנין קאַנטהאַגען, און זי' איז עס געוואָרען, האָטש דער חתן האָט נישט ווייניגער — — —

— אַ חתן, וואָס לאָזט זיך אָבקויפֿען פֿאַר געלד! וואָס קעלטער ער איז געוועזען, וואָס אָבשטויסענדער ער איז געוועזען, דאָס מעהר האָט זי איהם געבראויכט פֿעראַכטען, ווען דערמיט האָט ער נאָר בעוויזען, אַז ער פֿערשטעהט די סוחרישע קונסט־שטיקלעך, דער דאָזיגער חתן אַייערער האָט אַפּילו נישט געהאַט צום מאָל דעם מוט זיך פֿריי צו מאַכען, — האָט אַ נ נ אַ מיט פֿעראַכטענדען שפּאָט געזאָגט.

— איך האָב אַפּילו נישט דאָס רעכט צו זיין דער פֿערטהיידיגער פֿון מיין פֿריינד, — האָט זיך ר אָ ד ע ק געקלאָגט. — איהר וועט מיך נישט וועלען פֿערשטעהן! אָ ט ט אָ לעבט אַ גיהנום'שען לעבען, שטיל און נישט בעקלאָגענדיג זיך. זיין אומגליק איז אָבער שוין דערגרייכט אויף דער העכסטער שטופֿע, זייט דעם זיין צווייטע טאָכטער'ל — — — — — — —

— הערט אויף, — האָט אַ נ נ אַ מיט אַ געפּייניגטער שטימע זיך געבעטען. איהרע אויגען זענען געשוואומען אין טרעהרען. ער האָט אויף איהר מיט דער גרעסטער סימפּאַטיע געקוקט און ווייטער גערעדט: און איהר דאָ, דאָס געזונדע קינד! אַ זוהן וואָס איז איהם ווי צוויי טראָפּענס וואַסער עהנליך! — מיין אומגליקליכער פֿריינד פֿערגעהט — — — — — —

אַ נ נ אַ האָט זיך אויפֿגעהויבען, גלייך ווי ערגיץ אַ געהיימע קראַפֿט וואָלט איהר פֿון שטוהל געטריבען און געזאָגט:

— אַז דאָס איז דאָס אייער אויפֿגאַבע, הערר פֿון ר אָ ד ע ק און איהר זייט געקומען מיר דאָס צו זאָגען? האָט אפשר אָ ט ט אָ לוסט דורך מיך, דורך מיין קינד, זיך צו לאָזען טרייסטען? וואָס וויל ער דען נאָך ווייטער פֿון מיר, נאָכדעם ווי ער האָט מיין לעבען צובראָכען!?

ר אָ ד עֶ ק האָט אויך נישט מעהר געקאָנט איינהאַלטען און האָט זיך פון זיין אָרט אויפגעהויבען און ווידער אָנגעהויבען רעדען:

— איהר שטעהט דאָ און פאַר-דעם איז אייער זוהן נעבען אייך געשטאַנען! איך האָב מיר אַזוי צופריעדען געקלערט: „אַזוי זעהען קיין אומגליקליכע נישט אויס, איך האָב אייך שטאַרק מקנא געוועזען, ווייל אָטטאָ'ס אומגליקליכער זיווג איז מיר פאַר די אויגען געשטאַנען. איך ווייס נישט אויף וועמען עס איז מעהר דאָ צו וויינען!

— אויף איהם, ווייל ער איז אין אַלץ שולדיג!

— האָט איהר שוין גאָר מעהר קיין פונק רחמנות אויף דעם מאַן, וואָס איז דער פאָטער פון אייער קינד? —

אַ נ נ אַ איז גאַנץ נאָהנט צו איהם צוגעגאַנגען און האָט איהם מיט קלאָרע בליקען אָנגעקוקט און געענטפערט:

— דאַן מוז איך קיין פרוי, קיין מענש זיין; ווען איך זאָל די ליעבע, וואָס האָט מיין גאַנצע ביז אַהעריגע לעבען אויסגעפילט, פון האַרץ מיט די לעצטע וואָרצלען אַרויסרייסען! די ליעבע אָן וועלכע איך דערמאַהן זיך דורך מיין זוהן שטענדיג! און, העדר פון ר אָ ד עֶ ק, איך בין נאָך יונג, איך שלאָג מיר דורך אַ וועג פאַר מיר און פאַר מיין קינד. . . . . . און איך בין איינזאַם! און דאָ שליסט זיך אָן אַזאַ נאַרישע פרויען-האַרץ אָן אַ מאַן, בעמיהט זיך אויסצושטרייכען אַלעס שלעכטע, אַלע פעראַכטונג און קלאַמערט זיך נאָר אָן די שעהנע זכרונות אָן. זיי ווערען פאַר איהר אַ פעסטער שטאַב צום אָנשטיצען זיך, אַ גן עדן נאָך וועלכען מען שטרעקט די האַנד אויס. כדי נישט אונטערצוגעהן אין דעם עלענדען לעבען! יאָ, נאָך אין „שטאָדט לאָנדאָן", אַז אָטטאָ איז צום ערשטען מאָל קעגענאיבער מיר געשטאַנען נאָך אַלע צרות, וואָס איך האָב געהאַט דורכגעמאַכט, דאַמאָלס וואָלט איך איהם טויזענד עבירות געהאַט מוחל געוועזען און מיט איהם צופריעדען געטיילט אָרעמקייט און נויט! — — — — — היינט אָבער נישט מעהר! ווי שטאַרק איך זאָל איהם נישט ליעבען, שטאַרקער פאַר די פעראַכטונג, וואָס איך עמפפינד געגען איהם איז עס נישט. איך האָב איהם געפונען פאַר צו שוואַך, צו לייכט!

— און אייער קינד? —

— מיין זוהן וועט זיין פאָטער אַכטען און עהרען, דאָס וועל איך איהם שוין אויסלערנען ווי וויים מיינע כוחות וועלען מיר נאָר דערצו דינען. וואָס פאַר אַ מיינונג ער וועט האָבען שפּעטער, אַז ער וועט אַרויס פון מיין רשות און וועט שוין זיין אַזוי וויים ענטוויקעלט, אַז ער וועט שוין

האָבען זײַן אײגענעם אורטײל װעגען דעם, קאָן איך נאַטירליך נישט װיסען, נאָר, װײסט איהר שױן אַלץ, הערט פאָן ראָדעק און איהר האָט שױן דאַכט מיר אײער אױפגאַבע געמאַכט! — —

ראָדעק האָט אַנ'נאַ'ן אױפמערקזאַם בעטראַכט און װאָס לענגער ער האָט איהר בעטראַכט דאָס מעהר איז זײַן אַכטונג און סימפּאַטיע צו איהר געװאַקסען. ער האָט איהר געגענאיבער געפיהלט אַ טיעפע חרפה פאַר זיך און פאַר זײַן פרײַנד אָטטאָ. בײַ די לעצטע פראַגע איהרע האָט ער לײַכט געשװינדערט און געענטפערט:

— לײדער נאָך נישט, מײַן גנעדיגסטע! ערלױבט מיר געשװינד צו־צוקומען צום ענדע, כדי איך צו בעפרײַען פון מײַן לעסטיגען בעזוך! — אָטטאָ האָט מיט דעם גרעסטען פײַנליבקײַט צוגעזעהן, אַז איהר געפינט זיך אין אַזאַ צושטאַנד, װאָס איהר זײַט אַבהענגיג פון אַ פרעמדען. ער קאָן דאָס נישט ענדערן, װײַל ער װײסט אײער שטאָלצען כאַראַקטער — — — און — דאָך קורץ — — — פאַר זעקס װאָכען איז געשטאָרבען זײַנע אַ מוהמע, קלאָטילדע פון קאַנטהאַגען, אַנ' אַלטע שטיפטס־דאַמע. זי האָט דאָס ביסעל געלד, װאָס זי האָט אָבגעשפּאָרט איבערגעלאָזען אָטטאָן אַלס ירושה. אין גאַנצען איז דאָס אַקאַפּיטאַל פון זעקס הונדערט טאָלער; אָבער דאָס געהערט איהם פּערזענליך. ער בעט אײך איהר זאָלט דאָס קלײנע פערמעגען אָננעהמען, דאָס זאָל זײַן צו־שטײַער פאַר אָטטאָ'ס ערציהונג! ער האָט זײַן פאָרטעפעל אין דער האַנד אַרײַנגענומען. אַננאַ אָבער האָט שנעל און צאָרניג אױסגעשריען:

— לאָזט אײער ברױף־טאַש ליעגען הערר פון ראָדעק! איך בעדױער, װאָס איך קאָן דעם דאָזיגען געשאַנק נישט אָננעהמען, איך בין נאָך קרעפטיג גענוג אַלײן צו ערציהען מײַן זוהן אָטטאָ זאַנדערס! —

— אַזױ? נו, נו, דאָס איז אַ ביסעל שטאָלץ! מען איז דאָך נישט מעהר װי אַ מענש, עס פּאַסירט מען װערט אַמאָל, גאָט בעהיט קראַנק, אָדער מען שטאַרבט, חס ושלום, גאָר אַיעק, פרײַליין זאַנדערס?

— גאָט װעט װײַטער העלפען, — האָט זי זיך אָבגערופען מיט אַ זיכערער שטימע. — און אַז נישט, זאָל ליעבער מײַן קינד געהן אין יתומים־הױז אײדער אָננעהמען אַ נדבה פון דעם זעעבערגישען רײַכטהום!

— איך גיב אייך מיין עהרענוואָרט, אַז די מעשה מיט דער ירושה איז נישט קיין אויסגעטראַכטע, — מיין פריינד אָטטאָ איז צו שטאָלץ און צו עהרליבער מאַן ער זאָל פון רענאַ'ס געלד פערוועגדען צו אַזעלכע צוועקען. — — — — — זיך זאָג אייך נאָך אַמאָל, פרייליין זאַנדערס, געהמט אָן די קליינע שטיצע, וואָס דער פאָטער גיט פאַר זיין אייגען קינד, לאָזט מיין אומגליקליכען פריינד חאָטש עטוואָס זיך אויסקויכען פון די שווערע שולד, וואָס ער איז קעגען אייך בעגאַנגען. די קליינע סומע איז דאָס איינציגע וואָס געהערט איהם אַליין און ער וויל עס אייך שענקען! דאָס איז דער בעסטער בעוויין ווי שטאַרק ער ליעבט אייך נאָך, ווי שטאַרק ער איז צום קינד צוגעבונדען; איהר טאָרט גאָר דאָס נישט טהון געגען אייער קינד, איהר מוזט פון זיינעטוועגען אָננעהמען דאָס געשענק, וואָס זיין פאָטער שיקט איהם. — — — — — — — — און, מיין געדיגכטע, איהר קאָנט דעם אומגליקליכען מענשען די לעצטע רעטונג, וואָס האַלט איהם נאָך ביין לעבען נישט אַוועקרויבען.

אַננאַ האָט זיך צום פענסטער אויסגעדרעהט. מיט אַ שווער פערצווייפעלטען בליק האָט זי אויף דעם גאָרטען אין הויף געקוקט. ענדליך איז זי מיט זיך אַליין פאַרטיג געוואָרען, האָט זיך צוריק צו איהר גאַסט געווענדעט און געזאָגט:

—הערר פון ראָדעק, איך וועל אייך געבען די אַדרעסע פון אַ געוויסען הערר. ער איז זעהר אַנ'עדלער און אַ גוטער מענש און איז פון געריכט בעשטימט אַלס אַפּוטרופּוס אויף מיין קינד. איהר וועט אַזוי גוט זיין צו איהם אַהין געהן און איהם בעטען אין מיין נאָמען, ער זאָל דאָס פערמעגען איינלעגען אין געריכט פאַר מיין אָטטאָ אַזוי אַז די צינז און צינז פון צינז זאָל אַלץ צוואַקסען. איך וויל דערפון קיין איינציגען פעניג נישט נעהמען, אַז אָטטאָ וועט ווערען מינדיג זאָל ער דערמיט טהון וואָס ער וויל! — — — — — מעהר וויל איך וועגען דעם קיין איינציג וואָרט נישט הערען! איבריגענס ווייסט דער אַפּוטרופּוס אָטטאָ'ס נאָמען פון די אַקטען!

זי איז געשווינד צו שנעווינד'ס שרייב־טיש צוגעגאַנגען, האָט פון נאָטיץ־בלאָק אַ בלאַט אַראָבגעריסען און האָט האַסטיג אויפגעשריבען דעם נאָמען און די אַדרעסע און דערנאָך עס דערלאַנגט דעם פרעמדען און געזאָגט:

— זײַט אַזױ גוט! דאָ האָט איהר די אַדרעסע; אַ גוטען טאָג הערר פון ראָדעק! זי האָט איהם ביז צו דער טהיר בעגלײַט.

— מעהר האָט איהר קײן בעשטעלונג פאַר מיר? האָט איהר שױן מײַן פרײַנד גאָרנישט װאָס צו זאָגען? —

— נײן, הערר פון ראָדעק, איך קאָן איהם נאָר װינשען, אַז זײַנע קלײנע טעכטער זאָלען איהם געזונד זײַן — —

— אַדיע, לעבען זי גליקליך, מײַן גנעדיגסטע!

ער האָט זיך טיעף פערנײגט און אַרױס פון איהר צימער. זי האָט איהם געהערט דרױסען פלױדערנדיג מיט אָטטאָ'ן אין דער צײַט װאָס דאָס שטוב־מײדעל האָט איהם דערלאַנגט זײַן הוט מיט'ן שטעקען. דערנאָך האָט די אַלטע מאַריע, װאָס האָט פון אַלץ געװאוסט, הינטער איהם די טהיר פערשלאָסען. — אַננאַ האָט זיך טרױעריג אין דעם העלען צימער אַרומגעקוקט און זיך געטראַכט: דאָ דאַרף נאָר הערשען גליק, רוהע און פריעדען! און אַזױ טראַכטענדיג האָט זי איהרע האַנד־אַרבײַט װיעדער פאַרגענומען! אָבער איהרע שטענדיג פלײַסיגע הענד האָבען איהר הײַנטיגעס מאָל נישט געװאָלט פאָלגען. אַננאַ האָט פערמאַכט די אױגען און מיט אַ פערװעהטאָגטע מינע אין געזיכט האָט זי נאָכגעקלערט און נאָכגעגרי־בעלט איבער אַלץ, װאָס זי האָט געהערט. — —

קײן זוהן! נאָר צװײ טעכטער, אײנע אַ טױב־שטומע און די צװײטע קוים װאָס זי לעבט! און די שעהנע יונגע מוטער איז בעלאַסטעט מיט זי[illegible] פערערבטע קראַנקהײט! װי שרעקליך, װי יאָמערליך! — — אַ לאַנגע צײַט איז זי אַזױ געזעסען און געקלערט [illegible] שפּעטער האָט זי איהר אָטטאָ'ן אין עס־שטיב אַרײַנגענומען און האָט איהם בעטראַכט שטאָלץ און קריטיש. — זי האָט דעם [illegible] אַ געדעקט, אַרױפגעשטעלט בלומען איפּ'ן [illegible] און אַרום אין קיך זעהן װאָס מיט'ן מיטאָג הערט זיך. בערטהאַ, איהר מאַן מיט זײַער זוהן זענען געקומען צופריעדען פונ'ם שפּאַציערען און לוסטיג פלױדערנדיג האָט מען זיך גע־זעצט צו מיטאָג. יעצט האָט זיך אַננאַ שױן געהאַט צוגעװאױנט צום לעהרער'ס קאָמישע לױנעס, װעלכע זי האָט אין [illegible] ערשטער [illegible] געקאָנט פערטראָגען. זי האָט עס געדולדיג אַריבערגעטראָגען צוליעב דעם, װאָס זי האָט איהם זעהר געאַכט פאַר זײַן גוטסקײט און זײַן ערנסטען שטרעבען, און האָט בעװאונדערט בערטהאַ'ן, װאָס האָט איהר מאַן בעהאַנדעלט אַזױ טרײַ און איבערגעגעבען און איז צו איהם אַזױ צוגע־

בונדען געוועזן און ווי איבער אַ קליין קינד געוואַכט איבער איהם. בערטהאַ איז פּשוט איבערגליקליך געווען דערמיט וואָס זי האָט פאַר וועמען צו זאָרגען, זי האָט גאָר אַ נייע הויט אויף זיך בעקומען און זיך ווי אַ בלום אין פריהלינג פונאַנדערגעבליהט. געלעבט האָט זיך די פאַמיליע שנעווינד גאַנץ אַנשטענדיג און חאָטש דער הערר האָט פון זיין לעהרעריי נישט זעהר פיעל אויפגעטהון, האָבען זיי געפיהרט אַ בעל הבתי׳ש הויז, אַ דאַנק די אָפטע שטיצע, וואָס איהרע שוויגער־עלטערן האָבען זיי אָפט אין דער פאָרם פון געשענקע און איבערראַשונגען געשיקט. בערטהאַ האָט פאַר׳ן אָבענד בעזאָרגט פאַר אַלעמען בילעטען אין שילער־טעאַטער. אננאַ האָט אויך געוואָלט בעצייטענס קומען אין טעאַטער.

ביי פרײַליין יוליע באָרמער אין דעם איינפאַכען פּענסיאָנס־צימער ביי דער פרוי ראַט באָל, איז געווען דער טיש שוין געדעקט. אַ דאָקטאָרשע און אַ מאַלערין זענען שוין ביי איהר געזעסען, בשעת אַננאַ האָט אין טהיר אָנגעקלאַפּט. זי האָט צום ערשט בעזוכט די פרוי באָל, דעם שריפטשטעלער דוואַראָל און אַלע אַנדערע בעקאַנטע און איז ביי באָרמער אַרײַנגעקומען אַ דערהיצטע מיט רויטע באַקען און אַ שטראַ־לענדיג צופריעדען געזיכט. געקליידעט איז אַננאַ געוועזען דעם זעלביגען קאָסטיום, וואָס זי האָט געטראָגען פאַר מיטאָג, צו וועלכען זי האָט אַרויפגעזעצט אַ פאַסענדען הוט און אַ זשאַקעט. צו איהר געשטאַלט האָט אַלץ געפּאַסט אַזוי גוט ווי צו איהר געזיכט האָט אַלץ געקליידט. און אַזוי ווי זי האָט שטענדיג ליעב געהאַט זיך אָנצושאַפען ווייניג קליידער אָבער פון בעסטען שטאָף, דעריבער האָט איהר ערשיינען אַלע מאָל געמאַכט אַן אויסערגעוועהנליכען איינדרוק. —

— גוטען טאָג, פרײַליין יוליע. — האָט זי אַרײַנקומענדיג געזאָגט. דערויף האָט איהר די באָרמער בעגריסט און איהר פאָרגעשטעלט די אַנדערע דאַמען:

— פרײַליין דאָקטאָר בערגעני — — פרײַליין העלדבאַך־שטאַנגען איינע פון די בעדייטענדסטע אידיליען־מאַלערין. ביידע דאַמען אַרבייטען גלייך מיט מיר אויסצוקעמפּפען גלייכבערעכטיגונג פאַר פרויען! וואָס ווינשט איהר, פרײַליין זאַנדערס, קאַפע אָדער טהיי? —

— זאָל זיין דאָס ערשטע! — האָט אַננאַ זיך אָבגערופען און האָט איהר הוט מיט׳ן זשאַקעט אויסגעטהון און עס, ווייל עס האָט אַ קליי־דער־העננער געפעהלט אַרויפגעלעגט אויף׳ן בעט, וואו עס זענען שוין די נאָרדעראָבען פון די פריהערדיגע בעזוכערינען געלעגען. זי האָט זיך

געזעצט צום טיש האָט איהר קאַפֿע פערוויַיסט מיט מילך, פּערזיסט מיט צוקער און קוכען צוגעביסען.

— נו, וואָס הערט מען עפּיס בײַ אײַך, פרײַלײן זאַנדערס, וואָס מאַכט דער קלײנער? —

— אַ דאַנק פאַר׳ן נאָכפרעגען. ער איז אונבעשרייען אַ גאַנצער מענש געוואָרען, געוועהנליך האָט ער געווײנט, פאַר וואָס איך געה אוועק, נאָר אַ דאַנק דאָס פערשפּרעכען פון האַנס שנעוױנד זיך מיט איהם צו שפּילען זענען זיינע טרעהרען באַלד פערשוואונדען.

— איז אייער זוהנדיל אַרטיג? ווי אַלט איז ער דען אייגענטליך, פרײַלײן זאַנדערס? —

— ער איז אין אויגוסט דרײַ יאָהר געוואָרען, און איז שוין אַ רעכטער לאָבוז און וואַקסט קײַן עין הרע ווי אַ בוים. זײַן בעסטע מעלה איז, וואָס ער איז אַ געהאָרכזאַמער. מיר און אונזער בערטהאַ׳ס מאַן פאָלגט ער אויפ׳ן וואונק, מאַדאַם שנעווינד אָבער בײַ וועלכען מיר וואהנען, לאָזט זיך מיט איהם צופיעל אַײַן, איהר קריכט ער שוין נאָר אויפ׳ן קאָפּ אַרויף, זי איז שוין אַ צו גוטע!

— נו, קומט אייך דאָס ערציהען דעם קינד נישט צו שווער אָן? —

— אָה, נײן, אים גענענטײל! —

— מען זאָגט ער איז בילדשעהן און אונבערופען פריש און געזונד?

— יאָ, אַ דאַנקען גאָט, ער איז אַ וואויל יונגעל! ——

— אָט דאָס הײסט אַ גליקליכע! —

— דאָס זאָגט מען מיר זעהר אָפט, מײנע דאַמען; אָבער חאָטש איך ליעב מײַן קינד זעהר שטאַרק און וואָלט שוין דאַכט מיר, אָהן איהם נישט געקאָנט אויסקומען. דאָך מוז איך אײַך זאָגען, אַז איהר רעדט זעהר אונפּראַקטיש!

די דאַמען האָבען עם ענערגיש אָבגעשטריטען.

— מאַכט אײַך נישט דער אַפּוטרופּס קײַן שוועריגקײַטען?

— נישט דאָס מינדסטע! —

— האָט איהר דאָך טאַקי גליק! — ווי גוט וואָלט דאָס זײַן ווען פון נײַעם יאָהר וואָלט שוין אָנהויבען דאָס נײַע געזעץ־בוך אין זײַן קראַפט צו ווירקען. איהר וואָלט דאַמאָלס שוין אַלײן זײַן אַנ׳ אַפּוטרופּסית איבער אייער קינד!

— אַזוי ? איך געפֿין דאָס נאָך נישט אַזוי ריכטיג ! עס געפֿינען זיך דאָך אויך נאַרישע און שלעכטע מוטערס. אָהאָ, ווי גוט דאָס איז ווען עס איז דאָ ווער עס זאָל זיך אָננעהמען פאַר אַנ'עלענד קינד און איהם בעשיצען און אַמאָל טאַקי געגען די אייגענע מוטער, וואָס פערשטעהט נישט אָדער וויל נישט איהר קינד געבען אַ גוטע ערציהונג, די רעגירונג קאָן דאָך נישט פאַר אַלעמען זאָרגען.

— אַזוי ? עס זענען דאָך אָבער פאַראַן מענשען, וואָס ביי זיי איז דער לעצטער פונק פון יושר אויסגעלאָזען און בעגנב'נען די אונמינדיגע קינדער, וואָס געפינען זיך אונטער זייער אַפּוטרופּסות ? —

— אפשר זענען דאָ אַזעלכע, איך וויל מיר דעריבער נישט שפּאַרען, דאַרף מען טאַקי זעהן מען זאָל די עלענדע קינדער אַ בעסערן שוץ געבען. זיי נישט אָנפערטרויען אַבי וועמען !

— איהר זייט גאָרנישט קלוג, זאַנדערס ! — האָט זיך די באָרמער אָבגערופען. — ווען דאָס געלד געפינט זיך, בשעת דער וואָס מאַכט ירש'נען שטאַרבט, אין אַ געשעפט אָדער מען פערדינט דערמיט ערגעץ אַנדערש וואו שעהנעס קאַפּיטאַל, אַזוי אַז עס ווערט צעהן מאָל גרעסער ! זאָל מען עס פון דעם געשעפט אַרויסנעהמען, וואָס דערפון וועט, נאַטירליך, דאָס געשעפט זעהר פיעל ליידען און אפשר גאָר אונטערגעהן און די יורשים זאָלען פון זייער געלד קיין שום הכנסה נישט האָבען ? עס איז דאָך שוין קיין ערגערע פערוועגדונג פאַר'ן קאַפּיטאַל נישטאָ ווי די אַפּוטרופּסישע זיכערע שטאַטס-פּאַפּירען ? נו, איהר גופא אַרבייט דאָך אין אַ גרויס געשעפט, איהר ברויכט דאָך דאָס צו וויסען ! —

— געוויס, געוויס פריילין דאָקטאָר, איך האָב עס געברויכט צו וויסען, ליידער בין איך אָבער אין די אַנגעלעגענהייטען זעהר פרעמד. פאַר די אונמינדיגע און וואָס האָבען נישט ווער עס זאָל זיך פאַר זיי אָננעהמען, ווער עס זאָל פאַר זיי זאָרגען, וואָלט טאַקי זעהר גוט געוועזען די רעגירונג זאָל בעשטימען וואַהלען און דאָס פאָלק זאָל אויסקלייבען אַזוינע מענשען, וואָס מען ווייסט, אַז זיי וועלען די יתומים און אונמינדיגע קיין עולה נישט טהון. נאַכהער כדי די אַפּוטרופּסים זאָלען זיך קענען אין גאַנצען איבערגעבען פאַר די אונמינדיגע קינדער דאַרף מען פאַר זיי בעשטימען אַ געהאַלט, זיי זאָלען קענען דערפון לעבען און זיי ווידער מוזען פון זייער זייט איינלעגען קויציע אָדער וועלכע עס איז אַנדערע ערבות ! —

— אַודאי, נאָך װעניגער פרײהײט, נאָך מעהר פּאָליצײ, געריכט און נאָך אַנדערע השגחה, נאָך מעהר טורמעס און נאַגאַיקעס. —

— געװיס, געװיס אַזױ, פרײלײן העלדבאַך! דען איך האַלט דאָס גאַנצע גרױסע געטהוערײ און גערעדערײ װעגען דעם בעגריף פרײהײט פאַר אַנ'אױפגעבלאָזענע, געקינסטעלטע פראַזע. מיר דאַרפען דעם בעגריף פון פרײהײט נאָר אַלס רעלאַטיװ, אַלס פערהעלטניסמעסיג! און װאו איז דען דאָ אױף דער גאַנצער װעלט אַבזאָלוטע פרײהײט? —

— אָהאָ, אָט האָסטו דיר גאָר אַ נײעס! נאַנו? פאַקטען! בעװײזע!

— בעגרינדען זי דאָס — זאַנדערס, שעמען מוזט איהר זיך בײ הײנטיגע צײטען! — —

אַננאַ האָט געשמײכעלט און װײטער אָנגעהױבען רעדען:

— איך קאָן נישט מעהר װי מײן אײגענע מײנונג אױסדריקען. מײנע דאַמען! איך בעגרינדע מײן מײנונג דערמיט, צום בײשפיעל, גיט עס נישט קײן פרײהײט פון איך. — —

— אָהאָ! —

— נײן, דען איך בין אָבהענגיג פון מײנע פונקציאָנען, פון מײנע שטימונגען, קרעפטען און טאַלענט. איך קאָן װעלען אַרבײטען און קראַנק װערען און נישט קענען אַרבײטען! איך קען פערלאַנגען, װינשען, האָפען און װעלען און דאָך קײן זאַך נישט אױספיהרען, דען מײן פרײעס איך שטױסט זיך אָן אַנ' אַנדער איך אָן, װאָס װיל עפּיס אַנדערש! — — פרײהײט פונ'ם אינדיװידיום אַלס אַ טײל פון אַ רבים אָדער אפילו פון אײן פאַמיליע בלױז לאָזט זיך גאָרנישט פאָרשטעלען! װאו מען ליעבט איז מען שױן אַ שקלאַף! װאו מען האָט פײנד איז מען נאָך לאַנג נישט קײן העדר! דאָס פערהעלטניס אין דער מלחמה מיט'ן װעטער, מיט דער גאַנצער נאַטור, מיט די ליכטיגע פליגען אָדער װאָס עס מאַכט זיך בײ דעם מענשען װי אַפילו אַ העקעל אין אַ קלײד ערגיץ, װאָס מען קאָן נישט אַזױ לײכט אױף= אָדער ציהעקלען, בעװײזט אַז מיר זענען נישט פרײ! הײנט װער רעדט שױן פון פרײהײט אין שטאַטס=לעבען אָדער אין פּאָליטישען לעבען, װאו דער האַנדעל, די װיסענשאַפט, דאָס װאַנדלען פון אײן לאַנד צום אַנדערן איז װי אַ מאַשין=װערק װאָס אײנס שלעפּט מיט זיך מיט דעם אַנדערן, דאָס הײסט זײ מוזען אײנס דאָס אַנדערע פעראורזאַכען אונאַבהענגיגקײט, דאָ קאָן מען דאָך שױן גאָרנישט רעדען פון קײן פרײהײט, דעריבער בין איך דערפאַר מען זאָל דאָס דאָזיגע װאָרט „פרײהײט" אױסשטרײכען פונ'ם װערטערבוך, װײל דאָס איז נישט מעהר װי אַנ'אוטאָפּיע! — נאָר דער דאָזיגער,

וואָס זײַן האָב און גוטס איז גוט בעוואַכט, דער דאָזיגער שלאָפט גוט און אָבהיטען יעדענס האָב און גוטס קאָן נאָר אַ שטרענגע און גוט געאָרדענטע מיליטערישע מדינה! — — —

— אלזאָ, קומט אויס נאָך אייער מיינונג, אַז מיר דאַרפען זיך אַלע אָנטהון מונדירען, מיר דאַרפען אויסשטרייכען יעדע פּריוואַט, עס זאָל בלויז הערשער עקסעסטירען, בעאַמטע און אַ גוט אויפגעפּאַסטע משׂרעדע בירגער. דאַן וועלען מיר דערגרייכען אייער אידעאַל, פּרייליין זאַנדערס! —

— אָה, ניין! צווישען צוויי ציעלען ליעגען אַ סך וועגען און מען דאַרף גאָר קיין עקסטרעמע וועגען נישט אָננעהמען! —

— און ווי איז אייער מיינונג. פּאַרדאָן, איך מיין הלילה נישט אייך צו בעליידיגען, וועגען פרייע ליעבע?

אַלע האָבען אויפמערקזאַם און מיט נײַגירדע געקוקט אויף אַנגאַ'ן, וועלכע האָט שווער אָבגעזיפצט און געענטפערט:

— איך? ווי אַ מלאך פון נקמה מיט דעם ריכטער-שווערד אין דער האַנד! איך האָב צופיעל געגריבעלט און בין שוין אין דעם גוט געפּראַק-טיקירט! איך האַלט די רייפע ליעבע פאַר די סאַמע ווענינסטע פרייע! — ביי מיר קומט אויס, אַז אמת'ע ליעבע שטעהט אין פערהעלטניס צו אונפרייהייט אַזוי נאָהנט, אַזוי דאָס איינס מוז אין דאָס אַנדערע פערלאָרען געהן! — — אין אונזערע צייטען מיינט מען מיט דעם שטרעבען נאָך פרייע ליעבע נישט מעהר ווי אַ פרייעס אויסלעבען פונ'ם — — — נון— — — איך זאָג נישט זעהר גערן אַזאַ אויסדרוק!

— דאָס געהט נישט ביי אונז! ביי אונז איז וואָס אויף דער לונג זאָס אויף דער צונג! —

— איך מיין צו זאָגען די טהיערישע ליידענשאַפט, די פּראָסטע תאוה פון אַ בשר ודם, וועלכע זי קאָנצענטרירט זיך אויף איין פּערזאָן קאָן מען מיט דער דאָזיגער פּערזאָן חתונה האָבען! —

— איז אַ סך ליעבען קאָן מען נישט? —

— אין איין צייט, אודאי נישט!

— אָבער איינס נאָך דעם אַנדערען?

— יאָ! איך מיין, ליעבע איז נישט נאָר קערפּערליכע פערר-איינינונג! —

— דאָך?

— אַזוי. עס קאָן זײַן, אַז דאָס געהערט זיך אָן מיט טעמפּעראַמענט! פאַר מיר נישט!

— איהר זײַט אַ זאַטע פרוי, איהר האָט אײַער קינד! —

— געוויס! אָבער איך בין געזונד און נאָרמאַל! גלויבט איהר, מײַנע דאַמען, אַז אַ געזונדע פרוי, וואָס האָט אַ נאָרמאַלען צושטאַנד און פערשטעהט שטאַרק צו ליעבען איז נאָך אַ קינד שוין זאַט? — —

אַלע האָבען געשוויגען.

— איהר האָט אײַער קינד אַלס בלויז־אָבלײַטער, — האָט זיך די דאָקטאָרין אָבגערופען! —

— אַ בלויז־אָבלײַטער? „אײַן" קינד פאַר די עראָטיק? ליעבעס פרײַלײַן דאָקטאָר, מוטער און קינד זענען אײנס! און די דאָזיגע סאָרט ליעבע קאָן קײנמאָל נישט פון קינד אָבגעלײַטעט ווערען! — —

— אָבער דאָס זײַט איהר דאָך מודה, אַז מען קאָן ליעבען אײנעם נאָך דעם אַנדערען! און ווי איז, אַז מען האָט שוין התונה געהאַט? וואָלט איהר געוואָלט, אַז מען זאָל דאָס גט'ן־זיך אַביסעל פערלײַכטערן?

— ויען עס זענען שוין פאַרהאַן קינדער, וואָלט איך געוויס געוואָלט מען זאָל עס ווי ווײַט עס איז נאָר מעגליך מאַכען שווערער, און ויען אפילו קײן קינדער זאָלען נישט זײַן, דאַרף מען עס אויך נישט צו פיעל פערלײַכטערן, עס איז דאָך דאָ געוויסע פליכט־געפיהלען?! און מיר קומט אויס, אַז מען מאַכט דאָס שוין לײַכט גענוג, אפשר שוין צו לײַכט?

— ווי איז אָבער דער דין, אַז מען קאָן זיך נישט אַזוי האַלטען אין צוים און מען איז נישט אַזוי נאָרמאַל געזונד? און קײן מאַן ווער עס זאָל בעפריעדיגען האָט מען נישט אָדער מען האָט איבערהויפּט קײנעם נישט און די נאַטור פערלאַנגט דאָס איהריגע, פאָדערט איהר רעכט? —

אַ נ נ אַ האָט געקוועטשט מיט די פּלײצעס און נאָך אַ קורצעם שווײַגען געזאָגט:

— יאָ, אויף די פּאַטאָלאָגישע פרויען האָב איך רחמנות! אויף די אַנדערע אָבער, אויף די לײַכטזיניגע מײדלעך מיט די פוסטע קעפּ — אָסור לרחם!

— איהר זײַט זעהר שטרענג און אַ רעכט ביסעל רעאַקציאָנעריש געשטימט! — האָט זיך די מאַלערין אָבגערופען.

— מיר דאַכט, אַז עס איז נישט אַזוי ווי איהר מײנט.

די נעסט, זײַענדיג שוין מיעד און אָנגעשטרענגט פונ'ם וכוח און אַ רעכט ביסעל אויסגעהונגערט האָבען געלאָזען זײַער דיסקוסיע נישט פערענדיגט און זיך געזעצט בײַם טיש, וואו זײ האָבען מיט גרוים אַפּעטיט געגעסען און געטרונקען. ערשט, אַז מען האָט שוין אַ ביסעל געשטילט דעם הונגער האָט מען זיך פון דאָס נײַ גענומען צום נישט פערענדיגטען וכוח.

— ליעבעס פרײַלײַן, — האָט זיך די מאַלערין ווידער גענומען פרעגען, — מיר האָבען פאַר דעם גערעדט וועגען דעם טיטעל „פרוי". עס ווילט זיך אונז אַרײַנקומען אין רײַכסטאַג מיט אַ נײַער אינטערפּעלאַציע. ווי איז אײַער מײנונג אַלס פּראַקטיקירטע פרוי וועגען דעם? —

— איך פערשטעה אײַך נאָך נישט ריכטיג!

— אַזוי, איהר פערשטעהט נישט? נו, לאָמיר זאָגען, ווען אַ מײדעל האָט אַ קינד געבאָרען און איז אימשטאַנד איהר קינד אויפ'ן עהרליכען אופן צו דערנעהרען און צו ערציהען, זאָל זי קאָנען בעקומען דעם טיטעל פרוי! שטימט איהר דערויף אײַן?

— פון גאַנצען האַרצען, מײַנע דאַמען! אַזאַ געזעץ וואָלט זײַן זעהר הומאַניש און אַ גליק פאַר'ן לאַנד! איך האַלט, אַז דער קאַמפּף פאַר די עקסיסטענץ פאַר זיך און מײַן קינד איז אַזוי מורא'דיג שווער און פעראַנטוואָרטליך, דאָס איך בין איבערצײַגט, אַז דער דאָזיגער קאַמפּף אַלײן איז שוין גענוג צו שיצען געגען די אונזיטליכקײַט און איהר זיך נישט לאָזען פערמעהרען; פון דער אַנדערער זײַט ווידער וועט דער טיטעל „פרוי" אַ סך פערלײַכטערן דער פרײַלײַן מוטער דאָס שווערע לעבען.

— און וואָס האַלט איהר פון דער פראַגע וועגען פינדעל-הײַזער?

— איך בין די גרעסטע געגנערין! — האָט אַ נ נ אַ זיך אָבגערופען ענערגיש, — זײ פערמעהרען די אונזיטליכקײַט, שוואַכען אָב די געפיהלען פון מוטער- און קינדערליעבע, נעהמען צו דאָס עמפּפינדען פון פעראַנטוואָרטליכקײַט און ברענגען צו יענע מאַסען-ערציעהונגען, וואָס זײַערע שלעכטע רעזולטאַטען זעהען מיר זעהר אָפט אין די קאַדעטען-יתומים-הײַזער, אין פענסיאָנאַטען א. אַ. וו.

— מיר שטעהען אָבער אַלע אויף אַ גאַנץ אַנדערן שטאַנד-פונקט! די פינדעל-הײַזער פערהיטען פון פערברעכען און קינדעס-מאָרד!

— גלויבט איהר אַזוי? איך לײקען עס אָבער אָב. איך האָב געהערט פון רוסלאַנד, פראַנקרײַך און איטאַליען, וואו עס זענען שוין פון הונדערטער יאָהרען פאַרהאַן אַזעלכע אינסטיטוטען, אַז זאָלכע האָבען נאָך

אויף אײין האָר נישט פערבעסערט די לאַגע און די זיטליכקײט פאַלט דאָרטען פון טאָג צו טאָג און דער קינדער־מאָרד װערט דאָרט נישט װעניגער נאָר אדרבא — אַלץ מעהר און מעהר.

נײַע פראַגען זענען אַרױפגעשװאומען איבער װעלכע די געסט האָבען װידער דיסקוטירט. אַז אַננאַ האָט זיך אױפגעהױבען און געװאָלט פאָהרען אין טעאַטער האָבען די געסט געמאַכט אַנ' אומצופרידענע מינע, קענטיג, אַז אַננאַ'ס מײנונגען װעגען די פערשידענע פראַגען װאָס זענען דאָ בעהאַנדעלט געװאָרען האָט אױף זײ אַ זעהר גוטען אײנדרוק געמאַכט, חאָטש על פּי רוב האָבען זײ נישט געשטימט מיט זײערע מײנונגען. אַננאַ װעלכע האָט אָבער נישט געװאָלט קומען צו שפּעט אין טעאַטער האָט זיך צו זײ מיט אַ שמײכעלדיגע מינע געװענדעט און געזאָגט:

— מיר שײנט, אַז איהר האָט מיר הײנט, אַזױ װי איך האָב דאָס אומגליק געהאַט צו געבאָרען נישט קײן כשר'ן קינד, רעכט היבש אינטערװירט? איהר מײנע דאַמען, זײט די טהעאָרעטישע פאָרקעמפּפערינען פון דער פרויען־פראַגע! לאָזט זיך פון מיר װאָרנען! איך האָב דאָס פראַקטיקירט, און זיך אַלײן ערפאַהרען. װען איהר מײנט װירקליך די טובה פון אונזער געשלעכט, זאָלט איהר װאָרנען אונזערע נאָך נישט פראַקטישע שװעסטערן, זײ זאָלען זיך נישט לאָזען פערפיהרען פון פראַזענדיגע שלאַגװערטער, נישט לאָזען זיך אַרײנציהען אין רעװאָלוציאָנירענדיגע פרינציפּען, װאָס ערװעקען בלױז שעדליכע לײדענשאַפטען! נאָר האַלטען קאָפּ און נישט פערליערען דעם פערשטאַנד, זײן קלוג און קענען איבער די אײגענע חושים הערשען, נאָר דאָס קאָן אונז ראַטעװען! —

אַז זי האָט דעם דאָזיגען מאָראַל־פּרעדיגט געענדיגט און גענומען איהר זשאַקעט אָנטהון האָבען איהר די איבריגע דאַמען גערן געהאָלפען און האָבען זיך מיט איהר הערצליך געזעגענט. — זי איז זיך געגאַנגען ערנסט און טיעף נאָכדענקענדיג איהר װעג און האָט די איבריגע געסט געלאָזען װי עלענד און פעריתום'ט.

— איך האָב זיך מיר איהר גאָר אַנדערש געהאַט פאָרגעשטעלט, — האָט די מאַלערין ענדליך געזאָגט, אָבער היבש איז זי, דאָס קאָן מען איהר נישט אַװעקנעהמען. אָבער צו אונזער אַגיטאַציע קאָנען מיר דײן פרײַליין מוטער נישט געברױכען. זי מיט איהרע ערפאַהרונג קאָן אונז נאָר קאַליע מאַכען, — האָט זיך װידער דאָס פרײַליין דאָקטאָר אָבגערופען צאָרניג און ענטטױשט, — װיליע האָט איהר נישט געהאַט װאָס אָבצושלאָגען — — — מען קאָן איהר בשום אופן נישט פּאַקען, און דערצו איז זי נאָך

אַזוֹי ווײַבֶּערִישׁ און — — — — אַלֶע הֶערְרֶען זֶענֶען פּשוט ווִילד גֶעווֶעזֶען ! גִיט אָקאָרשׁט אַכטונג, זִי וועֶט נאָך גֶעפִינֶען אַ גוטֶען מאַנסבִּיל, וואָס וועֶט מִיט אִיהר חתונה האָבֶּען און מִיר ווֶעלֶען בּלײַבֶּען מִיט אוּנזֶערֶע כּשרֶע צניעות זִיצֶען בּיז׳ן גרוֹיעֶן צאָפּ ! עֶס אִיז פּראָסט צוּם משוגע ווערֶען ! — —

# עלפטעס קאַפּיטעל.

דעֶר קאָנקוּר׳ס פון בּ ל וּ מ ׳ ס קוּנסט־אִינסטִיטוּט האָט אִין בּעֶרלִין אַ זעֶהר גרויסעֶן אויפזעֶהעֶן געֶמאַכט. אַלֶע האָבֶּען זִיך ווִי בּעֶשׁווֹאָרעֶן גֶעגֶען דעֶם אוּמגלִיקלִיכֶען מענשֶׁען. עֶר האָט זײַן געֶשֶׁעפט נִישׁט געֶקאָנט מעֶהר האַלטֶען און דאָס צוּזאַמעֶנפאַלעֶן פון זײַן גרִינדוּנג אָן ווֶעלכֶער עֶר האָט זײַן גאַנץ לעֶבֶּען און שטרעֶבֶּען געֶקנִיפּט האָט עֶר נִישׁט געֶקאָנט אַרִיבּעֶרטראָגעֶן. אִין דעֶם טאָג פון קראַך, ווען זײַן געֶשֶׁעפט אִיז שוין געֶוועֶן אִין גאַנצֶען רוּאִינִירט, עֶר אַלײן אַלס בּאַנקראָט עֶרקלעֶרט, האָט מען אִיהם געֶפוּנעֶן אַ דעֶרשׁאָסעֶנעֶם בּײַ זײַן שרײַבּ־טִישׁ זִיצֶען. דאָס געֶרִיכט האָט אִיבּעֶרגעֶנוּמעֶן דִי השגחה אויף זײַנע צווײ אוּנמינדִיגעֶ זִיהן, כּדי צוּ ראַטעֶווען וואָס עֶס אִיז נאָך מעֶגלִיך געֶוועֶן. — אַ נ נ אַ זאַ נ ד עֶ ר ס און העֶרר בּ ר וּ ן האָבֶּען געֶאַרבּײַט מִיט דִי לעֶצטעֶ כּחות דאָס צוּם פאַלעֶן גרײַטע הויז נאָך צוּ האַלטעֶן, זײַער שוועֶרע מִיה אִיז אָבּעֶר געֶוועֶן אוּמזִיסט.

פון עֶרשטעֶן, דעֶצעֶמבּעֶר האָט אַ נ נ אַ ווִידעֶר שוין נִישׁט געֶהאַט קײן שטעֶלֶע. זִי אִיז געֶקוּמעֶן אַהײם אַ צעֶבּראָכעֶנעֶ און קוים וואָס זִי האָט זִיך געֶהאַלטעֶן אויף דִי פִיס. דאָס אוּמגלִיק אִין דִי שרעֶקלִיכֶע עֶנדעֶ פון אִיהר פּרִינצִיפּאַל האָט אִיהר אַזוֹי שטאַרק געֶרִיהרט, אַז זִי אִיז געֶוועֶן אויסעֶר זִיך און נִישׁט געֶוואוּסט וואָס מִיט אִיהר טהוּט זִיך. — ווִידעֶר אִיז זִי געֶזעֶסעֶן מִיט אַ בּלײַפעֶדעֶר, קאָנטאָ־בּוּך און צעֶטלעֶן אַ פעֶרזאָרגטעֶ בּײַ אִיהר אִין צִימעֶר און געֶרעֶכֶענט. אִיהר לאַגע אִיז אַודאי געֶוועֶזֶען אַ בּעֶסעֶרע ווִי פאַר צווײ יאָהרעֶן. שׁ נ עֶ ו ו ִ נ ד ׳ ס הויז אִיז פאַר אִיהר און פאַר אִיהר קִינד געֶוואָרעֶן אַ׳אמת׳עֶ הײם. טרײַעֶ און אִיבּעֶרגעֶגעֶבּעֶנעֶ גוּטעֶ פרײַנד זעֶנעֶן שטעֶנדִיג געֶוועֶן אַרוּם אִיהר און האָבּעֶן אִיהר געֶדִיענט טִיט וואָס זײַ האָבּעֶן נאָר געֶקעֶנט. — פאַר אָטטאָ׳ס עֶרצִיהוּנג האָט זִי נִישׁט געֶדאַרפט זאָרגעֶן, ווען זִי זאָל אַפִילוּ בּעֶקוּמעֶן אַ נײַע שטעֶלעֶ, וואו זִי ווֶעט דאַרפעֶן זײַן דעֶם גאַנצעֶן טאָג. אִין דִי צווײ און צוואַנצִיג חדשים, וואָס זִי אִיז געֶוועֶן בּײַ בּ ל וּ מ ׳ עֶ ן אִין קוּנסט־אִינסטִיטוּט האָט זִי אָבּגעֶשפּאָרט אַ היבּשעֶ

סומע. אַ דאַנק איהר נישט מיעדוועריגע פלײסיגקײט און איהר טאַלענט האָט זי פערדיענט דורכשניט יעדען מאָנאַט שוין אַרײַנרעכנענדיג די שלעכטע צײַט צװײ הונדערט און צװאַנציג מאַרק. פרוי בערטהאַ האָט אינגאַנצען בעקומען 2640 מאַרק פענסיאָן-געלד. די גאַרדעראָבע פאַר זיך און פאַר איהר קינד, די רײַזע אויף אַ זומער-װאָהנונג און אַזוי זײַטיגע אויסגאַבען האָבען בעטראָפען אונגעפעהר 800 מאַרק. איז איהר נאָך געבליעבען מזומן געלד 1400 מאַרק, דערצו קומען נאָך צו די 1127 מאַרק פון פריהער! אַננאַ האָט לײַבט אויפגעאָטהעמט. זי האָט אַ סומע פון 2600 מאַרק מזומן געלד אין שפּאָרקאַסע און אין דער הײם אַ קלײנע סומע פאַר די קינפטיגע װאָך. אויף יעדען אופן האָט זי מעהר װי אַנ'אַנדערער פאַמיליענפאָטער, װאָס דאַרף זוכען אַ נײַע שטעלע. די רעקאָמענדאַציעס, װאָס זי האָט בעקומען פון בלומ'ס געשעפט און ברונ'ס פערזענליכע בעקאַנטשאַפט װעלען איהר אויך װײַטער העלפען. — מען דאַרף נאָר נישט זײַן אַראָבגעפאַלען, — האָט זי זיך גופא אונטערגעגעבען קוראַזש, — נאָר װײַטער קעמפּפען — — — — — און דאָך! — — — — —

זי האָט געקוקט מיט שטאַרעע אויגען גלײַך אין דער װעלט אַרײַן. אַננאַ האָט זיך געפיהלט אַזוי שטאַרק מיעד און בעדריקט, אַז מען קאָן עס גאָרנישט בעשרײַבען. סוף כל סוף איז זי נאָך יונג. נאָך שעהנע עטליכע יאָהר װעט דויערן ביז דאָס קינד װעט שוין זײַן אַ דערװאַקסענער. זאָל זי שטענדיג אַזוי װי אַנ'עזעל אַרבײַטען פאַר דאָס טעגליכע לעבען? שטענדיג לעבען בײַ פרעמדע מענשען, און קײנמאָל נישט װיסען פון דעם גליק צו האָבען אַנ'אײגענע הײם? שטענדיג איבערלאָזען די ערציהונג פון איהר זוהן פאַר די פאַמיליע שנעװינד, װערען אַ פרעמדע צו איהר אײגענעם קינד? — אַלײן זײַן! אַלײן װי אַ װיאָרסט אויפ'ן מיטען װעג, דען װי פרײַנדליך די פאַמיליע שנעװינד איז צו איהר און צו איהר קינד זענען זײ דאָך אָבער פאָרט פרעמדע! — זי האָט שװער אָבגעזיפצט. — די שטאַרקע בעקאַנטשאַפט נאָך אַנ'אײגענער הײם, נאָך אַ מאַן װעלכער זאָל מיט איהר חאַראַקטער שטימען איז װידער אין איהר האַרץ אַרײַנגעקראָכען. זי האָט געדענקט נאָך די פערשטאָרבענע עלטערן, נאָך טהערעזע פון דראָס, — — — — נאָך אָטטאָ פון קאַנטהאַגען — — — —

אַח דערבאַרמדיגער. גאָט, — האָט זי אויסגעשריען און האָט זיך געריבען דעם שטערן. װאָס האָט זי דאָ געטהון? האָט זי די לעבעדיגע צו די טױדטע געװאָרפען? איז שוין דער מאַן, װעלכען זי האָט אַזוי שטאַרק געליעבט און פון װעלכען זי האָט אַזוי שװער געליטען — בײַ איהר אין האַרץ

גלײַך צו יענע פערשטאָרבענע ? איז די בענקשאַפט נאָך דעם פאָטער פון איהר קינד צו פערגלײַכען מיט דער בענקשאַפט צו די, וואָס האָבען איהר אַזוי פיעל גוטס געטהון און ווי זי קאָן שוין מעהר יענע קײנמאָל ניט זעהן אַזוי וועט זי אויך איהם שוין קײנמאָל, קײנמאָל אין איהר גאַנץ לעבען מעהר נישט זעהן ?! — — — זי האָט זיך דערשראָקען פאַר דעם דאָזיגען געדאַנק און האָט אָנגעהויבען נאָך־קלערען. אַ געפיהל פון רחמנות האָט זיך אין איהר האַרץ דערוועקט אויף דעם אומגליקליכען פאָטער פון די צוויי קראַנקע טעכטער, וואָס ווייסט נישט דאָס גליקליכסטע געפיהל פון פריער איבער אַ געזונד, שעהן און געראָטען קינד. די דאַמאָלסדיגע גוטע פרײַנד, די קרובים איהרע איז זי אין געדאַנקען פאַרבײַ געגאַנגען. זײַ פעהלען איהר הײַנט ; אָבער דאָס דאָזיגע פעהלען האָט בײַ איהר נישט ערוועקט קײן בענקשאַפט, קײן ווײַבען טרויער ! און ווידער האָט זי געטראַכט וועגען אָטטאָ׳ן — — — — — — עס האָבען זיך איהר געוויזען טרעהרען אין די אויגען, זי האָט אַ שמערץ עמפפינדען — — — — אַלעס ; אָבער דאָס איז געוועזען אַזוי אָבגעטעמפט, אַזוי שטום־טרויעריג אין איהר ווי בײַ די געדאַנקען וועגען אַ פערשטאָרבענעם.

אַננאַ איז אויפגעשפרונגען. זי האָט געמוזט פון איהרע געדאַנקען אַנטלויפען. האַסטיג, איבערראַשט, אונאײַניג מיט זיך גופא, צעטומעלט דורך איהרע נײַ אויפגעוואַכטע געפיהלען איז זי האַסטיג אַרײַן אין דאָס וואָהן־צימער. דאָרטען האָט זי געפונען בערטהאַ׳ן זיצענדיג מיט אַ שטריק־אַרבײַט אין דער האַנד און גיט אַכטונג ווי איהר שטיף־זוהן מאַכט זײַנע לעקציעס פאַר די שוהל און איהר קלײנער אָטטאָ איז זיך געזעסען בײַ זײַן קינדער־טישעל און געמײַסטערעוועט און געבויט מיט זײַנע שפיעל־קלעצלעך. אין דעם דערבײַאיגען זאַל איז געזעסען הערר שנעווינד און קאָרעזשירט די העפטען פון זײַנע שילער. — ער איז איבער׳ן פולט אַריבער־געבויגען אײַנגעהילט אין אַ וואָלקען פון רויך, וואָס ער האָט פון מויל אַרויסגעלאָזען. דאָס איז געוועזען אַ בילד פון שלום בית און שטילער צו־פריעדענהײַט. אַננאַ האָט געפיהלט, אַז אַ שמערצהאַפטע קנאה שטײַגט אין איהר האַרץ אויף, אַ צונג פון ביטערקײַט איז איבער איהר געזיכט אַריבער. די פאַמיליע שנעווינד האָבען איהר פרײַנדליך בעגריסט און גוטמיטיג מיט דעם קאָפּ איהר צוגעשאָקעלט, גערעדט האָט אָבער קײנער נישט, כּדי נישט צו שטערען דעם פאָטער פון זײַן אַרבײַט. שווײַגענדיג האָט אַננאַ אַרויסגענומען אַ באַנד געטהע פון ביכער־שראַנק און זיך געזעצט לעזען,

אָבער אָטטאָ איז אַרײַנגעקומען אויף די שפּיץ פינגער און זײַן מוטער בײַ די קניע אָנגענומען און גאַנץ שטיל געזאָגט:

— ביטע מאַמאַ! —

זי האָט איהם אויפגעהויבען און איהם געקושט זײַנע לאָקען. — ווידער האָבען איהר אָנגעהויבען די טרויעריגע געדאַנקען צו טאָטשען ווי אַ וואָרם בײַ'ם האַרץ. — בין איך דען אַן אַלמנה, אָדער וואָס טהוט זיך דאָ מיט מיר? פאַר וואָס פיהל איך אַזאַ בושה, אַזאַ שרעק, אַזעלכע מאָרנע טרויעריגע געפיהלען, ווען איך טראַכט פון אָטטאָ'ן? — דאָס האָט געדאַרפט זיך דערוויסען יוליע באָרמער, יאָס יאָלט זי דערצו געזאָגט?! — — — — איך קאָן שוין אַפילו מעהר נישט ליעבען, אָט אַזוי האָט מיר די מלחמה פאַר'ן לעבען צעבראָכען! — —

די דאָזיגע געדאַנקען האָבען איהר געמאַטערט אַ גאַנצע נאַכט און איהר נישט געלאָזט אײַנשלאָפען, האָבען איהר פערפאָלגט אויך אויף מאָרגענדיגען טאָג, וועלכען זי האָט פערווענדעט אויף זוכען אַ נײַע שטעלע, כדי זי זאָל צום ערשטען יאַנואַר שוין זײַן אַ פערזאָרגטע. — דאָס וועטער איז שעהן געוואָרען, קאַלט און קלאָר. האָט זי גענומען איהר קלײנעם זוהן בײַ דער האַנד, זיך מיט איהם פאַר מיטאָג אַ ביסעל דורך צו שפּאַצירען אין די שעהנע נײַע געגענד, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט אַרום דעם זאָאָלאָגישען גאָרטען און דעם קײזער־ווילהעלם דענקמאַלס־קירך ביז צו שאַרלאָטענבורג. נאָך אַ היבשען שפּאַציר איז דער קלײנער אָטטאָ געוואָרען מיעד און אומגעדולדיג. כדי איהם צו בערוהיגען דאַט זי איהם פערשפּראָכען צו געבען שאָקאָלאַדע און קאַרמעלקעס, אַז זײ וועלען אַהײם קומען. אַז זײ זענען פאַרבײַ אַ קאָנפיטור געשעפט פאַרבײַגעגאַנגען, וואו אין שויפענסטער זענען צוליעב דעם קומענדיגען ווײַהנאַכטען שוין געווען אויסגעשטעלט פערשיעדענע סאָרטען שאָקאָלאַדע אין פערשיעדענע פאָרמען און פיגורען האָט דער קלײנער, שלײער אָטטאָ זיך אָבגעשטעלט און נישט געוואָלט אַוועקגעהן. ער האָט די מוטער אײנפאַך מיט גיוואַלד צום שויפענסטער צוגעצויגען. האָסט מיר פערשפּראָכען מוזט דו האַלטען וואָרט, — האָט ער איהר מיט אַ לײַכטען פאָרוואורף געזאָגט און זי האָט געמוזט מיט איהם אַרײַנגעהן אין דעם וואַרעמען, עלעגאַנט געפּוצטען קאָנפיטור געשעפט. הינטער אַ פאָרהאַנג האָט זיך עפּיס גערירט און באַלד דערויף איז אַרײַנגעקומען די פערקויפערין. זי איז געווען אין מיעפע טרויער־קלײדער אָנגעטהון און האָט געהאַט אַ געשוואָלען געזיכט פון וויינען. — אננאַ האָט מיט גרויס רחמנות און מיטגעפיהל געפרעגט נאָך וואָס זי

טרויערט און האָט זיך מיט איהר אַרײַנגעלאָזען אין אַ לענגערן שמועס. דער־ווײַל האָט זיך דער קלײַנער בעקוקט די אוצרות פון שאָקאָלאַד און אַנדערע קאָנפיטורען וואָס זענען הינטער די שויבען געווען אויסגעשטעלט. די שוין אַלטליכע דאַמע האָט זיך מיט איהר מוטער פון דעם דאָזיגען געשעפט אַנשטענדיג דערנעהרט. נון האָט זי נעכטען געבראַכט צו דער קבורה די געליעבטע אַלטע און הײַנט האָט מען איהר ווידער טעלעגראַפיש גערופען צו איהרע אַ שוועגערין, וואָס איז פלוצלונג געפעהרליך קראַנק געוואָרען, און עס איז שוין גאָר קײַן האָפנונג נישט זי זאָל געזונד ווערען. איהר ברו־דער און זײַנע קינדער זענען איצט אויף איהר אָנגעוויזען! וואָס זאָל זי אָנהויבען צו טהון? ווי קאָן זי באַלד אויף דער מינוט געפינען אַ שטעל־פערטרעטערין אָדער גאָר אײנע וואָס זאָל דאָס געשעפט אָבקויפען?

— זעלבסטשטענדיגקײַט! צוטרעטען ענערגיש! — האָט עפּיס אַ שטימע אינוועניג בײַ אַננאַ'ן אויסגעשריען. און זי האָט מיט קורצע ווערטער ערקלערט וואָס זי מײַנט צו טהון און האָט זיך אָנגעבאָטען איבערצונעהמען דאָס געשעפט. זי האָט פון זיך אין פון אָטמאָ דעם פאַלטאָ אַראָבגענומען, האָט איהם געגעבען אַ שפּיעלצײַג אין האָט איהם, וואָס איז שטענדיג גע־וואוינט געווען זיך צו שפּיעלען אײנער אַלײן, געשטעלט בײַ די רעקלאַמיסטישע בילדער און די זילבער־פּאַפּיערענע פלאַקאַטען. זי גופא איז געזעסען מיט דער פרעמדער בײַם טיש וואָס איז דאָרט געשטאַנען און איז דורך דעם פאָר־האַנג פון דעם פענסטער אָבגעטײַלט געווען. בײדע האָבען זיך איבער די ביכער אַריבערגעבויגען, וועלכע די ביזהעריגע אײגענטימערין האָט ביז יעצט זעהר פונקטליך און אַקוראַט געפיהרט. זי האָט אַננאַ'ן ערקלערט דאָס ווענען פון געשעפט, ווי מען דאַרף זיך בעגעהן מיט רײַזענדער, פאַבריקאַנטען און קונדשאַפט. זי האָט אַננאַ'ן איבערגעגעבען אײניגע פּראַקטישע כללים, ווי זי זאָל זיך אויפפיהרען, האָט איהר געוויזען די סחורות פון פערשיעדענע סאָרטען און אין קורצען איהר ווי ווײַט מעגליך בעקאַנט געמאַכט מיט דעם געשעפט. אַננאַ האָט אַלץ אונגלויבליך שנעל בעגריפען, האָט זיך געמאַכט אײניגע נאָטיצען, האָט געפרעגט אײניגע קורצע און וויכטיגע פראַגען צו דער זאַך. — אין פערלויף פון צוויי שטונ־דען האָט זי שוין געהאַט אַ רעכטע ידיעה אין געשעפט. עס איז אָבגע־מאַכט געוואָרען, אַז זי זאָל פיהרען דאָס געשעפט ביז צום ערשטען יאַנו־אַר — ביז צום ערשטען אַפּריל אונטער דער יעצטיגער פירמע, אָבער שוין אויף איהר אײגענע ריזיקע דערנאָך זאָל עס שוין אין גאַנצען אויף איהר

איינענעם נאָמען איבערגעמאַכט ווערען. אויף נאָכמיטאָג האָבען זיי זיך אָבגערעדט צוזאַמען צו קומען בײַ דעם יוסטיץ-ראַט, וואָס איז אָטאָ'ס אַפּיטרופּוס און דאָרט זאָלען זיי זיך ביידע אָבשרײַבען און מאַכען אַ קאָנטראַקט. — אויפגערעגט פאַר שׂמחה האָבען זיך די ביידע דאַמען געזעגענט, ביידע זײַנען געווען זעהר צופריעדען און ביידע האָבען געפיהלט אַ געוויסע סימפּאַטיע איינע צו די אַנדערע. אַרויסגעהענדיג אויף דער גאַס איז אַננאַ אַ ווײַלע שטעהן געבליבען, האָט בעטראַכט די פאָרנעהמע גאַס, די שעהנע געשמאַקפולע אויסלאַגע אין דעם שוי-פענסטער און האָט אָבגעאָטהעמט טיעף און בעפריעדיגט. זי איז מיט אָטטאָ'ן אַהיים געפאָהרען, אין שוין נישט געגאַנגען צו פוס, כדי זי זאָל קומען בעצײַטענס צו מיטאָג.

די שנעווינדס זענען ערשטינס געוואָרען, ווען אַננאַ האָט זיי דערצעהלט פון איהר נײַע אונטערנעהמונג. און האָבען עס גאָרנישט געוואָלט גלויבען, און אַז אַננאַ האָט זיי פערזיכערט, אַז די זאַך איז בײַ איהר פעסט בעשלאָסען, האָבען זיי שטאַרק מורא געהאַט, אַז אַננאַ זאָל דאָ נישט אַרײַנפאַלען, מען זאָל איהר אָקאָרשט נישט בעשווינדלען; ערשט נאָך דעם, ווי אַננאַ האָט זיי מיט ציפערן בעוויזען קלאָר און דײַטליך, אַז דאָס איז אַ גוט געשעפט, האָבען זיי זיך בערוהיגט, און ווען אַננאַ האָט שפּעטער ווי אַ קליין קינד געטאַנצט פאַר פרייד, וואָס זי ווערט אַ מענש פאַר זיך און וועט שוין נישט בעדאַרפען זײַן אַ פערקויפסטע בײַ יענעם, האָבען די גוט[illegible]גע מענשען מיט איהר מיטגעטאַנצט און האָבען זיך געשעצט גליקליך, וואָס וואָהנענדיג בײַ זיי איז אַננאַ אַזוי בעגליקט געוואָרען, אַז זייער וואָהנונג איז פאַר אַננאַ'ן מזל'דיג און האָבען איהר אָנגעוואונטשען ברכות צו איהר נײַעם ווענדונג אין לעבען. — אין צוויי טעג שפּעטער איז אַננאַ אין איהר נײַעם בעריף שוין געווען גאַנץ היימיש. זי האָט זיך געפרעהט מיט איהר זעלבסט-שטענדיגקייט און די רוהיגקייט וואָס דאָ האָט געהערשט. בײַ בלום אין געשעפט האָט זי געלעבט אין אַ שטענדיגען טומעל צווישען אַ גרויסען פערסאָנאַל. דאָ איז זי אַליין די בעל הבית'טע. נישט מעהר ווי די פאַרטיער-פרוי האָט יעדען פריה-מאָרגען אויפגערוימט דאָס געוועלב. עס זענען געקומען רייזענדער פון די פאַבריקען, פון וועלכע זי האָט איהרע סחורה בעצויגען און זי האָט זיך מיט זיי בעראָכענט זעהר געשיינד גאָר ווי אַן אַלטער לאַנג-פּראַקטיצירטער קויפמאַן און זיי אָבגעפאַרטיגט. —

דעם גאַנצען טאָג האָט זי געהאַט צו טהון מיט די קונדען, וואָס

זיי עס האָבען זיך אָנגעהויבען אין דעם געגענד צו בויען נייע גאַסען און באַהן-ליניעס, איז זייער צאָהל אונגעהויער געשווינד געוואַקסען. איהר געשעפט איז דערווייל געוועזען דער איינציגער אין דער גאַנצער געגענד, פאַר קיין קאָנקורענציע האָט זי נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבען. אויף אַלץ איז געווען פעסט-געזעצטע פרייזען און די פערדיענסטען זענען געוועזען זעהר גוטע. די קונדען האָבען דערזעהענדיג אַננאַ'ן — פאַר זיי אַן אומבעקאַנטע פרוי — געפרעגט וואו עס איז די פריהערדיגע בעל הבית'טע, אַננאַ האָט געמוזט ענטפערן, ערקלערן און אַזוי ערנאָך זיך אַריינגעלאָזען מיט די קונדען אין אַ געשפרעך. איהרע קורצע אָבער דייטליכע און צוגלייך אויך פריינדליכע אַנטוואָרטען האָט שטאַרק אויסגענומען ביי די קונדען און זי האָט ביי אַלעמען געפונען גרויס בייפאַל. איהר האַלטונג, דאָס עדלע אינטעליגענטע אויסזעהן, איהר רעדען, פון וועלכען מען האָט איהרע הויכע גייסטיגע בילדונג אַרויסגעזעהן האָט אַלעמען צוגעצויגען. עס האָבען זיך אויך געפונען אַזעלכע קונדען, וואָס האָבען איהר נאָך געקענט פון פאָטאָגראַפישען אַטעליער, פון דעם פערשטאָרבענעם בלום'ס געשעפט און זיי האָבען אויסגעדריקט זייער צופריעדענהייט, וואָס זיי האָבען ווידער דאָס גליק פון איהר בעהאַנדעלט צו ווערען. — איהר טאַלענט איז איהר דאָ זעהר צוניץ געקומען. בערטהאַ האָט געמוזט נאָך אַ מוסטער, וואָס אַננאַ האָט איהר אָנגעגעבען אויסנעהען זיידענע און סאַמעטענע פאָמפּאַדורס, וועלכע זי האָט געשיקט אין געשווינד מיט פערשיעדענע פערציערונגען בעמאַלט. קיין סך איז אַפילו נישט פאַרטיג געוואָרען ביז צו וועהנאַכטען, אָבער דאָס ביסעל, וואָס בערטהאַ האָט בעוויזען צוצושטעלען האָט זי אַלס באָנבאָניערקעס מיט קאָנפעקטען און שאָקאָ-לאַד אָנגעפילט און עס צו גוטע פרייזען פערקויפט. דער וועהנאַכטס יום טוב האָט אַננאַ'ן אַזוי פיעל אַרבייט פערשאַפט, אַז בערטהאַ האָט איהר געמוזט גאַנצענע טעג צוהעלפען און די וואָך פאַר יום טוב האָבען די ביידע פרויען נישט געקאָנט פאַרטיג ווערען מיט דער אַרבייט און מען האָט געמוזט צונעהמען נאָך אַ דריטע פרוי, וואָס זאָל העלפען ביים פערקויפען און אַלע דריי האָבען געהאַט צו טהון איבער די קרעפטען. אַז אַננאַ האָט צו ענדע יאָהר צוגעשיקט די ערשטע אָבּרעכנונג צו די פריהערדיגע בעל-הבית'טע איז יענע נישט נאָר צופריעדען געוועזען נאָר איינפאַך איבער-ראַשט. אַננאַ האָט זיך געפרעהט אויף די באַלד אָנקומענדיגע שטילע צייט, ווען זי וועט קענען פערווענדען איהר רייכע פאַנטאַזיע און געשיקטע-הענד אויסצופערטיגען נייע באָנבאָניער-פאָרמען און איבעראַשונגען פאַר איהרע

קינדער אין אַ גרויסע צאָהל. זי האָט שוין יעצט בעשטעלט אין די לעדער־האָלין־און פאַפּיערגעשעפטען די שטיקער, וועלכע זיינען אָנגעפּערטיגט געוואָרען לויט איהר אָנגאַבע און איהר גוסט, און אַז די מיסטערן זיינען איהר געפעלען האָט זי געלאָזט מעהרערע מין דערפון פאַרטיג מאַכען. —

אין די קומענדיגע חדשים האָט אַננאַ'ן אויך נישט געפעהלט קיין אַרבייט. עס זיינען געקומען פון דער גאַנצער אומגעגענד און אפילו פון די ווייטערע שטעדט נייע קונדען צו קויפען די אָריגינעלע און טייערע קאָנפעקט־הילזען, טיש־דעקאָראַציאָנען און פעסטליכע געשענקע וועלכע אַננאַ האָט אַליין ערפונדען. איהר נאָמען איז געוואָרען בערימט אין דער גאַנצער אומגעגענד, ווייט און ברייט האָט מען געוואוסט פון איהר געשעפט און הונדערטער זיינען געקומען פון אַלע עקען און קאַנטען. און בערימט איז זי געוואָרען נישט אַזוי דערפאַר וואָס ביי איהר בעקומט מען די בעסטע סחורה, ווי דערפאַר וואָס אין ערגען קאָן מען נישט בעקומען אַזעלכע שעהנע בעפוצונג און פערפאַקונג, אַזעלכע פּראַכטפולע באָנבאָניערען און קאָנפעקט־הילזען, וועלכע זי האָט אַליין מיט איהר רייכע פאַנטאַזיע און אָריגינעלען געשמאַק אויסגעקליגט. אַננאַ האָט דעריבער אין די שטילסטע צייט געהאַט וואָס צו טהון און איז געשעפטליך צופריעדען געוועזען אויף'ן העכסטען אופן. יעדע פרייע מינוט, וואָס איהר איז געבליבען האָט זי בענוצט צו מאָלען איהרע שפּילען אויסצובינדען, צו גאַרנירען בענדער און בלומען אויף די קאָנטאָנס און קאָסטענס, קערב און טאַשען. דעם גאַנצען טאָג איז אַננאַ טעטיגער און פרעהליך געוועזען, נאָר אין אָבענד, ווען זי איז אַנ'אָנגעהאָרעוועטע אַהיים געפאָהרען, און דער פּריה בשעת זי איז אין געשעפט צו פוס געגאַנגען און צו מיטאָג, ווען זי האָט געגעסען די שוין אָבגעקיהלטע נישט איבריגס געשמאַקע עסען, וואָס אַ דינסטער האָט איהר פון אַ דערבייאיגען רעסטאָראַן געבראַכט, נאָר דאַמאָלס איז אויף איהר אַרויפגעפאַלען אַנ'אומעט אין זי האָט פערלאָרען דעם מוט! וואָס פאַר אַ גליק האָט זי דען פון איהר קינד? עס איז געשלאָפען ווען זי איז אין געשעפט אַוועקגעגאַנגען אין עס איז געשלאָפען ווען זי איז פון געשעפט צוריקגעקומען. נאָר איין זונטאָג נאָך מיטאָג האָט עס איהר געהערט. עס האָט ביי איהר אויפגעהערט אַלע יענע זאַכען, וואָס האָבען צום לעבען געהערט, וואָס זי איז פון קינדהייט אָן דערצו געוואוינט געוועזען. קיין וויזיטען ביי פריינד און גוטע פריינד האָט זי נישט געמאַכט. אין נישט זיי ביי איהר; מיט קיינעם קיין פערקעהר נישט געהאַט. וואו האָט זי יעצט גע־וואוסט פון גיהן אין טהעאַטער! קיין בוך, דאָס גרעסטע אַמאָליגע פער־

גנינגען איהרער, האָט זי, זי געדענקט שוין נישט די צײַט פון ווען, אין האַנד נישט אַרײַנגענומען. זײַענדיג בײַ בלום אין געשעפט איז זי שטענדיג געקומען אין בעריהרונג מיט די קינסטלער. זי האָט שטענדיג פרײַ געהאַט אַלערלײַ ליטעראַרישע און קינסטלערישע זשורנאַלען. זי האָט אָפט בעקומען געשאָנקען בילעטען צו געהן אין טעאַטער. פון פינף דעם זײַגער איז זי געוועזען פרײַ און געזעסען אין דער הײם. יעצט אָבער?? — — — — אַרבײַט, אַרבײַט און ווידער אַרבײַט! — — — — און דערבײַ מוז מען אַלעמען ווײַזען אַ פרײַנדליכע מינע, אין האַרצען מעג זײַן פינסטער און ביטער, אויפ'ן געזיכט מוז שטענדיג שוועבען אַ ליכטיגער, זיסער שמייכעל! — — — דעם גאַנצען טאָג מוז מען שטעהן און פערקויפען, ביבער פיהרען, מאָלען — — — נעהען! זי האָט אפילו קײן צײַט נישט געהאַט זיך אַ נײַעם קלײד צו מאַכען, עס אָנצופּראָבירען!

— נאָר זיך נישט אַרײַנלאָזען אין קלערען! — האָט זי צו זיך אַלײן געזאָגט! — אָבער עס קלערט זיך דאָך, די מחשבות שטײַגען נישט ווירענדיג אין קאָפּ אַרײַן און וואָס מעהר מען שטרענגט זיך אָן זײ צו פערטרײַבען דאָס מעהר און שרעקליכער ווערען זײ. טײלמאָל האָט עפּיס אָנגעהויבען זידען אין איהר. עס זענען אויפגעלעבט פון דאָס נײַ אַלטע ווינשע, נײַע האָפנונגען. דאַמאָלס פלעגט זי זיך פיהרען אַזוי יונג, אַזוי פריש, אַזוי פול מיט קראַפט, גלײַך ווי די גאַנצע וועלט וואָלט פאַר איהר אָפען געלעגען! — — — — — — — — אוי אָטטאָ? ער איז דאָ און וואָס אַ יאָהר עלטער ער ווערט קאָסט ער אַלין מעהר! וואָס איז מיט איהר? איז זי פון זינען אַראָב, קאָן אַ צובראָכענער שאַרבען האָפען נאָך אַ מאָל ווידער אַ גאַנצע כלי צו ווערען? זי? די פרײַלײן מיטער, וואָס „אַלצדינג" איז שוין הינטער איהר געלעגען! ווי קומט צו איהר אַזעלכע געדאַנקען? פון וואַנען האָט זיך דאָס צו איהר אַזאַ האָפנונגסלאָזע געמיטס־שטימונג גענומען?? — — אין די ערשטע פּאָר חדשים פון איהר נײַע בעשעפטיגונג האָט זי זיך געפיהלט זעהר צופריעדען, מען קאָן זאָגען גליקליך. שפּעטער האָט דאָס נאָכגעלאָזען און מיט דער צײַט אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען! — די אָפיצערן, די העררען, וואָס האָבען נאָר אײנמאָל בײַ איהר געקויפט זענען ווידער געקומען, עפטערער ווי פאַר דעם. זײ האָבען געקויפט קלײניגקײטען, אַבי צו געפינען אַנ' אויסרעד, בײַ איהר צו פערווײַלען. זי האָט געזעהן די בליקען מיט וועלכע מען האָט איהר בעוואונדערט, האָט געהערט די קאָמפּלימענטע מיט וועלכע מען האָט איהר בעשאָטען. זי האָט בעקומען בריעף, אײַנלאַדונגען, וועלכע זי האָט אָדער

גאָרנישט אָבגעענטפערט אָדער שאַרף אָבגעזאָגט. — — — — הײַסט עס, אז מען קוקט נישט דערויף, וואָס איהרע האָר זענען שוין אין גאַנצען ווײַס געוואָרען, וואָס זי איז שוין צווײַ און דרײַסיג יאָהר אַלט? זי איז נאָך היבש און קאָן נאָך צו זיך מאַנסבילען צוציהען? —

— טפוי, אַ נ נ אַ, שעמען מוזט דו זיך, דו קלערסט אַזוינע נעדאַנקען וואָס פּאַסען פאַר אַ גאַסען-מײדעל, — האָט זי זיך געבעזערט אויף זיך גופא. מיט דער גרעסטער אַנשטרענגונג האָט זי זיך געצוואונגען צו בערוהיגען, האָט גענומען זיך פערקלערען אין די פערגאַנגענהײַט, האָט אונטערדריקט איהרע פערלאַנגען און בעגעהרען און געאַרבײַט נאָך פלײַסיגער, נאָך ענערגישער כדי דערמיט יענע לײדענשאַפטען צו פערטויבען, צו דערשטיקען.

טײלמאָל פלעגט אַרײַנקומען ב ע ר ט ה אַ מיט די קינדער. י ו ל י ע ב אָ ר מ ע ר האָט איהר בעזוכט, פּרוי ב אָ ל פלעגט זיך אויך אַמאָל אַרײַנכאַפּען צו איהר. די ק י ה ן-ב ר אַ נ ד ט פלעגט אַמאָל אין אַנ׳ עקיפּאַזש אַמאָל אין אַ לײַכט בריטשקע׳ע קומען צו איהר צו פאָהרען, בעהאָנגען מיט בריליאַנטען. זי איז לענגסט אין איהר אײגענער קאָסטבאַרער וואָהנונג געוועזען דער אָבגאָט פון דער יונגוואַרג. די שעהנע, פּיקאַנטע און רײצענדיגע פערזאָן האָט עס גוואַלטיג געצויגען צו אַ נ נ אַ׳ן. זי האָט בײַ איהר געקויפט די טײַערסטע און די בעסטע זאַכען אין אַ גרויסער מאַסע, נאָר כדי בײַ איהר צו קענען וואָס לענגער פערבלײַבען. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דעם קינד און האָט אַ נ נ אַ ז אַ נ ד ע ר ס געפײַניגט דערמיט, וואָס זי האָט דוקא געוואָלט דערווײַזען, אַז זי און אַ נ נ אַ האָבען בײדע אַ גלײַכען מזל. זעהר אָפט פלעגט זי בענוצען אַזוינע פראַזען מיט וועלכער זי האָט געוואָלט פערטײדיגען איהר אַרט לעבען, ווי צום בײַשפּיעל: מיר בײדע מיט אונזער הײסען בלוט א. אַ. וו. — — אָדער: איהר אײנע קאָנט מיר ריכטיג מיטפיהלען און פערשטעהן! — דער סטודענט ר ו י ך איז געוואָרען אַ זשורנאַליסט און געאַרבײַט אַלס רעדאַקטאָר אין אַ נײַער צײַטונג. ער איז בײַ אַ נ נ אַ אַנ׳ אָפטער גאַסט געוועזען און געגעבען צו לעזען אַ היבשע מטבע. ד ו ו אַ ר אָ ל איז אויך בײַ איהר אָבגעזעסען שעה׳ן לאַנג. שטענדיג אַנ׳אומעטיגער, אַ נידערגעשלאָגענער און אַ צוזאַמען-געבראָכענער, ווי אײנער וואָס פאַר איהם איז שוין קײן רעטונג נישטאָ, און אַ נ נ אַ האָט שטענדיג מיטגעפיהלט מיט דעם דאָזיגען אומגליקליכען מענשען, וואָס איז בעגאַבט מיט אַזוי פיעל מעלות און גוטע מדות, וואָס טויגען אָבער אַזוי וועניג פאַר די פאַלשע, שלעכטע און פערדאָרבענע וועלט. ער האָט אָפט בײַ איהר געבאָרגט אַ גמילות

חסד, וועלכע זי האָט איהם גערן געבאָרגט און זיך פאַר איהם געשעמט.

איהר רעגעלמעסיגער בעזוכער איז געוועזען דער הויף־פאָטאָגראַף קראַפט, וועלכער האָט נישט לאַנג בעקומען דעם טיטול פּראָפעסאָר. ער האָט געוואוינט אין אַ דערבאַיאיג הויז אויפ'ן צווייטען עטאַזש אין אַ זעהר עלעגאַנטע וואוינונג. ער האָט געהאַט זעהר אַ קליינעם פערקעהר, אָבער דאָס ביסעל בעקאַנטע זיינע זענען געוועזען געקליבענע. אויף זיין הויז־ווירטשאַפט האָט אויפגעפּאַסט זיינע אַ קרובה. זיין פרוי איז איהם מיט צוויי קינדער, יונגלעך, פון דיפטעריט געשטאָרבען. עס זענען שוין באַלד פיער יאָהר אַריבער זייט זיי זענען געשטאָרבען און ער האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו טרויערן נאָך זיי. ביי יעדע געלעגענהייט האָט ער מיט אַ צעוועהטאָגט הארץ דערמאַהנט זיין „זעליגע פרוי", זיין „ליבע איינגעשלאָפענע", ווי ער פלעגט זיך שטענדיג פון איהר אויסדריקען. — אַננאַ זאַנדערס, האָט וואָס אַ טאָג אַלץ מעהר אָנגעהויבען אַכטען און שעצען דעם דאָזיגען אַלמן, וואָס קאָן זיין פרוי גאָרנישט פערגעסען. יעדען פריה־מאָרגען צעהן דעם זייגער האָט זי געזעהן, מיט וואַרעמער סימפּאַטיע, ווי דער פונפציג־יעהריגער קראַפט, שטייגט אַריין, פריש און געשיקט ווי נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, אין אַ דראָזשקע און פאָהרט צו זיין אַטעליער. יעדעס מאָל האָט ער איהר צוגעוואונקען און פריינדליך מיט דעם קאָפּ צוגעשאָקעלט. — ער האָט זיך בעקאַנט געמאַכט מיט די פאַמיליע שנעווינד און האָט דעם קליינעם אָטטאָ קענען־געלערנט. איינמאָל אַ זונטאָג האָט ער זיי אַלעמען איינגעלאַדען ביי זיך צו אַ מיטאָג. עס זענען נאָך געווען דאָרטען איניגע גוטע בעקאַנטע און נאָהנטע קרובים. מען האָט זיך אונטערהאַלטען, זיך געשפּאַרט איבער איניגע געזעלשאַפטליכע פראַגען — מען האָט זעהר גוט פערבראַכט, אַזוי גוט, אַז ביים אַוועקגעהן איז געקומען אַ שאָד געוועזען, וואָס מען געהט זיך אַזוי געשווינד פונאַנדער. אָט דאָס דאָזיגע געזעלשאַפטליכע צוזאַמענזיין ביי קראַפט אין דער שעהנער וואוינונג אָדער ביי איהם אין טעאַטער־לאָזשע האָבען זיך אָפט ווידערהאָלט. אַננאַ האָט געשפּירט, אַז אָפט קוקט ער אויף איהר מיט אַ פאָרשענדיגען בליק, און דאָס רוב ווען זי קומט אַריין אין עקסטאַזש ביים דיסקוסירען וועגען יעדער סאָציאַלער פראַגע, דאַמאָלס פלעגט זי רויט ווערען און פיהלען עפּיס אַ מין בענקשאַפט פערמישט מיט דעם געפיהל פון שעמעוודיגקייט. —

עס איז אָנגעקומען דער זומער, עס זענען געווען שטאַרקע היצען, אין געשעפט איז רעכט שטיל געוואָרען. די פאַמיליע שנעווינד איז

אַרויסגעפאָהרען אויף אַ זומער־וואָהנונג בײַ זײַנע עלטערן און האָבען דעם קלײנעם אָטטאָ׳ן אויך מיטגענומען. אַלע וועלען זיך צופאָהרען, אפילו דער אָרעמער שריפטשטעלער דוואָראַל איז אַוועקגעפאָהרען ערגיץ וואו אויף פרישע לופט. קראַפּט פלעגט שיקען גריסען פון פּאַריז, טיראָל און אַמסטערדאַם. נאָר איין אײנציגע אַננאַ איז פון אַלע איהרע בעקאַנטע צוריקגעבליבען אין די גליהענדע, שטויביגע שטאָדט. זי האָט נישט געוואַגט צו פערלאָזען דאָס געשעפט שוין באַלד אין ערשטען יאָהר, בעזונדערס, ווײַל זי האָט דאָס גאַנצע אָבגעשפּאָרטע געמוזט אויפאָפּפערן אויף די ערשטע אָבצאָהלונג, — זי האָט זיך געפיהלט עלענד, שוואַך און אומגליקליך. זי האָט שרעקליך געבענקט נאָך איהר זוהן און בײַ נאַכט האָט זי שיער נישט די אויגען אויסגעוויינט. זי פלעגט דעם בריעף־טרעגער, וואָס האָט איהר געבראַכט די פּאָסט פון בערטהאַ׳ן נערוועזיש אַנטקעגען־לויפען. און בשעת זי האָט געהאַלטען אין דער האַנד די קאַרטען אין וועלכע מען האָט איהר מיטגעטײלט, אַז איהר זוהן איז געזונד און פריש, האָט זי געקוקט שטאַר אין דער לופט, געקוקט מיט אַזאַ פערקלעמט האַרץ, מיט אַזאַ מין בענקשאַפט, וואָס שוידערט און צעטרייסעלט אַלע נערווען. עפּיס האָבען די דאָזיגע מיטטײלונגען אין איהר ערוועקט אַ פערלאַנגען נאָך עפּיס אַנ׳ אונגעוויסען געגענשטאַנד. זי האָט נישט געוואוסט, וואָס אײגענטליך בעגעהרט זי! אָבער עס האָט זיך איהר בעגעהרט, הײס בעגעהרט! אָבער וואָס? — —

אײנמאָל אַ זונטאָג, ווען זי האָט איהר געשעפט פערמאַכט, האָט זי עס דערוואַרטעט! איבערראַשט ביז דאָס איבערסטע — עפּיס ווי אַ צוטומעלטע און דאָך ערפילט מיט אַ הײסען, פּײַניגענדיגען גליק — האָט זי אין זיך די קלאָרהייט געפיהלט. זי איז ווי פערבלענדעט פון גרויס גליק געוועזען!

— קראַפּט איז נעבען איהר געשטאַנען.

— גוטען טאָג, פרײַליין אַננאַ. נו! וואָס זאָגט איהר עפּיס? — האָט ער איהר בעגריסט און יוואַרעם די האַנד געדריקט. —

— איך פרעה מיך זעהר! — האָט זי איהם אָבגעענטפערט און איז רויט געוואָרען.

— איך האָב עס נישט געקאָנט לענגער אויסהאַלטען, מײַן ליעבעס קינד, עס האָט מיך צוריקגעטריבען! אײַער בריעף, דער אײנציגער ענטפער אויף אַזוי פיעל קאַרטלעך האָט מיך פערדראָסען. דאָס איז נישט געוועזען אײַער טאָן, עפּיס אַנדערש האָט דערפון גערעדט! נאַ, אויף אַזויפיעל פערשטעה איך נאָך! איצט קומט נאָר מיט מיר! איהר זײַט

אַלײן אין שטאָרט, איך אויך! נו לאָמיר אַרויספאָהרען ערגיץ וואו אויף פרישע לופט און דאָרטען האַלטען מיטאָג. איך בין שוין דאָ זײט דרײַ שטונדען. איך האָב מיר נאָר אַביסעל אויסגערוהט פון דער רײַזע און בין הונגעריג ווי אַ וואָלף, איהר אויך, פרײַלײן אַ נ נ אַ?

— נישט איבריגס, אָבער איך געה מיט אײַך מיט! איך בענק נאָך אַ ביסעל פרײַע לופט! —

זי איז מיט איהם געגאַנגען ביז צום פּלאַץ, וואו עס שטעהען די דראָשקעס, שטיל, גליקליך און צופריעדען. —

— קײן הונד עק עהלע! זעהר קלוג פון אײַך, וואָס איהר האָט צווײ פערד אײַנגעשפּאַנט! — האָט ער צום קוטשער געזאָגט.

— יאָ, הערר עס איז דאָך זונטאָג, מוז מען דאָך די פערד אויך אַביסעל די אַרבײט פערלײַכטערן, מען קאָן דאָך נישט אײן פערד זיך לאָזען אַזוי שטאַרק אָנמאַטערן און דער אַנדערער זאָל דעם גאַנצען זונטאָג שטעהן אין שטאַל און פרעסען געלע האָבער! —

— נו גוט, גוט! האָט ער זיך אַביסעל צערעדט. מײַן קוטשער; אַך, פרײַלײן אַ נ נ אַ! ווי שעהן די זון שײַנט הײַנט! עס איז דאָך אַ פּראַכט! איך קום מיר, אין אַזאַ וועטער, נאָך אַמאָל אַזוי יונג פאָר, נישט ווי איך וואָלט דאַרפען באַלד ווערען פופציג יאָהר נאָר פופצעהן! —

אַ נ נ אַ האָט דערויף נישט געענטפערט, זי האָט איהם נאָר אָנגעקוקט און געשמײכעלט. ער האָט ווידער אויף איהר געקוקט. איהר שעהנע געשטאַלט אין דעם פּולאַר־קלײד, וואָס איז איהר אַזוי שעהן געשטאַנען, דאָס רײַצענדע געזיכט אונטער דעם גרויסען שוואַרצען פעדערהוט. ווי איז זי איהם הײַנט געפעלען! דאָך האָט ער איהר גאָרנישט געזאָגט, ער האָט איהר נאָר דערצעהלט פון זײַנע רײַזען, און זי האָט וועןן נישט וועןן אַרײַנגעוואָרפען אַ בעמערקונג. —

הינטער דער שטאָדט איז עס קיהלער געווען, די סאָסנעס און טאָפּאָלעס האָבען אין דער וואַרעמער זון געשמעקט, דאָס רעסטאָראַן איז פול געווען מיט געסט; אָבער דאָך האָבען אונזערע בעקאַנטע נאָך געפונען אַ גוטען שטילען און אַ זײַט אָבגעלעגענעם אָרט. ער האָט בעשטעלט. דער קעלנער האָט געבראַכט גוטען רהײן־ווײַן אין אַן אײַז־קובעל און האָט צווײ פולע גלעזער אײַנגעגאָסען, דערנאָך איז ער אַוועק ברענגען די שפּײַזען. קראַפּט האָט זײַן גלאָז אויפגעהויבען און צו אַ נ נ אַ'ן געזאָגט:

— לאָמיר אונזערע גלעזער אָנקלאַפּען, פרײַלײן אַ נ נ אַ, אויף קלײן אָטטאָ'ס געזונד! —

אַ נ נ אַ האָט גענומען. ווי מען האָט איהר געהייסען; אָבער איהר האַנד האָט דערביי געציטערט און טרעהרען האָבען זיך איהר אין די אויגען געשטעלט, — —

— אַזוי, — ער האָט איהר פאַר די לינקע האַנד אָנגענומען. — נון, קוקט מיר נאָר פעסט אָן, ליעבעס קינד! איך וויל אייך שטעלען אַן ערנסטע און שווערע פראַגע, דערצו וואָלט איך בעדאַרפט קענען אַריינקוקען און זעהן וואָס ביי אייך אין האַרץ טהוט זיך! אָבער נאָך וואָס זאָל איך וואַרטען? —

אַ נ נ אַ איז בלאַס געוואָרען. — —

— איך האָב אייך ליעב אַ נ נ אַ, ליעב מיט דעם גאַנצען האַרצען! איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז איך זאָל נאָכ'ן טוידט פון מיין פערשטאָרבענער פרוי קענען אַזוי שטאַרק, אַזוי האַרציג ליעבען! איך בין פון דיעזען געפיהל אין פרעמדע לענדער אַנטלאָפען; אָבער דאָס געפיהל איז מיטגעפאָהרען מיט מיר און איך קאָן זיך פון איהם נישט אויסבעהאַלטען, ווייל מיינע ליעבע איז געבויט אויף הויכאַכטונג און בעוואונדערונג. איך האָב שוין אַלץ איבערגעקלערט און איבערגעוואויגען, דעריבער קאָן איך אייך יעצט פרעגען אויב איהר ווילט ווערען מיין ליעבע פרוי? — — —

און אויב איהר וועט מיר זאָגען „יאָ", דאַמאָלס וועל איך דער גליקליכסטער אין דער וועלט זיין, גליקליך ווי אַ יונג קינד, וואָס ווייסט נישט פון קיין זאָרג און קומער. די גאַנצע וועלט וועט דאַמאָלס זיין מיינע! איך בעדאַרף צו האָבען אַ פרוי, אַ קינד, אַ נ נ אַ, זייט דעם איך האָב אייך מיט אייער אָ ט ט אָ'ן דערקענט! ווילט איהר מיר דאָס ביידע געבען? —

— איך וויל, איך וויל! — האָט אַ נ נ אַ קוים אַרויסגעשטאַמעלט און מעהר נישט געקאָנט זאָגען. ער האָט שטיל איהר געקושט אין האַנד און געזאָגט:

— איך דאַנק דיר, אַ נ נ אַ! — —

שווייגענדיג האָבען זיי אויף דאָס וואַסער געקוקט, ווי די זונען־שטראַהלען האָבען זיך אין אַלערליי קאָלירען אָבגעשפּיגעלט. דער קעלנער האָט געבראַכט די זופּ. ביידע האָבען זיי דאָס מאָל זעהר ווייניג געגעסען, זיי זענען אַזוי פול געווען מיט גליק און נחת, אַז זיי האָבען קיין אַנדער זאַך נישט געקאָנט געניסען, און אַז דער דינער האָט זיי די לעצטע שפּייזע דערלאַנגט זענען זיי זעהר צופריעדען געווען וואָס דער מיטאָג האָט זיך שוין געענדיגט און זיי וועלען נישט מעהר געשטערט ווערען אין זייער אונטערהאַלטונג. זיי האָבען זיך אפילו בעמיהט פאַר די אַנדערע

געסט פון רעסטאָראַן צו האַלטען זיך גלייכגילטיג, זיי זענען אָבער אַזוי איבערפילט געוועזן מיט פרייד, אַז זיי האָבען עס געמוזט אויך פאַר אַנדערע אַרויסווייזען און דעריבער האָט הערר קראַפט וואָס גיכער בעצאָהלט זיין רעכנונג און איז באַלד מיט אַננאַ'ן אין וואַלד אַוועק. געגאַנגען זענען זיי געאַרעמט און נישט אויסרעדענדיג אַ וואָרט ביז זיי זענען טיעף אין וואַלד אַריינגעקומען, וואו זיי זענען זיכער געוועזן, אַז קיינער הערט זיי נישט, קיינער בעלוישט זיי נישט. דאָרטען האָבען זיי זייערע ליפען מיט אַ הייסען לאַנגען קוש צוזאַמענגעקלעבט. מיט די צערטליכסטע און טרייעסטע ליעבע-ווערטער האָבען זיי זייער פערגאַנגענהייט דורכגעבלעטערט. ער האָט אויסגעדריקט זיין וואונש עס זאָל מעהר נישט דערמאָהנט ווערען וועגען איהר פערגאַנגענהייט, די ליידען וואָס זי האָט פון יענער צייט אָן דורכגעליטען האָבען איהר שוין אין גאַנצען פון איהר זינד ריין געוואַשען און איהר נשמה איז ווידער ווי ערשט געפאַלענער שנע ריין און אונבעפלעקט. מען האָט געפלוידערט פון דער צוקונפט. אַז עס האָט אָנגעהויבען דונקעל צו ווערען האָט ער איהר בעגלייט ביז צו איהר וואָהנונג און האָט זיך מיט איהר הערצליך צוזעגענט. — — עס איז ביי זיי אָבגערעדט געוואָרען, אַז דאָס געשעפט זאָל פערקויפט ווערען אויב די פריהערדיגע בעל הבית'טע וועט עס נישט וועלען צוריקנעהמען. און צוריקנעהמען האָט זי עס שוין איצט גאַנץ גיט געקאָנט, דען איהר שוועגערין איז ווידער אין גאַנצען געזונד געוואָרען, און זי האָט שוין מעהר נישט בעדאַרפט אויף ברודערס ווירטשאַפט אַכטונג געבען. און לויט, ווי עס האָט אויסגעוויזען פון איהר לעצטען בריעף, איז מעגליך, אַז זי וועט גאַר אין גיכען קענען פערנעהמען אַננאַ'ס אָרט. —

די קומענדיגע דריי וואָכען, וועלכע מען מוז לויט דעם געזעץ וואַרטען פון די פער־אָבונג ביז דער האָכצייט, זענען געוועזן פאַר אַננאַ און איהר חתן אַ צייט פון אויפרעגונג און אַנשטרענגונג. קראַפט האָט באַלד אָנגעווענדעט די נויטיגע מיטלען מיט וועלכע דער קליינער אָטטאָ זאָל געזיכערט ווערען און עס זאָל אַראָבגערוימט ווערען פון זיין צוקונפטיגע וועג אַלע הינדערניסע און ביטערקייטען, וואָס ער וועט דורך זיין נישט-כשר'ע געבורט האָבען אויסצושטעהן. די נייע געזעצען פון דעם בירגערליכען שטאַנד האָבען איהם די דאָזיגע שווערע אויפגאַבע אַ סך לייכטער געמאַכט. ער האָט אָטטאָ'ן ביי דעם נאָטאַריוס און ציוויל-בעאַמטע פאַר אַ זיהן צוגענומען און צו זיין פאַמיליע צוגעשריבען. דער שענער קליינער אָטטאָ זאַנדערס איז שוין יעצט געוואָרען אַ אָטטאָ קראַפט און

דערמיט אויפגעהערט צו זײן א ממזר אהן א טאטען, פון יעצט אן איז ער געווארען דער זוהן און יורש פון אנ'עהרנהאפטען קויפמאן. —

די פרוי בערטהא שנעווינד האט איהר גאנצע צײט פאר איהר פרײנדין געווידמעט. ווען מען האט זײ בײדען אין גאס געהענדיג געזעהן האט מען געקאנט מײנען, אז זײ זענען די גליקליכסטע כלות פון דער גאנצער וועלט, האט מען זײ געהערט רעדענדיג האט זיך געדאכט, אז דאס רעדען זײ נישט נאר דאס זינגט די אינווענינגסטע פרײד פון זײ ארויס! דעם גאנצען טאג פון בעגינען ביז שפעט אין אבענד איז בערטהא מיט איהר פרײנדין ארומגעגאנגען אין דער שטאדט די נויטיגע אײנקויפע צו מאכען. און אפשר צעהן מאל אין א שעה האט זי אנגעחאפט אננא'ן פאר'ן האנד און איהר מיט דער טיעפסטער מיטגעפיהל צו איהר הארץ צוגעדריקט און אויסגעשריען: דו ליעבער גאט, אננא'טשקע, מיר ווילט זיך פאר גרויס גליק ווי א קינד זיך פונאנדער צו לאכען אויפ'ן קול, דא אין מיטען גאס אנהויבען צו טאנצען! די אלע טעאריעס איבער אינדיווידועלע רעכטען און פרײהײטען, איבער די עהע, קינדער, פרײע ליעבע קלינגען אזוי גרויסארטיג; אבער זײ קלינגען נאר אזוי, בשעת מען אונטערהאלט זיך, אדער, אז מען דערצעהלט פון ווילד פרעמדע, און עס שײנט אלצדינג אזוי מעגליך און דורכפיהרבאר, ביז מען בעקומט אלײן מיט די אײגענע אויגען אזא פראבע־שטיק צו זעהן. — ווען עס טרעפט אזוי וואס בײ אײנעם פון דײן אײגענער פאמיליע, ר״ל א נאהנטען קרוב אדער אזוי א גוטען און געטרײען פרײנד, ווען מען האט מיטגעלעבט און מיטגעפיהלט דאס גאנצע עלענד: דונערוועטער, דו זיצט אויף א פולווערמינע, אין דו קאנסט אין א מינוט ארום צעשפרינגען אין דער לופטען אויף שטיק שטיקלעך! — דאן זעהט מען ערשט ווי די אלע לופטשלעסער פאלען צוזאמען! — —

— דו האסט רעכט! — האט זיך אננא אבגערופען און א שמערצליכער אויסדרוק האט זיך אויף איהר ערנסט געזיכט בעוויזען. —

— יעצט ווערסט דו א כשר'ע אכטבארע פרוי און קאנסט דעם קאפ צוריק אין דער הויך האלטען און אלעמען גלײך אין די אויגען קוקען ווי אלע אנדערע פרויען! — האט בערטהא וויעדער אונטערטאנצענדיג פאר שמחה געזאגט.

— איך האב מײן קאפ קײנמאל נישט געהאלטען אראבגעלאזען, און מײן קינד קײנמאל נישט בעהאלטען! — האט אננא געזאגט.

— נײן, דאס האסט דו נישט געטהון, אה דו ליעבע, ליעבע, אה

דו גרויסע! דעריבער האָבען מיר דיך אַלע טאַקי בעוואונדערט! מיין מאַן האָט עס מיר אין אָבענד, ווען דו ביזט דערביי נישט געוועזען, געזאָגט, אַז דו האָסט איהם געלערנט, דאָס מען דאַרף נאָך די זינדיגע קיין שטיינער נישט וואַרפען. דו ביזט אַ שוואַכע פריי געוועזען, האָסט אַ זינד בעגאַנגען און טראָגסט ווי אַ העלדין דיין שטראָף. ניין, ניין, ריים מיר נישט איבער אין מיטען די רעד, — האָט בערטהאַ ווייטער געזאָגט, וועהענדיג אַז אַננאַ וויל דעם מויל איפּשטהון איהר עפּיס צו ענטפערן, — מיר האָבען דיך קיינער נישט פערארטהיילט, מיר האָבען דיר פערשטאַנען! אָבער ווען מען האָט זיך צו דיר מיטפער אַביסעל צוגעקוקט, דאַמאָלס ווען דו האָסט נאָך ביי פרוי באָל געוואוינט אין שבעמעל ביי אונז, האָט מען געקענט זעהן, אַז טיעף אינעווייניג לייגסט דו שרעקליכען פיין! און אַז דו ביזט מיט דיין אָטטאָ שפּאַצירען געגאַנגען, איז אין דיין געזיכט געלעגען אַן אויסדרוק אויסגעמישט פון שטאָלץ און אַנגסט, און דאַמאָלס פלעגסט דו אַהיים קומען אַזוי נערוועזיש און אַזוי אויפגערעגט, אַז איך האָב געמוזט אַרויס פון צימער כדי איך זאָל נישט איבערבעטען אין אַ געוויין! —

— יאָ, יאָ, בערטהאַ, איך בין מודה, איך האָב אַ שווערע צייט איבערגעלעבט! איך האָב געפיהלט פאַר לייטען זיך באַהאַלטען און אינווייניג ביי זיך האָב איך מיך געפיהלט אונפריי — מיט אַ שאַנד־שטעמפּעל אָבגעשטעמפּעלט. נאָר אפשר געהער איך נישט צו די שטאַרקע גייסטער, וואָס קאָנען אַלין רוהיג איבערטראָגען, אפשר בין איך גופא נאָך אויך נישט רייף גענוג געוועזען!

— וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגען? האָט בערטהאַ געפרעגט.

אַננאַ האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט, ביידע זענען געגאַנגען שווייגענדיג איבער די בערלינער גאַסען, נאָך אַ לאַנגען שטיל־שווייגען האָט זיך אַננאַ אָבגערופען, אַ קוק טהוענדיג אויף בערטהאַ׳ן:

— אין די לעצטע צייט ווייס איך שוין גאָרנישט וואָס מיט מיר טהוט זיך און האָב פערלאָרען אַלע מיינע פּרינציפּען און וועלכע איך האָב מיר שטענדיג אַזוי פעסט געהאַלטען. אָט איז דאָ נישט לאַנג דוואָראַ ל ביי מיר געוועזען מיט אַ יונגע קינסטלערין, וואָס געהער אויך צו די „נייע גריבען״. זי האָט נישט קיין כשר׳ן קינד און איז מיט איהר גורל גאַנץ צופריעדען. זי שעצט זיך גאָר גליקליך דערמיט. זי האָט מיך בעגריסט אַלס פריינדין און ליידענסגענאָסין. מיר האָבען זיך אַריינגעלאָזט אין אַ לאַנגען וכוח, זי האָט גערעדט אַזוי גלייכגילטיג און האָט מיר געשטעלט אַזעלכע פראַגען, אַז מיר האָט אָנגעהויבען פאַר בושה די האָר אויפ׳ן קאָפּ צו

ברענגען און דערבײַ איז זי נישט געווען רײַך, זי קוועלט זיך און האָרעוועט פאַר איהר עקזיסטענץ נישט ווייניגער פאַר מיר. אַז איך האָב מיר אין אונזער שמועס אויסגעדריקט, דאָס איך קום אָב פאַר מײַן שוואַכע שטונדע איז זי געוואָרען אַנ'אויפגעקאָכטע און געשריען: — וואָס פאַר אַ שוואַכע שטונדע, וואָס רעדט איהר עפּיס נאָך אַלע נאַרישקײַטען וואָס די פערשקלאַפטע מענשען רעדען, דאָס איז נישט געווען אײַער שוואַכע שטונדע נאָר פערקעהרט אײַער שטאַרקע שטונדע אין וועלכער איהר זײַט געווען פרײַ און געהאַנדעלט נאָך אײַער אייגענעם ווילען און נישט ווי עס הײַסען אײַך פרעמדע!! און אַזוי רעדענדיג זענען זיי אַריבער דעם פאַהר־דאַם, וואו זיי האָבען געמוזט זייער געשפּרעך אויפהערען צוליעב דעם טומעל פון די פיעל פערבײַגעהענדע מענשען. שפּעטער, אַביסעל אַז עס איז שטילער געוואָרען, האָט אַננאַ ווידער איהר געשפּרעך אָנגעהויבען:

— זעה נאָר, בערטהאַ, איך האָב דאַמאָלס אָנגעהויבען צווייפלען. איך בין דאַמאָלס געווען סקעפּטיש! —

— און ביזט עס יעצט נאָך אויך? — האָט מאַדאַם שנעווינד געפרעגט.

— ניין! — האָט אַננאַ געענטפערט, — איך האָב נאָכגעקלערט אַלץ גרינדליך און ווייס שוין וואו איך בין אין דער וועלט, איצט איז מיר אַלץ קלאָר, אַלץ פערשטענדליך; נאָר איך טראַכט מיר, אַז איך געהער נישט צו די גרויסע מענשען, נאָר צו די מיטעל־מעסיגע — — —

— נו, נו, מאַך זיך נישט פאַר אַזוי קליין, דו מיט דײַנע בילדונג און טיכטיגקײַט, מיט דײַן גײַסט און ענערגיע, געהערסט צו די מיטעל־מעסיגע, טאָ צו וועמען געהערען מיר שוין?

— עס שאַדט נישט, בערטהאַ. מיטעל־מעסיג זײַן איז בײַ מיר אַ כבוד, אַנ'עהרנטיטעל, דען די בײַ־טריפען וועגען מאָראַל, וואָס יענע לײַט בײַ די „נײַע גריבען" האָבען אָנגענומען, הויבט מיר נישט אָן צו געפעלען! אַ גאַנצע נאַכט האָב איך דעריבער נאָכגעקלערט און נאָכגעגריבעלט און בין געקומען צו דעם בעשלוס: אין די מאָמענטען פון ליעבעס־לײַדענשאַפטען, פון זעלבסטפערגעסענהײַט ווערט דער מענש אויס מענש, דאַמאָלס איז ער אַ בהמה, אַ ווילדע חיה, וואָס קאָן זיך נישט בעהערשען, דאַמאָלס ערשט איז דער מענש אַ שקלאַף, פערקנעכטעט אונטער זײַנע טהירישע נײַגונגען און דעריבער האַלט איך מיר בײַ דאָס מײַניגע, אַז יענע שטונדען זענען טאַקי די שוואַכע שטונדען און די שפּראַכע האָט דעם אויסדרוק דערצו ריכטיג געטראָפען! און דאָך זענען יענע שטונדען שעהן און נאָ־

דעֶלט דורך די גוואַלדיגע גרויסקייט פון דער נאַטור, וואָס בענוצט די דאָזיגע שוואַכע שטונדען צום פאָרבּזעצונג פון דער שעֶפּפונג! און בעזונדערס גרויס זענען יענע שוואַכע שטונדען ווען מען ליעבט זיך געגענזייטיג. און מיין ליעבע פאַר אָטאָ'ס פאָטער איז אָהן אַ גרענ'ץ געוועֶ'! דאָס איז מיין איינציגע ענטשולדיגונג! — האָט זי מיט אַ פעסטע' שטימע געזאָגט.

בערטהאַ האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

— די, אַננאַ, מיר געהט דורך אַ שוידער דורך די ביינער! דיר אפשר אויך?

— אַ שוידער, פאַר וואָס? —

— נון, אַז דו זאָלסט ווערען פרוי קראַפּט, און וועסט איהם ווידער אַמאָל זעהן? ביזט דאָך אַליין מודה, אַז דיין ליעבע צו איהם איז אָהן אַ גרענעץ געוועֶן? —

אַננאַ האָט זיך פערטראַכט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט זי זיך אָבגערופען:

— איך גופא האָב שטאַרק געליטען פון דער דאָזיגער פראַגע און עדוואַרד אויך. — סוף כל סוף בין איך דאָך נישט מעהר ווי אַ מענש! איך האָף אָבער, אַז אַזאַ געלעגענהייט וועט זיך קיינמאָל נישט מאַכען און מיין טיעפע ליעבע פאַר עדוואַרד, מיינע לאַנגע ערפאַהרונגען וועלען מיר געגען איהם שיצען! — איך האָב קײנטהאַגען נישט פערגעסען ביז יעצט און וועל איהם קיינמאָל נישט פערגעסען! ער איז מיר געוועזען די זון פון מיין נאָך נישט רייפער לעבענס-פעריאָדע, איצט בין איך רייפער! היינט איז ער פאַר מיר אַ טוידטער, אמת אַ געטרײַער טוידטער, אָבער נישט מעהר. מיין ליעבע צו איהם איז געשטאָרבען, דאָס הייסט מיינע בעגעהרענדע ליעבע איז ביסלעכווייז אָבגעשטאָרבען. צוערשט האָב איך צו איהם געפיהלט אַ שנאה אין זעהר אַ קליינער מאָס, דערנאָך האָב איך איהם אָנגעהויבען פעראַכטען, יעצט בעהערשט מיר נאָר אַ געפיהל פון רחמנות. און דאָס לעצטע, דאָס רחמנות האָבען, דאָס בעדויערן האָט מיין ליעבע אין גאַנצען געטוידט! פאַר דעם מאַן, וואָס האָט זיך מיט אַ קלאָרער בעזינונג פערקויפט און איז אַפילו נישט אים שטאַנדע צו אונטערדריקען די טיראַניי פון זיין פרוי, וואָס גייסטיג שטעהט זי פאַר איהם אַ סך נידריגער — פאַר אַזאַ מאַן פיהל איך מעהר גאָרנישט!

— געלויבט איז גאָט! יאָ, איך גלויב עס, אַז מען קאָן צווייטמאָל ליעבען. און דיין חתן איז אַ פרעכטיגער מענש! ער פערדיענט דיין ליעבע און ער איז אַ מענש וואָס וועט דיר קאָנען האַלטען! —

— יאָ. דאָס וועט ער!

— און דײַן זעלבסטשטענדיקײַט?

— חתונה האָבען מיט קראַפּט איז נישט קײן שקלאַפערײַ! —

— דאָס איז ריכטיג! נײן אַננאַ, איך בין גליקליך! דו — פרוי פּראָפעסאָר קראַפּט! — דו — אַ רײַכע געאַכטעטע פרוי! נײן, דאָס איז דאָך דער אמת'ער גן עדן! — — — איך און מײַן מאַן האָבען זיך, די גאַנצע צײַט וואָס דו וואוהנסט בײַ אונז, געהאַלטען ווײַט פון געזעלשאַפט, מיר האָבען נישט געוואָלט עס זאָל עמיצער צו אונז קומען, טאָמער וועסט דו דערפון האָבען אונאַנגענעהמליכקײַטען. איצט אָבער וועלען אָנהויבען בײַ אונז קומען געסט אײנס נאָכ'ן אַנדערן, מײַן מאַן האָט אַזוי פיעל קאָלעגען, אַלע פײַנע און אָרענטליכע לײַט, און איך וועל מיט שטאָלץ פאָרשטעלען די פרוי פּראָפעסאָר קראַפּט! הוררא! — —

אַננאַ איז בלאַס געוואָרען און אויסגעשריען:

— וואָס, צוליעב מיר האָט איהר גוטע און עדלע מענשען נעלעבט אין אײנזאַמקײַט? אָה, וואָס פאַר אַ שווערע לאַסט בין איך אײך געווען! —

— נײן, אַדרבא, דו ביזט פאַר אונז אַ גליק געוועזען, דו און אַטטאָ! איך ווײס גאָרנישט ווי מיר וועלען דאָס קאָנען אויסהאַלטען אָהן אײך, דאָס גאַנצע שטיקעל גליק אונזערע איז וואָס איהר לאָזט אונז איבער דעם קלײנעם „לאָבוז“ פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס איהר וועט זיך פערווײַלען אין איטאַליען! — — נײן, נײן, מיר האָבען דיר אַ גאַנץ קלײנעם אָפּפער געבראַכט. וואָרום סוף כל סוף זענען אין אונזער קרײז נאָר בלויז פיליסטער דאָ —

— נײן, בערטהאַ! — האָט אַננאַ איהר נישט געלאָזט ענדיגען,

— איהר האָט צוליעב מיר זעהר פיעל געליטען! דו האָסט עס מיר דאָך אַלײן ערשט נישט לאַנג געזאָגט! אָה ווי זאָל איך אײך דאַנקען! —

— נאַרישקײַט, דער בעסטער דאַנק וועט זײַן, אַז דו וועסט בלײַבען אונזער פרײַנדין! —

— בערטהאַ! —

בײדע האָבען זיך וואַרעם די הענד געדריקט און מיט איבערגליקליכע בליקען אָנגעקוקט.

בײדע זענען געקומען אַהײם און אויף די טרעפּען געקלעטערט.

— ווי מײנסטו בערטהאַ? — האָט אַננאַ געפרעגט, — וועלען

דײַנע געסט נישט קוקענדיג אויף מײַן פּרויען־טיטעל, מיר פּאָרוואַרפען מײַנע פערגאַנגענהײַט ?

— זײַ נישט בעזאָרגט וועגען דעם, דײַן מאַן איז נעבען דיר און ער וועט דיר געגען אַלע אונאַנגענעהמליכקײַטען בעשיצען און די צײַט וועט אַלץ פערגעסען מאַכען! און טאָמער וועלען די לײַט אַמאָל וועלען עפּיס זיך אַרויסרעדען וועט עס הונטער דײַן רוקען זײַן, צו דײַנע אויערן וועט קײנמאָל נישט קומען!

אַזוי רעדענדיג האָט בערטהאַ אויפגעשלאָסען די ענטרע־טהיר און זײ זענען אין שטוב אַרײַנגעקומען. אַננאַ האָט טיעף אָבגעזיפצט:

— דאָס גלויב איך אויך, — האָט אַננאַ געזאָגט, — און דאָך ווי פּאָרזיכטיג, ווי שטיל דײַנע געסט וועלען וועגען מיר רעדען וועל איך דאָך דערפון וויסען, מײַנע אויערן וועלען טאַקי גאָרנישט הערען אָבער דאָס האַרץ, דאָס האַרץ וועט אַלץ הערען, צופיעל הערען. אָבער, בערטהאַ, עס איז גוט אַזוי, אַז נישט וועט עס צופיעל גליק זײַן פאַר מיר, איך וויל אָבקומען פאַר מײַנע זינד, איך מוז לײַדען, שמערצען עמפּפינדען ביז מײַנע זינד וועלען אין גאַנצען רײַן אָבגעוואַשען ווערען! — — — —

איך האָב נאָר פאַר איין זאַך מורא, צי וועט עדוואַרד שטענדיג צו מיר אַזוי גוט, אַזוי גרויסהערציג זײַן! ער זאָל נישט זײַן אײַפערזיכטיג וועגען מײַן פערגאַנגענהײַט, אָט דאָס בעאונרוהיגט מיך.

— דאָס וועט ער קײנמאָל נישט זײַן, מײַן געליעבטע אַננאַ! — האָט זיך אָבגערופען אַ טיעפע מענער־שטימע. קראַפט איז פון זאַל אַרײַנגעקומען פיהרענדיג אָטטאָ'ן פאַר'ן האַנד. ער האָט מיט דעם פרײַען רעכטען אַרומגענומען זײַן כלה און איהר פעסט צום האַרץ צוגעפּרעסט און געזאָגט:

— דו ווײסט דאָך אַננאַ מײַנע מײנונגען וועגען אונזער צוקונפט, וועגען די געגענוואַרט! — האָט קראַפט געזאָגט און אַ גליקליכער שמײכעל האָט זײַן געזיכט מיט שטראַהלען בעגאָסען. אַננאַ האָט זיך צו איהם גע־לאַשצעט און איהם זײַנע האָר געגלעט.

— דער אַלמן האָט התונה מיט דער אַלמנה, וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק ליעב! און בײַדע בענוצען די ערפאַהרונגען פון זײער ערשטען זווג צום דויערנדען גליק פון זײער צווײטען זווג! נײַן, אַננאַ, דו ווײסט, איך האָב מײַן פערשטאָרבענער פרוי טרײַ געליעבט און דאָך איז דיר נאָך קײנמאָל נישט אַרויפגעקומען אויפ'ן געדאַנקען אויף איהר אײַפערזיכטיג צו זײַן — — — —

— זי איז טויטט, — האָט אַננאַ געשעפּטשעט, — ער לעבט אָבער! ער האָט אָטטאָם העגדטעל פון זײַנע אַרויסגעלאָזען און האָט מיט זײַן לינקע האַנד איהר קינן אָנגענומען: — ער לעבט, אַננאַ, אָבער דו האָסט מיר געזאָגט, דײַנע פריהערדיגע ליעבע צו איהם איז טויטט? — —

— דאָס איז עס! —

— נון, טאָ וואָס האָב איך דאָ מורא צו האָבען? —

— דו נישט, עדוואַרד, אָבער איך און מײַן קינד! בערענק, ווען איך וועל דיר אויך שענקען קינדער? — האָט זי געפרעגט מיט אַנגסט און דאָס געזיכט האָט איהר דערבײַ ווי פײַער געגליהט.

ער האָט איהר די אַנגסטפולע אויגען געקושט און געזאָגט:

— זאָל נאָר גאָט געבען, אַז אונזער אָטטאָ זאָל נישט בלײַבען קיין בן יחיד, דערבײַ האָט ער דאָס יונגעל אויפגעהויבען אין דער הויך און געפרעגט מיט אַ טאָן פון גליקזעליגקײַט:

— ווער בין איך, אָטטאָ? —

— אַ פּאַפּאַ! — האָט דאָס יונגעל געענטפערט לאַכענדיג.

— און ווער איז דאָס? — האָט ער ווײַטער געפאָרשט.

— מאַמאַ! — האָט דאָס יונגעל געשריען און האָט בײַדען מיט זײַנע פעסטע הענדטלעך אַרומגענומען.

אַננאַ האָט פערשטאַנען דעם מײַן פון עדוואַרדס לעצטע פראַגען. זי האָט אָנגענומען זײַן האַנד און עס געקושט, דערנאָך האָט זי זיך מיט אַ גליקליכען שמײַכעל אויף די ליפּען אויסגעדרעהט צו בערטהאַ'ן. יענע איז אָבער שוין געווען אַרויסגעגאַנגען כדי זיי נישט צו שטערען אין זײַער גליק.



